# ארטור שניצלער

# דער וועג צו פרייהייט

רא̈מא̈ן



1918. ניו יא̈רק. תרע"ט

# דער וועג צו פרייהייט

איבערזעצט פון דייטש דורך

א. רעגאלסקי און י. גאַרניצקי

**אין** א נעבעלדינען פעברואר־טאָג, אויף א באהן־סטאנציע, בעת זיי האָבען ארומגעשפאצירט אהין און צוריק אויפ'ן פעראָן, ווארטענדיג אויפ'ן צוג קיין וויען, האָט נירענבערגער איהם דערצעהלט די געשיכטע פון אָט דער שוועסטער, וואָס האָט פון קינדוויז אָן געהאט אַן אומגעהויערע ליידענשאפט פאר'ן טעאטער, און שוין צו זעכצעהן יאָהר, דורכגעדרונגען מיט קינדערשען ראָמאנטיזם, איז זי בשתיקה אנטלאָפען פון דער היים. צעהן יאָהר נאָכאנאנד האָט זי געוואנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט, פון טעאטער צו טעאטער, שטענדיג אין קלענערע ראָלען באשעפטיגט, ווייל ניט איהר טאלאנט און ניט איהר שעהנקייט זיינען ניט געווען גענוג פאר איהר אויסגעוועהלטען באַרוף; די גאנצע צייט האָט זי אַלץ געהאט דיזעלבע באגייסטערונג און דיזעלבע זיכערקייט אין איהר צוקונפט, ניט קוקענדיג אויף אַלע ענטטוישונגען, וואָס זי האָט דורכגעלעבט, און אויף די צרות, וואָס זי האָט זיך אָנגעזעהן. אויף וואקאציע פלעגט זי אמאָל קומען צו די ברידער, וועלכע האָבען דעמאָלט נאָך געלעבט צוזאמען, פלעגט פארברענגען א פאָר וואָכען און אַן אנדערס מאָל נאָר געצעהלטע טעג, פלעגט דערצעהלען וועגען די קליינשטעדטעלדיגע ביהנעס, וואו זי פלעגט ארויסטרעטען, ווי דאָס וואָלטען געווען גרויסע טעאטערס, וועגען איהרע קליינע ערפאָלגען, ווי דאָס וואָלטען געווען גרויסע טריאומפען, וועגען די אָרימע קאָמעדיאנטען, מיט וועמען זי האָט געשפיעלט, ווי וועגען גרויסע קינסטלער, וועגען די קליינע אינטריגעס, וואָס פלעגען דאָרטען פאָרקומען, ווי וועגען געוואלטיגע טראַגעדיעס פון ליידענשאפט. און אָנשטאָט ביסלעכווייז צו איבערצייגען זיך, אין וואָס פאר א קלאָגעדיגער סביבה זי האָט פארבראכט איהרע טעג און איינע פון די אומגליקליכסטע, האָט זי זיך פון יאָהר צו יאָהר אַלץ מעהר פארשכור'ט אין איהרע גאָלדענע חלומות. דאָס האָט געדויערט אזוי לאנג, ביז זי איז איינמאָל א קראנקע אין אין היץ־פיבער אהיים געקומען. איצט איז זי חדשים־לאנג אפּגעלעגען אין בעט, מיט גערויטעלטע באקען, חלומ'ענדיג אין היץ וועגען גליק און רוהם, וועלכע זי האָט קיינמאָל ניט דורכגעלעבט. אויף א ווייַלע געזונט ווערענדיג, איז זי פון בעט אויפגעשטאנען און איז ווידער אוועק. דאָסמאָל האָט זי זיך אָבער שוין אין עטליכע וואָכען ארום אומגעקעהרט, אינגאנצען צובראָכען, מיט'ן שטעמפּעל פון טויט אויפ'ן שטערן. דער

ברודער איז מיט איהר אוועקגעפאהרען קיין דרום ; אין ארקאַ, אין מעראַן, צו די איטאַליענישע וואסערען. און ערשט איצט, ליי־ גענדיג אין די הרוט'דיגע גערטענער אונטער בליהענדע ביימער, אָפּ־ געפרעמדט פון דעם גוטעל, וואָס האָט זי אין מיטך פון יאָהרען באַ־ הערשט און צודוקט, האָט זי באגריפען, אַז איהר לעבען איז געווען נאָר א פּוסטער הו־הא אונטער אַן אויסגעמאָלטען הימעל, צווישען פאַפּי־ רענע ווענט, — אַז דער גאַנצער אינהאַלט פון איהר עקזיסטענץ איז געווען א משוגע'נער חלום. אָבער אויך די קליינע אַלטעגליכע פאַ־ סירונגען אין די געדונגענע צימערלאך און אין די ביליגע האָטעלען, אויף די גאַבען פון די פרעמדע שטעדט, האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט אין איהר זכרון, ניט ווי ווירקליכע איבערלעבונגען, נאָר ווי סצענעס, אין וועלכע זי האָט אלס שוישפּיעלערין אין ביהנען־ליכט מיטגע־ שפּיעלט, און בעת זי האָט געהאַלטען ביים דערנעהנטערען זיך צום קבר, האָט זיך אין איהר דערוועקט אַן אומגעהויערע בענקעניש נאָך דעם ווירקליכען לעבען, וואָס זי האָט פאַרזאַמט ; און וואָס זיכע־ רער זי האָט געוואוסט, אַז די וועלט איז פאַר איהר אויף שטענדיג פאַרלאָרען, אַלץ קלערער האָט זי איינגעזעהן די אומגעהויערע רייכ־ קייט פון ׳לעבען. און דאָס מערקווירדיגסטע איז געווען, וואָס אין די לעצטע וואָכען פון איהר לעבען האָט זיך מעשה שטן ביי איהר גראד אַרויסגעוויזען דער טאַלאַנט, וועלכען זי האָט ביז אהער אין דער ווירקליכקייט ניט געהאט, און פאַר וועלכען זי האָט אומזיסט מקריב געווען איהר לעבען.

„מיר דוכט זיך נאָך היינט אויך", האָט נירענבערגער געזאָגט, „אַז איך האָב קיינמאָל ניט געהערט די גרעסטע שוישפּיעלערין אזוי דעקלאַמירען פּערזען, פאַרשפּילען גאַנצע סצענעס, ווי דאָס האָט באַ־ וויזען מיין שוועסטער עטליכע טעג פאַר'ן טויט אין דעם האָטעל־צי־ מער אין קאָדענאַציא מיט'ן אויסזיכט אויף קאָמאָ־אָפּערע. „געוויס", האָט ער צוגעגעבען, „עס איז מעגליך, אפילו ווארשיינליך, אַז מיין זכרון נאַרט מיך אָפּ".

„פאַרוואָס דען ?" האָט נעאָרג געפרעגט, ווענען אַט דער סוף איז אזוי געפעלען געוואָרען, אַז ער האָט ניט געוואָלט דערלאָזען, מ'זאָל איהם יאַלע מאַכען. און ער ראָט זיך באַמיהט איפּציאַווייזען נירענבערגער'ן, וועלכער האָט איהם מיט א שמייכעל געהערט, אַז

ער האָט ניט געקענט האָבען קיין טעות אין אז אין דער מערקווירדיגער מיידעל, וואָס איז באגראָבען אין קאדענאביא, האָט די וועלט פארלאָרען א גרויסע שוישפּיעלערין...

דאָס זומער־הויז, וואָס געאָרג האָט געזוכט, האָט ער ניט געפונען, ארומוואַנדערענדיג מיט נירענבערגער'ן; פון מאָל צו מאָל, האָט עס אויסגעוויזען איז שווערער צו געפינען עפּעס רעכטס. נירענבערגער האָט זיך אָפּט געוויצעלט איבער געאָרג'ן פאר זיינע צו שטרענגע פאָדערונגען. ער האָט גע'טענה'ט, אז געאָרג'ן וואָלט זיך געוואָלט האָבען א ווילע מיט אַן אויסגעצייכענטען וועג אין דער פראָנט און א גאָרטען־טיר פון הינטען, וואָס זאָל פיהרען אין אן אלטען אומבאריהרטען וואלד. צום סוף האָט געאָרג שוין ניט געגלויבט מעהר ערנסט אין דעם, אז איהם וועט געלינגען איצט צו געפינען א הויז נאָך זיין וואונש, און ער האָט זיך פארלאָזען אויף דעם, אז ער וועט שוין דאָס מיזען געפינען, בעת זיי וועלען זיך אומקעהרען פון דער רייזע. נייטיגער האָט עס זיך ארויסגעוויזען, אזוי שנעל ווי מעגליך, אָפּצורייזען מיט א דאָקטאָר; אָבער אויך דאָס האָט געאָרג אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג. דאָך איינמאָל אן אָוונד האָט אנא איהם דערצעהלט, אז דערשרעקענדיג זיך פלוצלינג פון א נייעם אָנפאל פון חלשות, האָט זי באזוכט דעם דאָקטאָר שטאובער און איהם ענטדעקט איהר לאַגע. ער איז געוועזען זעהר הארציג, האָט ניט אויסגעדריקט קיין שום פארוואונדערונג, האָט זי גאָר אינגאנצען בארוהיגט און נאָר אויסגעדריקט דעם וואונש צו זעהן געאָרג'ן פאר דער אָפּרייזע.

אין א פּאָר טעג ארום האָט געאָרג באזוכט דעם דאָקטאָר. די שפּרעך־שטונדען האָבען זיך נאָר וואָס געענדיגט. דאָקטאָר שטאובער, ווי מען האָט געקאָנט פאָראויסזעהן, האָט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך. עס האָט אויסגעזעהן, אז ער באטראכט דעם ענין ווי א גאנץ נאטירליכע זאך, מיט וועלכער עס איז ניטאָ וואָס צו שעמען זיך; ער האָט גערעדט וועגען אנא'ן ניט אנדערש ווי וועגען געאָרג'ס יונגער פרוי; דאָס האָט געמאכט אויף געאָרג'ן א מאָדנעם איינדרוק, אָבער יעדענפאלס ניט קיין אומאנגענעהמען. ווען זיי האָבען פארענדיגט זייער פּראקטישען שמועס, האָט דער דאָקטאָר געפרעגט, וואוהין זיי דענקען צו פאָהרען. געאָרג האָט נאָך ניט

אויפגעארבייט דעם פּלאַן ; איינס נאָר האָבען זיי פעסט באַשלאָסען,
אז דעם פריהלינג וועלען זיי פארברייננגען אין דרום, מסתמא אין אי־
טאַליען. דאָקטאָר שטאַיבער האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגענ־
הייט צו דערצעהלען וועגען זיין רייזע אין רוים מיט צעהן יאָהר צו־
ריק. ער איז דעמאָלט געווען, ווי שוין אמאָל פריהער, אין פערזענ־
ליכער פארבינדונג מיט'ן אָנפיהער פון די ארכעאָלאָגישע אויסגראָ־
בונגען, און ער האָט דערצעהלט געאָרג'ן כמעט מיט א באַגייסטערטען
טאָן וועגען די נייעסטע ענטדעקונגען אויף דעם פּאלאַטין, וואו ער
האָט אליין, אלס יונגער מאַן, געמאַכט איינינע אויספאָרשונגען און
האָט זיי פארעפענטליכט אין אַן ארכעאָלאָגישער צייטונג. דערנאָך
האָט ער ניט אָהן שטאָלץ באַוויזען געאָרג'ן זיין ביבליאָטעק, וואָס איז
באַשטאַנען פון א מעדיצינישער אָפּטיילונג און א קונסט־היסטאָרי־
שער. ער האָט זיך אָנגעשלאָגען צו אנטלייהען געאָרג'ן איינינע זעל־
טענע ביכער צום איבערלייענען: א בוך פון יאָהר 1834 וועגען וואַ־
טיקאַנישע זאַמלונגען און א געשיכטע פון סיציליען. געאָרג האָט
זיך געפיהלט העכסט גליקליך, וואָס איהם שטעהט פאָר אזא אינטע־
רעסאַנטע רייזע. עס האָט איהם אָנגעכאַפּט א מין בענקעניש נאָך
די גוט באַקאַנטע, אָבער לאַנג ניט געזעהענע געגענדען. האַלב־פאַר־
געסענע בילדער זיינען ארויפגעשוואומען אויף זיין זכרון: די פּיראַ־
מידע פון צעסטיוס האָט זיך אויסגעמאָלען פאר איהם אויפ'ן האָרי־
זאָנט אין שארפע ליניעס, ווי ער האָט זי געזעהן אלס אינגעל, בעת ער
איז רייטענדיג אין אָווענד געקומען צוריק אין שטאָדט צו־
זאַמען מיט'ן פרינץ פון מאַקעראָניען ; דער בין־השמשות'דיגער
קלויסטער, וואו ער האָט זיין ערשטע געליעבטע געזעהן געהן צו דער
הופּה, איז אויפגעשטאַנען פאר זיינע אויגען ; אונטער א טונקעלען
הימעל האָט זיך דורכגעטראָגען צום ברעג א שיפעל מיט מאָדנע נע־
לע, שוועבעל־קאָלירדיגע זעגלען... ער האָט אָנגעהויבען צו ריידען,
ער האָט דערצעהלט וועגען די פיעלע שטעדט און לאַנדשאַפטען, וואָס
ער האָט אלס אינגעל, אלס בחור געזעהן ; ער האָט גערעדט וועגען
זיין בענקענייש נאָך אָט די פּלעצער, וואָס ער האָט אָפט געפיהלט
אזוי שטארק, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען א בענקעניש נאָך דער
היים ; ער האָט גערעדט וועגען זיין פרייד ארומצונעמען איצטער
מיט א רייפערען אויג אלץ, נאָך וואָס ער האָט געבענקט,

וואָס ער געדענקט נאָך און וואָס ער האָט פאַרגעסען, דערצו נאָך פּיצי ניעס, און דאָס מאָל אין א געזעלשאַפט פון א געליעבטער, וואָס איז בעהיג אַלץ צו פאַרשטעהן און צו געניסען און וואָס איז איהם אַזוי טייער. דאָקטאָר שטאובער, וועלכער האָט געהאַלטען ביים אַריינשטעלען צוריק א בוך אין שאַף, האָט זיך פּלוצלונג אומגעדרעהט צו געאָרג'ן, האָט איהם מילד אָנגעקוקט און געזאָגט:

„אַט דאָס געפעלט מיר“.

אין אַזוי ווי געאָרג האָט איהם אָנגעקוקט אביסעל פאַרוואונדערט, האָט ער צוגעגעבען:

„אַט דאָס איז געווען דאָס ערשטע וואַרימע וואָרט וועגען אייער באַציהונג צו אַנעלע'ן, וואָס איך האָב געהערט פון אייך אין מיטן פון אונזער שמועס. איך ווייס, איך ווייס, ס'איז ניט אין אייער נאַטור אַיכצוגיסען דאָס האַרץ במעט פאַר א פרעמדען מענשען, אָבער גראַד ווייל איך האָב דאָס פון אייך אייגענטליך ניט ערוואַרטעט, טוט עס מיר טאַקי אַזוי הנאה. ס'איז ביי אייך גליך פון האַרצען אַרויס, דאָס האָט מען באַמערקט. און עס וואָלט מיר באמת וועה געטאָן פאַר אַנעלען — ענטשולדיגט מיר, וואָס איך רוף זי אַלץ נאָך אַזוי אָן — ווען איך וואָלט געדאַרפט טראַכטען, אַז איהר האָט זי ניט אַזוי ליעב, ווי זי פאַרדינט דאָס“.

„איך ווייס ניט אייגענטליך“, האָט געאָרג קאַלט געענטפערט, „וואָס האָט אייך געגעבען דעם גרונד, הער דאָקטאָר, צו צווייפלען אין דעם“.

„האָב איך דען געזאָגט, אַז איך צווייפעל ?“, האָט שטאובער גוטמיטיג געענטפערט. „אָבער, סוף כל סוף, האָבען שוין אַזעלכע זאַכען געטראָפען, אַז אַ יונגער מאַן, וואָס האָט פאַרשיידענעס דורכגעלעבט, זאָל ניט גענוג אָפּשאַצען אַזאַ אָפּפער. און דאָס איז דאָך פאָרט אַן אָפּפער, ליעבער באַראָן. מיר קענען שטעהן וועער ווייסט ווי העכער פון אַלע פאָראורטיילען — קיין קליינינגקייט איז דאָס נאָך אַלץ ניט, ווען א יונגע מיידעל פון א גוטער פאַמיליע ענטשליסט זיך אַזאַ שריט. אין איך וועל ניט באַהאַלטען פון אייך — אַנעלע'ן האָב איך דאָס, פאַרשטעהט זיך, ניט געלאָזט באַמערקען — אַז איך

בין כמעט א פארציטערטער געוואָרען, בעת זי איז דאָ אנומעטנס געוועזען ביי מיר און האָט מיר דערצעהלט וועגען דעם".

„זייט מיר מוחל, הער דאָקטאָר", האָט געזאָגט מיט כעס, אָבער העפליך געענטפערט, „ווען דאָס האָט אויף איך אזא איינדרוק געמאכט, איז דאָס א סימן, אז איהר האָט זיך נאָך ווייט ניט דערהויבען איבער די געוועהנליכע פאָראורטיילען..."

„איהר זייט גערעכט", האָט שטאָובער שמייכלענדיג געזאָגט, „אָבער איהר וועט מיר אפשר מוחל זיין מיין אָפגעשטאַנענקייט, ווען איהר וועט נעמען אין באטראכט, אז איך בין אביסעל עלטער פון איך און שטאָם פון אן אנדער צייט. און פון דעם איינפלוס פון א געוויסער עפּאָכע קען זיך אפילו א זעלבסטשטענדיג דענקענדער מענש... און איך ערלויב מיר צו האלטען זיך זעלבסט פאַר אזא... ניט אינגאנצען באפרייען. דאָס איז טאַקי דאָס מערקווירדיגסטע. אָבער גלויבט מיר, ס'איז נאָך היינטיגע צייטען, אפילו צווישען די יונגע לייט, וואָס זיינען ערצויגען געוואָרען אויף ניטשע און איבסען, פאַראַן פונקט אזוי פיעל פיליסטערס, ווי מיט דרייסיג יאָהר צוריק; זיי ווייזען דאָס נאָר ניט אַרויס, סיידען עס ריהרט אָן זייער איינענע הויט, למשל, ווען מען פארפיהרט זייערע א שוועסטער, אָדער זייער פרוי דריקט אויס פּלוצלונג דעם פארלאַנג פריי צו געניסען דאָס לעבען.. אנדערע זיינען קאָנסעקווענט און שפּיעלען די ראָלע ווייטער... אָבער דאָס איז שוין מעהר א פראַגע פון זעלבסט־באהערשונג, איידער פון וועלט־אנשויאונג. צוריק רעדענדיג, אין די אמאָליגע צייטען, אפילו אין דער עפּאָכע, פון וועלכער איך שטאַם, ווען די באגריפען זיינען געוועזען פעסט, ווען יעדערער האָט למשל גענוי געוואוסט: אז מ'דאַרף הרך־ארץ האָבען פאַר אן עלטערען, אַז ניט איז מען אָן אויסוואורף... אָדער: אז אמת'ע ליעבע קומט פאָר נאָר איין מאָל אין לעבען... אָדער: עס איז א פאַרגעניגען צו שטאַרבען פאַר'ן פאָטערלאַנד... אין דער עפּאָכע, ווען יעדער אנשטענדיגער מענש האָט הויך געהאַלטען וועלכע עס איז פאָהן, אָדער לפּחות געהאַט עפּעס אויפגעשריבען אויף זיין פאָהן... גלויבט מיר, שוין דעמאָלט האָבען די אזוי גערופענע מאָדערנע אידעען געהאַט מעהר אנהענגער, ווי מען מיינט. מעהר נישט, די אָנהענגער פון מאָדערניזם האָבען דעמאָלט אליין דאָס ניט קלאָר באַגריפען, זיי האָבען אליין ניט געטרויט זייערע אידעען, און

האָב [illegible] אויף זיך אַליין געקוקט אין אַ געוויסער מאָס, ווי אויף פֿאַר־
דאַמטע אָדער אַפֿילו פֿאַרברעכער. איהר ווייסט, וואָס איך וועל אייך
זאָגען, הער באַראָן ! עס זיינען בכלל נישטאָ קיין נייע אידעען. עס
איז נאָר פֿאַראַן אַ נייע מדרגה פֿון אידעען־ענטוויקלונג. אָבער מיינט
איהר דען ערנסט, אַז ניטשע האָט ערפֿינדען דעם איבערמענש, איבּ־
סען האָט ערשט די ליגענס פֿון לעבען ענטדעקט, און אַנצענגרובער
האָט ערשט אויסגעפֿונען דעם אמת, אַז עלטערן דאַרפֿען זעהן ערשט
ווערט זיין דעם כבוד און ליעבע, וועלכע זיי פֿאַרלאַנגען פֿון זייערע
קינדער ? ס'הויבט זיך גאָר ניט אָן. אַלע עטישע אידעען זיינען פֿון
שטענדיג אָן געוועזען. די וועלט וואָלט נישתּומם געוואָרען, ווען
מ'וואָלט געוואוסט, וואָס פֿאַר פֿלאַך־קעפּ ס'האָבען וועגען די אַזוי־
גערופֿענע נייע, גרויסע אמת'ען געטראַכט און אפֿשר זיי אַמאָל אויך
אַרויסגעזאָגט לאַנג פֿאַר די זשעניען, וועמען מיר פֿאַרדאַנקען די
אמת'ען, אָדער, ריכטיגער, וועמען מיר פֿאַרדאַנקען דעם מוט צו האַל־
טען די דאָזיגע אמת'ען פֿאַר וואָהר. אָבער איך בין דאָ פֿאַרקראָכען
אָן אַ זייט, ענטשולדיגט. אייגענטליך האָב איך געוואָלט נאָר זאָ־
גען... און איהר וועט עס מיר גלויבען.. איך ווייס אַזוי גוט ווי איהר,
הער באַראָן, אַז עס זיינען פֿאַראַן אומשולדיגע מיידלאַך, וואָס זיינען
טויזענט מאָל מעהר פֿאַרדאָרבען פֿון די אַזוי־גערופֿענע "געפֿאַלענע",
און אַז עס זיינען פֿאַראַן יונגע לייט, וואָס מ'האַלט זיי פֿאַר אַנשטענ־
דיג, און זיי האָבען אויף זייער געוויסען אַ סך שווערערע חטאים, ווי
דאָס פֿאַרפֿיהרען אַ ליעבעס־פֿאַרהעלטניס מיט אַן אומשולדיגער מיי־
דעל. און דאָך... דאָס איז די קללה פֿון מיין עפּאָכע..." האָט ער
מיט אַ שמייכעל באַמערקט, "איך האָב זיך ניט געקענט העלפֿען :
אינ'ם ערשטען מאָמענט, ווען אַנעלע האָט מיר די געשיכטע דער־
צעהלט, האָבען אין מיין אַלטען קאָפּ און זייער אַלטען טאָן געקלונ־
גען געוויסע אומאַנגענעהמע ווערטער, וואָס האָבען אין זייי־
ער צייט אַ גאַנץ באַשטימטע באַדייטונג געהאַט, נאַרישע, אָפּגע־
לעבטע ווערטער, ווי... שאַרלאַטאַן... פֿאַרפֿיהרער... פֿאַרלאָזענע... און
דאָס גלייכען. און דעריבער — איך מוז ביי אייך נאָכאַמאָל בעטען
ענטשולדיגונג, ווען איך קען אייך אַביסעל נעהענטער — דעריבער
בין איך דעמאָלט דערפֿון אַ פֿאַרציטערטער געוואָרען, און וואָס אַ מאָ־
דערנעם מענשען האָט אייגענטליך ניט געפּאַסט מודה צו זיין זיך.

אָבער ערנסט גערעדט, באַטראַכט זיך נאָר, ווי וואָלט זיך צו דיר נאָך פאַרהאַלטען אייער געשטאָרבענער פאָטער, וועלכער האָט אַנעלען גאָר־ניט געקענט. ער איז דאָך געוויס געוועזען איינער פון די קליגסטע מענשען און פון פאָראורטיילען אזוי פריי, ווי מ׳קען זיך נאָר פאָר־שטעלען... און ניט קוקענדיג אויף דעם, צווייפעלט איהר געוויס ניט, אַז אויך ער וואָלט דערפון אַ פאַרציטערטער געוואָרען.“

ניט ווילענדיג האָט געאָרג אויסגעשטרעקט דעם דאָקטאָר די האַנט. דאָס אומגעריכטע און פּלוצלונגע דערמאָנען אָן דעם געליעב־טען טייטען האָט אין איהם דערוועקט אַזאַ שטאַרקע בענקעניש, אַז עס איז איהם געוואָרען אביסעל גרינגער אויפ׳ן האַרצען, נאָר, ווען ער האָט אָנגעהויבען צו ריידען וועגען דעם פאַרשטאָרבענעם. דער דאָקטאָר האָט אויך דערצעהלט וועגען זיינע באַגעגענישען מיט גע־אָרג׳ס פאָטער, על פּי רוב צופעליגע: אויפ׳ן גאַס, אויף זיצונגען אין דער אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפט, ביי קאָנצערטען. ווידער איז אָנ־געקומען איינער פון יענע מאָמענטען, ווען געאָרג האָט זיך געפיהלט, ווי ער וואָלט עפּעס געזינדיגט אַנטקעגען דעם געשטאָרבענעם, און ער האָט זיך אינערליך געגעבען אַ שבועה צו האַנדלען אזוי, אַז ער זאָל ווערט זיין צו דערמאָנען זיין נאָמען.

„גריסט אַנעלען פון מיר“, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, זעגע־נענדיג זיך מיט געאָרג׳ן, „אָבער דערצעהלט איהר בעסער גאָרניט וועגען דעם, וואָס איך בין אַ פאַרציטערטער געוואָרען. זי איז זעהר עמפּינדליך, דאָס ווייסט איהר דאָך, און איצט איז דאָס וויכטיגסטע אַפּציהיטען זי פון אומאַנגענעמע אויפרעגונגען. באַרעכענט זיך, ליע־בער באַראָן: איצט דאַרף מען טראַכטען נאָר וועגען דעם, אַז אַ גע־זונט קינד זאָל קומען אויף דער וועלט, דאָס איבעריגע אַלץ... נו, גריסט איהר האַרצליך פון מיר, לאָמיר האָפען, אַז זומער וועלען מיר זיך ווידער זעהן אַלע געזונט.“

געאָרג איז אוועק מיט אַ פאַרשטאַרקטען באַוואוסטזיין פון זיינע התחיבות צו אַנאַ׳ן, וואָס האָט זיך איהם איבערגעגעבען, און צו דעם קליינעם נפש׳ל, וואָס דאַרף אין עטליכע חדשים אַרום דערזעהן דאָס ליכט פון דער וועלט. ער האָט לכתחילה געדענקט וועגען דעם אָנצו־שרייבען אַ צוואה און איבערלאָזען זי ביי אַ נאָטאַריוס. נאָכטראַכ־טענדיג האָט ער אָבער איינגעזעהן, אַז עס וועט זיין בעסער, ווען ער

וועט אלץ דערצעהלען זיין ברודער, וועלכער איז דאָך אינערליך איהם געווען דער נאָהענטסטער פון אלע מענשען. אָבער צוליעב דער מאָדערנער פרעמדקייט, וואָס האָט געהערשט צווישען די ברידער, ניט קוקענדיג אויף זייערע ווארימע באציהונגען איינער צו דעם אנדערען, האָט ער דאָס פון טאָג צו טאָג אָפּגעלייגט, ביז עס האָט זיך דערנעהנטערט די צייט פון פעליציאַנ'ס אוועקפאָהרען אויף יאגד קיין אפריקא. א נאכט פאר דעם, אויפ'ן וועג פון קלוב אהיים, האָט געאָרג דעם ברודער געזאָגט, אז ער האָט בדעה אין גיכען אוועקצופאָהרען אויף א לענגערע צייט.

„אזוי ? אויף ווי לאַנג ווילסטו דען אוועקפאָהרען ?" האָט פעליציאַן געפרעגט.

געאָרג האָט דערפיהלט אין דעם טאָן פון די ווערטער א געוויסען אָפּקלאַנג פון אומרוהיגקייט, און ער האָט דערפאַר געפונען פאַר נויטיג צוצוגעבען :

"דאָס וועט שוין אויף יאָהרען זיין מסתמא מיין לעצטע גרעסערע רייזע. אין הערבסט, לאָמיר האָפען, וועל איך שוין האָבען א זיכערע שטעלע אלס קאַפּעלמייסטער".

„דו האָסט אלזאָ פעסט באשלאָסען ?"

„יאָ, זעלבסטפארשטענדליך".

„עס פרעהט מיך זעהר, געאָרג, צוליעב פארשיידענע טעמים, ווי דו קענסט זיך אליין פאָרשטעלען, וואָס דו האָסט באשלאָסען ערנסט נעמען זיך צו עפּעס. ס'איז אויך גוט, וואָס עס האָט זיך אזוי געמאכט, אז מיר ביידע פאָהרען אוועק. ס'וואָלט געווען אביסעל אומעטיג אויפ'ן הארצען, ווען איינעם פון אונז וואָלט אויסגעקומען אוועקצולאָזען זיך איבער דער וועלט אין דער צייט, ווען דער אנדערער וואָלט זיך אָפּגעשטעלט דאָ אליין".

געאָרג האָט געוואוסט, אז דעם קומענדיגען הערבסט וועט פעליציאַן באקומען א דיפּלאָמאטען־שטעלע אין אויסלאַנד, אָבער איהם איז נאָך ביזאהער קיינמאָל ניט געווען אזוי קלאָר, אז אין עטליכע חדשים ארום וועט מוזען קומען אן ענדע צו זייער לאַנגיעהריגען ברודערליכען צוזאמענלעבען אין דעם אלטען הויז אנטקעגען דעם פּארק, יא, אז דאָס איז אין א געוויסער מאָס א סוף צו דער יוגענד. ער האָט

דערזועהן פאר זיך דאס לעבען אין אן ערנסטער, כמעט א דראהענדי־
גער געשטאלט.

„האסטו עפעס א באנדיף, וואוהין זיי וועלען דיך שיקען ?", האט געארג געפרעגט.

„ס'איז פאראן א מעגליכקייט, אז מען וועט מיך שיקען אין אטען".

„וואלסטו צופרידען געוועזן פון דעם ?"

„פארוואס ניט. די געזעלשאפט דארטען איז, ווי מ'זאגט, ניט אומאינטערעסאנט. בערנבורג איז דארטען געוועזן דריי יאהר, און האט זעהר ניט געהאט קיין חשק צו פארלאזען אטען. אין דערביי האבען זיי דאך איהם אריבערגעפיהרט קיין לאנדאן, וואס דאס איז אויך ניט שלעכט".

זיי זיינען געגאנגען א ווײלע שווייגענדיג און גענומען דעם וועג דורכ'ן פארק, ווי געוועהנליך. אין דער לופט ארום האט זיך ווי גע־שפירט די נאהענטקייט פון פריהלינג, כאטש אויף די לאנקעס האבען נאך געשימערט שמאלע, ווייסע שניי־פאסען.

„דו פאהרסט אלזא אין איטאליען ?" האט פעליציאן געפרעגט.

„יא".

„ווידער אזוי וויט צום דרום, ווי פאראיאהרען פריהלינג ?"

„דאס וויים איך נאך ניט".

זיי האבען ווידער א קורצע צייט געשוויגען. פלוצלונג פון דער טונקעלקייט האט זיך דערהערט פעליציאנ'ס שטים.

„האסט דו זינט דעמאלט געהערט עפעס פון גרייס'ן ?"

„פון גרייס'ן ?" האט געארג ווידערהאלט אביסעל פארוואונ־דערט, ווייל פעליציאן האט שוין זעהר לאנג ניט דערמאנט איהר נא־מען. „פון גרייס'ן האב איך מעהר נישט געהערט. מיר האבען אגב אזוי אפגעמאכט צווישען זיך. אין גענוא האבען מיר זיך אויף אייביג געזעגענט. ס'איז שוין אוועק מעהר ווי א יאהר צייט פון דע־מאלט..."

אויף א באנק, גאנץ אין דער פינסטער איז געזעסען א מאן אין א פוטער, מיט א צילינדער אין ווייסע הענטשקעס. אה, לאבינסקי, האט געארג געטראכט איין מינוט, אבער ער האט זיך גלייך דער־מאנט, אז יענער האט זיך דערשאסען... דאס איז שוין געוועזן ניט

דאָס ערשטע מאָל, וואָס איהם האָט זיך געדוכט, אַז ער זעהט איהם. אויך אין באָטאַנישען גאָרטען אין פּאַלערמאָ, אין מיטען העלען טאָג, אין איינער געזעסען אונטער אַ יאַפּאַנעזישען בוים, וועמען ער האָט אויף איין סעקונדע אָנגענומען פאַר לאַבינסקי׳ן. און דאָ ניט לאַנג, הינטער די פאַרמאַכטע פענסטער פון אַ פיאַקער האָט זיך געאָרג׳ן אויסגעדוכט, אַז ער האָט דערזעהן דעם פּנים פון זיין געשטאָרבענעם פאָטער.

הינטער די נאַקעטע צווייגען האָבען זיך הייזער געזעהן. אין איינעם פון זיי האָבען די ברידער געוואָהנט.

„ס׳איז שוין צייט, איינענטליך, צוצוטרעטען צו דער זאַך“, האָט געאָרג געטראַכט. און כדי אויף גיך איבערצוגעהן צום ענין, האָט ער אין אַ לייכטען טאָן אַ זאָג געטאָן:

„איך פאָהר אויך הייער ניט אַליין אין איטאַליען“.

„אַזוי, אַזוי“, האָט פעליציאַן געזאָגט און האָט געקוקט פאַר זיך.

אין דעמזעלביגען מאָמענט האָט געאָרג געפיהלט, אַז ער האָט גענומען ניט דעם ריכטיגען טאָן. ער האָט מורא געהאַט, אַז פעליציאַן קען זיך אַ טראַכט טאָן: אַה, ער האָט שוין ווידער אַ ליעבע מיט עפּעס אַ פאַרדעכטיגער פּערזאָן. און ער האָט ערנסט געזאָגט:

„הער, פעליציאַן, איך דאַרף זיך מיט דיר וועגען עפּעס וויכטיגעס דורכשמועסען“.

„עפּעס וויכטיגס?“

„יאָ“.

„נו, געאָרג“, האָט פעליציאַן געזאָגט און האָט איהם פון דער זייט מילד אָנגעקוקט. „וואָס איז אַזוינס, דו קלייבסט זיך דאָך ניט חתונה האָבען?“

„אָ, ניין“, האָט געאָרג געענטפערט און איז באַלד אין כעס געוואָרען אויף זיך אַליין, פאַרוואָס ער האָט אַזוי ענטשידען אָפּגעלייקענט די מעגליכקייט. „ניין, עס האַנדעלט זיך ניט וועגען חתונה, נאָר וועגען עפּעס פיעל וויכטיגערעס“.

פעליציאַן איז געבליבען אַ מאָמענט שטעהן.

„דו האָסט אַ קינד?“ האָט ער ערנסט געפרעגט.

„דערווייל נאָך ניט. דאָס איז דאָס טאַקי. דערפאַר פאָהרען מיר אַוועק“.

„אזוי", האָט פּעליציאַן געזאָגט.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון פּאַרק. ניט ווילענדיג האָבען זיי ביידע אַרויפגעקוקט צום פענסטער פון זייער הויז, פון וואַנען נאָך מיט אַ יאָהר צוריק דער פאָטער פּלעגט זיי אָפּט באַגריסען. ביידע האָבען דערפיהלט מיט וועהטאָג, ווי זיי האָבען זיך ביסלעכווייז דער־ווייטערט איינער פון דעם אַנדערען זינט דעם פאָטערס טויט. מיט אַ לייכטען שרעק האָבען זיי געטראַכט וועגען דעם, אַז אויף ווייטער קען זיי דאָס לעבען נאָך טיעפער צושיידען.

„קום אַריין צו מיר אין צימער", האָט געאָרג געזאָגט, ווען זיי זיינען אַרויף אויבען. „דאָרטען איז געמיטליכער".

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַקוועמען שטול לעבען שרייבטיש. אויפ'ן ברעג פון דעם קליינעם גרינעם לעדערנעם די־וואַן, וואָס איז געשטאַנען לעבען שרייב־טיש, האָט זיך פּעליציאַן אָנ־געשפּאַרט און האָט זיך רוהיג צוגעהערט. געאָרג האָט איהם אָנגע־רופען דעם נאָמען פון זיין געליעבטער. ער האָט גערעדט וועגען איהר מיט גוטע, הארציגע ווערטער און האָט געבעטען פּעליציאַנ'ען, ער זאָל זיך אָננעמען פאַר דער מוטער און קינד אין פאַל, אויב מיט איהם זאָל וואָס טרעפען. וואָס ס'וועט נאָך איבערבלייבען פון זיין פאַרמעגען, געהערט, פאַרשטעהט זיך, דעם קינד, און די מוטער קען זיך באַנו־צען מיט די פּראָצענטען פונ'ם געלט, ביז דאָס קינד וועט ווערען פול־יאָהריג. ווען געאָרג האָט געענדיגט, האָט פּעליציאַן נאָך אַ קורצען שווייגען געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

„נו, דו האָסט יעדענפאַלס ניט וועניגער האָפנונג אומצוקעהרען זיך בשלום און געזונטערהייט פון דיין רייזע, ווי איך פון אַפריקאַ, און דעריבער האָט אונזער שמועס געוויס נאָר אַ ריין אַקאַדעמישע באַדייטונג".

„דאָס האָף איך נאַטירליך אויך. אָבער עס איז יעדענפאַלס פאַר מיר אַ באַרוהיגונג, פּעליציאַן, וואָס דו ווייסט איצט פון אַלץ, און איך קען אין יעדען פאַל זיין אומבאַזאָרגט".

„יאָ, געוויס, דו קאָנסט זיין פאָלקאָם רוהיג".

פּעליציאַן האָט דערלאַנגט דעם ברודער די האַנט. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען און איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער'ן צי־מער. צום סוף האָט ער געפרעגט:

„טראכסטו ניט געזעצליך מאכען דיינע באציהונגען ?"

„דערוויילע ניט. וואס די צוקונפט קען ברייננגען, קען מען דאך ניט וויסען".

פעליציאן איז געבליבען שטעהן.

„נו, יא..."

„דו וואלסט געווען דערפאר, איך זאל חתונה האבען ?" האט געארג איינגערופען מיט א געוויסער פארוואונדערונג.

„דורכאויס נים".

„פעליציאן, איך בעט דיך, זיי אויפריכטיג !"

„ווייסט דו, אין אזעלכע ענינים טאר מען זיך ניט אריינמישען, אפילו ווען עס האנדעלט זיך וועגען אן אייגענעם ברודער".

„אבער ווען איך בעט דיך, פעליציאן. מיר דוכט זיך, אז דיר געפעלט עפעס ניט אין אט דער געשיכטע".

„יא, זעהסט די, געארג... דו וועסט דאך מיך ניט שלעכט אויס־טייטשען... איך וויים, פארשטעהט זיך, אז דו טראכסט ניט וועגען דעם צו איבערלאזען זי, ווי זי שטעהט און געהט ; פארקערט, איך בין אפילו איבערצייגט, אז דו וועסט האנדלען א סך נאבעלער, ווי ווער עס איז אין דיין לאגע. אבער די פראגע איז דאך אייגענטליך די : צי וואלסט דו זיך ניט אריינגעלאזט אין דער גאנצער זאך, ווען דו וואלסט זיך אפריהער באקלערט וועגען די פאלגען, וואס וועלען דער־פון ארויסקומען".

„יא, אויף דעם איז, פארשטעהט זיך, שווער צו ענטפערען", האט געארג געזאגט.

„איך מיין גאנץ פשוט : ביזט דו טאקי אויסען געווען... ניט צו מאכען זי פאר דיין פרוי, נאר האבען מיט איהר א קינד ?"

„מיין גאט, ווער טראכט וועגען דעם ? ווען מ'וואלט דאס אב־סאלוט נעקאנט פארמיידען — "

פעליציאן האט איהם איבערגעריסען.

„ווייס זי, אז דו טראכסט גאר ניט חתונה צו האבען מיט איהר?"

„נו, דו גלויבסט דאך ניט, אז איך האב איהר צוגעזאגט חתונה צו האבען".

„ניין. אבער אוועקלאזען זי — דאך אויך ניט".

„דאס וואלט געווען פונקט אזוי אומאויפריכטיג, פעליציאן. עס

איז זיך געגאנגען, ווי עס פאסירט אין אזעלכע זאכען, גאר אהן א שום פראגראם ביז'ן היינטיגען טאג".

„יא, דו ביזט גערעכט. די פראגע איז נאר, צי איז מען אין וויכטיגע לעבענס־פראגען ניט מחויב אין א געוויסער מאס האבען א פראגראם".

„מעגליך... אבער דאס איז קיינמאל ניט געווען מיין טבע, לייבער..."

פעליציאן איז געבליבען שטעהן פאר געארג'ן, האט געמאכט א פריינדליך געזיכט און האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ עטליכע מאל.

„דאס איז שוין אמת, געארג. דו ביזט דאך ניט אין כעס... אבער אז עס איז שוין געקומען צו רייד... איך קען דיר, פארשטעהסט זיך, ניט אנווייזען, ווי דו זאלסט זיך פיהרען אין לעבען..."

„אבער איך בעט דיך, פעליציאן... באמת... רייד גאנץ אפען, דאס טוט מיר הנאה..."

ער האט איהם א גלעט געטאן איבער'ן האנט, וואס איז געלעגען אויפ'ן סאפא.

„נו, יא, עס איז ניטא מעהר פיעל וואס צו זאגען. איך מיין נאר, אז אין אלע זאכען פעהלט ביי דיר... א פראגראם. זעהסט דו, איך וועל דיר אנווייזען אויף אן אנדער וויכטיגען פונקט : איך פון מיין זייט בין איבערצייגט אין דיין טאלאנט, און פיעלע אנדערע אויך. אבער דו ארבייטסט דאך אזוי ווייניג, כמעט גארניט, איז דאס ניט אזוי ? און פון זיך אליין קומט דאך ניט דער רוהם, ווען מען איז אפילו..."

„געוויס ניט. אבער ניט אזוי ווייניג ווי דו מיינסט ארבייט איך דאך, פעליציאן. נאר דאס ארבייטען ביי אונזערען איינעם געהט צו ניט אזוי גלאט. אפטמאל ביים שפאצירען, אפילו אין שלאף פאלט ארײן איינעם אלערליי זאכען אין קאפ... און דערצו אין הערבסט..."

„נו, יא, לאמיר האפען, כאטש איך האב מורא, אז פון דיין געהאלט וועסטו אין אנהייב ניט קענען לעבען. און אויף ווי לאנג דיין ביסעל געלט וועט סטייען, ביי דיין ארט לעבען, איז אויך א גרויסע פראגע. איך זאג דיר אויפריכטיג, ווען דו האסט מיר אפריהער אנגערופען די סומע געלט, וואס דו וואלסט געקענט איבערלאזען דיין קינד, האט מיך אויף אן אמת געכאפט א שווידער".

„האָב נאָר געדולד, פּעליציאַן. אין דריי יאָהר אַרום אָדער אין פֿינף, ווען מיין אָפּערא וועט פֿאַרטיג ווערען...“ האָט ער געזאָגט, אַי־ראָניזירענדיג איבער זיך זעלבסט.

„שרייבסט דו ווירקליך אַן אָפּערא, געאָרג?“

„איך הויב זי אָן אין ניכען“.

„ווער פֿאַרפֿאַסט דעם טעקסט?“

„היינריך בערמאַן. איצט מאַכט ער געוויס אַ זויערע מינע“.

„ליעבער געאָרג, איך בין זעהר ווייט דערפֿון צו וועלען זאָגען דיר אַ דעה, אין וואָס פֿאַר אַ געזעלשאַפֿט דו זאָלסט פֿאַרברינגען. עס איז גאַנץ נאַטירליך, אַז די, ביי דיין גייסטיגער ריכטונג, קומסט אַריין אין אַנדערע קרייזען, ווי איך, און טרעפֿסט זיך מיט מענשען, וועלכע געפֿעלען מיר ניט אַזוי שטאַרק. אָבער, אָבער ווען דאָס ווערק פֿון הער בערמאַן איז נאָר שעהן, האָבט דו מיין ברכה... און הער בערמאַן נאַטירליך אויך“.

„דער טעקסט איז נאָך ניט פֿאַרטיג, נאָר דאָס סצענאַריום“.

פּעליציאַן האָט זיך ניט ווילענדיג פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

„אַזוי זעהט עס אויס מיט דיין אָפּערא? צי איז נאָר דער טעאַ־טער שוין געבויט, פֿאַר וועלכען מען געהט דיר אָנשטעלען אַלס קאַ־פּעלמייסטער“.

„נו“, האָט געאָרג אַביסעל באַליידיגט געזאָגט.

„זיי מוחל“, האָט פּעליציאַן אָפּגעענטפֿערט. „איך צווייפֿעל באמת ניט אין דיין צוקונפֿט. איך וואָלט נאָר געוואָלט, אַז דו אַליין זאָלסט אַביסעל מעהר אַרבייטען פֿאַר איהר. איך וואָלט אַזוי . . . באמת, געאָרג, איך וואָלט אַזוי שטאָלץ געוועזען, ווען פֿון דיר וואָלט עפּעס גרויסעס אַרויסגעקומען. און דאָס איז נאָר פֿון דיר אַליין אָפּ־הענגיג. ווילי אייסלער, וואָס איז דאָך זעהר מוזיקאַליש, האָט מיר אָנומעלט ווידער געזאָגט, אַז ער האַלט פֿון דיר מעהר, ווי פֿון אַלע איבעריגע יונגע קאָמפּאָזיטאָרען“.

„ער נעמט עס פֿון די פּאָר ליעדער, וואָס ער האָט געהערט?“

„יאָ, ער האַלט זיי פֿאַר אויסגעצייכענט. ס׳האַנדעלט זיך דאָך ניט אום דער צאָהל“.

„דו ביזט אַ וואוילער יונג, פּעליציאַן. אָבער דו דאַרפֿסט מיך גאָר ניט ערמוטיגען. איך וויים שוין, וואָס עס שטעקט אין מיר, נאָר

פליטינער מוז איך טאקי ווערן, און די רייזע וועט אויף מיר גוט ווירקען. אזוי, איז א געוויסער צייט אוועקגעהן פון דער געוועהנ־ליכער סביבה, דאס איז א גוטער מיטעל. דאס מאל איז עפעס אנדערס, ווי פאראיאהרען: עס איז דאס ערשטע מאל, פעליציאן, וואס איך בין צוזאמען מיט א פרוי, וואס שטעהט דורכאויס אויף דערזעלבינער מדרגה, ווי איך, וואס איז מיר מעהר, ווי... וואס איז מיר אן אמת'ע פריינדין. און דאס באוואוסטזיין, אז איך וועל א קינד האבען, און גראד פון איהר, איז מיר, ניט קוקענדיג אויף אלע דאגות, גיכער אנגענעהם".

„דאס פארשטעה איך זעהר גוט", האט פעליציאן געזאגט, בא־טראכטענדיג געארג'ן מיט ערנסט און ליעבע.

דער זייגער אויפ'ן שרייבטיש האט געשלאגען צוויי.

„א, שוין אזוי שפעט", האט פעליציאן אויסגעריפען. „און מאר־גען פריה מוז איז זיך פאקען. נו, מארגען ביים עסען קענען מיר נאך ווענען אלץ דורכשמועסען זיך. אלזא, זיי געזונט, געארג".

„א גוטע נאכט, פעליציאן. איך דאנק דיר", האט ער הארציג צוגעגעבען.

„פאר וואס דאנקסט דו מיר, דו ביזט קאמיש, געארג". זיי האבען זיך דערלאנגט די הענט און האבען זיך צוקושט, וואס האט שוין א לאנגע צייט ניט פאסירט צווישען זיי. געארג האט באשלאסען זיין קינד, אויב ס'וועט זיין א אינגעל, א נאמען צו געבען פעליציאן, און „דאס איז דאך געווים א מזל'דיגער נאמען", האט ער מיט פאר־גענינגען געטראכט.

נאך דעם ברודערס אפפאהרען האט זיך געארג געפיהלט אזוי פארלאזען, ווי ער וואלט גאר קיינמאל קיין אנדער פריינד ניט גע־האט. דאס וואהנען אליין אין דעם גרויסען איינזאמען הויז איז איהם געווען צו לאסט; ס'האט אויף איהם ארויפגעיאגט א טרויעריגע שטימונג, ווי אין דער ערשטער צייט נאכ'ן פאטערס טויט.

די טעג, וואס זיינען נאך געבליבען ביז צום אוועקפאהר, האט ער באטראכט, ווי אן איבערגאנגס־צייט, און איז ניט געוועז אויפ־

געליינט עפעס רעכטס אנצוהייבען. די שעה'ן מיט דער געליעבטער אין צימער אנטקעגען דער קירכע זיינען געווארען פארבלאזט און טרויעריג. אין אנא'ס נשמה איז אויך קענטיג פארגעקומען א געוויסע פארענדערונג. זי איז אפטמאל געווען זעהר געררייצט, אמאל ווידער נאר שוויינענדיג, כמעט מעלאנכאליש, און זייענדיג מיט איהר, פלעגט געארנ'ן צייטענווייז אנכאפען אזא אומעט, אז ער האט זיך אנגעהויבען צו שרעקען פאר די קומענדיגע חדשים, ווען איהם וועט אויסקומען צו זיין נאר מיט איהר אליין. אמת, די רייזע אליין איז פארבונדען מיט א סך נייע איינדריקען, אבער ווי וועט עס זיין אין די שפעטערדיגע חדשים, ווען מ'וועט מוזען פארברייננגען רוהיג ערגעץ־וואו לעבען וויען? ער מוז א טראכט טאן וועגען עפעס א געזעלשאפט פאר אנא'ן. ער האט זיך נאך אלץ ניט ענטשלאסען צו ריידען מיט איהר וועגען דעם, ווען אנא אליין האט איהם אנגעזאגט א נייעס, וואס האט אויפ'ן איינפאכסטען וועג באזייטיגט אט די אלע שוועריגקייטען אין פאר איינס נאך אן אנדערע. אין דער לעצטער צייט באזונדערס, זינט אנא האט אויפגעהערט צו געבען מוזיק־שטונדען, האט זי זיך ווידער באפריינדעט מיט טערעזע'ן און איהר אלץ פארטרויט. אויף אזא אופן האט אויך טערעזע'ס מוטער דערגאנגען דעם סוד. זי האט זיך פארהאלטען צו אנא'ן א סך הארציגער, ווי איהר איינענע מוטער, וואס נאך א קורצען מאמענט פון פאר־שטעהן האט זי זיך דערפיהלט באליידיגט און האט זיך מיט כעס און טרויער אפגעקעהרט פון איהר פארזינדיגטער טאכטער. פרוי גאלאווסקי איז גרייט געווען ניט נאר צו וואהנען צוזאמען מיט אנא'ן אין דעם הויז אויסער'ן שטאדט, נאר זי האט אויך צוגעזאגט אויפצוזיכען, ווען זיי וועלען אוועקפאהרען, אט דאס קליינע הויז, וואס געארג האט ניט געקענט אויסגעפינען. כאטש די פריינדליכקייט פון דער אלטער פרוי גאלאווסקי איז געווען זעהר באקוועם פאר געארג'ן, דאך איז איהם געווען אביסעל פיינליך צו פיהלען זיך אנטקעגען איהר פארפליכטעט פאר דער דאזיגער טובה. און דאס, וואס גראד איהר, לעא'ס מוטער, צוזאמען מיט בערטאלד'ס פאטער איז באשערט געווען צו נעמען אזא גרויסען אנטייל אין אזא וויכטיגער געשעהענים אין אנא'ס לעבען, איז איהם, אין מאמענטען, ווען ער איז געווען שלעכט געשטימט, אויסגעקומען כמעט קאמיש.

דריי טעג פאר זיין אפפאהרען, אין א שעהנעם נאכמיטאג אין מערץ, איז געארג געגאנגען זעגענען זיך צו די עהרענבערגס. זיינט יענעם וויינאכטס־אווענד פלעגט ער נאר זעלטען קומען אהין, און זיינע שמועסען מיט עלזען האבען פון דעמאלט אן געטראגען נאר אן אומשולדיגען כאראקטער. ווי איינעם א פריינד, וואס וועט אזעלכע באמערקונגען ניט פאליש אויסטייטשען, האט זי איהם אויסגעזאגט, אז זי פיהלט זיך וואס א מאל אליין ערגער אין דער היים. ווי געארג האט שוין דאס אליין אפטמאל באמערקט, איז די שטימונג אין הויז געווען א באזונדערס געדריקטע צוליעב די שלעכטע באציהונגען צווישען פאטער און זון. ווען אסקאר, אין זיין נאכלעסיג־חוצפה'דיגער האלטונג, פלעגט זיך באווייזען אין טיר און אנהויבען צו ריידען אויף זיין שטייגער אין דעם וויענער־אריסטאקראטישען טאן, פלעגט דער פאטער איהם אפט אויסלאכען, אדער געבען אנצוהערעניש, אז צו זיין גאנצען אריסטאקראטיזם וואלט ער געקענט מאכען א סוף, פארקלענערענדיג אדער אוועקנעמענדיג פון איהם זיין געהאלט, וואס איז דאך איינענטליך נאר טאשען־געלט. פארקערט, ווען זיין פאטער פלעגט אנהויבען צו ריידען אידיש, ווי ער האט עס אפט בכיון געטאן דוקא פאר פרעמדע מענשען, פלעגט אסקאר פארבייסען די ליפען און אפילו פארלאזען דעם צימער. דאך פלעגט עס אין דער לעצטער צייט נאר זעלטען טרעפען, אז דער פאטער און זוהן זאלען גלייכצייטיג זיין אין הויזען אדער אין נייהויז. זיי האבען כמעט ניט געקאנט פארטראגען איינער דעם אנדערען.

בעת געארג איז אריינגעגאנגען צו די עהרענבערגס, איז אין צימער געווען כמעט פינסטער. פון הינטער'ן פיאנא האט ארויסגעלויכטען די מארמארנע סטאטוע פון איזיס, און די לעצטע שטראהלען פון דעם פארגעהענדיגען טאג האבען שוואך באלויכטען דעם ווינקעל, וואו מוטער און טאכטער זיינען געזעסען איינע אנטקעגען דער אנדערער. צום ערשטען מאל האט דער אויסזעהן פון די ביידע פרויען עפעס מאדנע געריהרט געארג'ן. א פארגעפיהל האט איהם ארומגעכאפט, אז ער זעהט אפשר צום לעצטען מאל אט דאס בילד, און עלזע'ס שמייכעל, מיט וועלכען זי האט איהם באגעגנט, האט ביי איהם ארויסגערופען אזא שמערצליך־זיסען געפיהל, אז ער האט אויף א מאמענט

א [illegible] נעמאָן : וואָלט אפשר נאָך איטעמען דאָ געווען דאָס גליק?...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבען פרוי עהרענבערג, וועלכע האָט רוהיג זיך ווייטער פארנומען מיט איהר אויסנעהען. עלזע איז געזעסען אנטקעגען ; ער האָט פארדויכערט א ציגאַרעט און האָט זיך געפיהלט ווי אין דער היים. ער האָט דערצעהלט, אז צוליעב דעם שעהנעם פריהלינגס־וועטער קען ער ניט ביישטעהן דעם נסיון, און ער האָט באשלאָסען אָפּצופאָהרען פריהער, איידער ער האָט גערעכענט ; זיין רייזע וועט זיך פארציהען מסתמא ביז שפּעט אין זומער אריין.

„און מיר וועלען הייער אין מיטען מאַי שוין אריבערפאָהרען אין אוהאָף“, האָט די פרוי עהרענבערג געזאָגט. „אָבער דאָסמאָל ערווארטען מיר אייך זיכער ביי אונז“.

„אויב איהר זייט ניט פארנומען ערגעץ אנדערס“, האָט עלזע צוגעגעבען, ניט מאַכענדיג קיין שום מינע.

נעאָרג האָט צוגעזאָגט צו קומען אין אויגוסט, אויף עטליכע טעג לכל הפחות.

זיי האָבען גערעדט נאָכדעם וועגען פעליציאַנ'ען און ווילי'ן, וועלכע זיינען מיט עטליכע טעג צוריק אָפּגעפאָהרען פון ביסקרא אויף יאַגד אין דער מדבר; וועגען דעמעטער סטאַנצידעס, וועלכער האָט געוואָלט אין גיכען אויפגעבען זיין מיליטער־דיענסט און באזעצען זיך איינמאָל א פארם אין אונגאַרן, צום סוף וועגען היינריך בערמאַן, פון וועמען קיינער האָט ניט געהאַט קיין ידיעות פאַר די לעצטע וואָכען.

„ווער ווייסט, צי וועט ער זיך בכלל אומקעהרען קיין וויען“, האָט עלזע געזאָגט.

„פאַרוואָס זאָל ער ניט קומען צוריק ? — וואָס פאַלט אייך איין, פריילין עלזע ?“

„מיין גאָט, אפשר וועט ער חתונה האָבען מיט דער אקטריסע און מיט איהר אַוועק איבער דער וועלט“.

נעאָרג האָט א ציק געטאָן מיט די אַקסלען... ער האָט געזאָגט, אז ער ווייסט ניט פון קיין אקטריסע, מיט וועמען בערמאַן זאָל זיין אין פארבינדונג, און האָט זיך ערלויבט אויסצודריקען זיין צווייפעל, צי בערמאַן וועט בכלל ווען עס איז חתונה האָבען, כאָטש דאָס זיין א פּרינצעסין אָדער א צירק־רייטערין.

„ס׳וואָלט געווען אַ רחמנות אויף בערמאַנ׳ען“, האָט פרוי עהרענ־בערג געזאָגט, ניט קימערענדיג זיך וועגן געאָרג׳ס פיינקייט, וואָס ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג פון בערמאַנ׳ס סוד. „בכלל געפין איך, אַז די יונגע לייט נעמען אָן אַזעלכע זאַכען אָדער צו לייכט, אָדער גאָר צו שווער“.

עלזע האָט צוגעגעבען:

„יאָ, עס איז מערקווירדיג. איהר זייט אַלע אין אַזעלכע זאַכען אָדער פיעל קלינגער, אָדער פיעל נאַרישער, ווי אין אַלע אַנדערע זאַכען, כאָטש מ׳האָט דאָך אין אַזעלכע לעבענס־זאַכען געדאַרפט פאַר־בלייבען דערזעלביגער, ווי מען איז אין געוועהנליכע זאַכען“.

„ליעבע עלזע“, האָט געאָרג לייכט געזאָגט, “ווען עס האַנדעלט זיך אום ליידענשאַפטען...“

„יאָ, ווען עס האַנדעלט זיך טאַקי אום זיי“, האָט פרוי עהרענבערג שטאַרק באַטאָנט.

„ליידענשאַפטען!“ האָט עלזע אויסגערופען. „איך גלויב, זיי זיינען אַזאַ זעלטענהייט, ווי אַלץ, וואָס איז גרויסאַרטיג אויף דער וועלט“.

„וואָס מיינסט דו, מיין קינד“, האָט פרוי עהרענבערג געזאָגט.

„איך האָב וויינינגסטענס אַזוינס אַרום זיך ניט געזעהן“, האָט עלזע ערקלערט.

„ווער ווייסט, צי וואָלט איהר דאָס ענטדעקט“, האָט געאָרג געזאָגט, „ווען דאָס וואָלט אפילו פאָרגעקומען זעהר נאָהענט לעבען איך. פון דער זייט קוקענדיג, זעהט אויס אַ לייכטער פלירט כמעט אַלץ איינס, ווי אַן ערנסטע ליעבעס־טראַגעדיע“.

„דאָס איז געוויס ניט אמת“, האָט עלזע געענטפערט. „ליידענ־שאַפט איז עפּעס אַזוינס, וואָס מוז „סוף כל סוף זיך זעלבסט אַרויס־געבען“.

„פון וואַנען זאָלסטו דאָס וויסען, עלזע?“, האָט פרוי עהרענ־בערג באַמערקט, „גראָד ליידענשאַפט קען זיך אַמאָל טיפער באַ־האַלטען, איידער עפּעס אַ קליין געפיהל, ווייל צוליעב דעם אַליין, ווייל דאָ שטעהט פיעל מעהר אין קאָן“.

„איך רעדען, מיין ליעבע פרוי“, האָט געאָרג געזאָגט, „אַז דאָס איז זעהר אינדיווידועל. עס זיינען פאַראַן מענשען, ביי וועמען אַלץ איז

אָנגעשריבען אויפ'ן שטערען, איך אנדערע, פּאַרקערט, וועט איהר קיינמאָל גאָרנישט דערקענען, און דאָס איז אפשר ביי זיי א באַזונדער טאַלאַנט".

„און מ'קען איהם אויך ענטוויקלען, ווי אלע אַנדערע טאַלאַנטען", האָט עלזע געזאָגט.

דער שמועס האָט זיך איצט א ווײַלע אָפּגעהאַקט, ווי עס טרעפט אָפט, ווען הינטער אַן אַלגעמיינער באַמערקונג לאָזט זיך דייטליך דערקענען, אויף וועמען און וואָס מען גיט אָנצוהערעניש.

פרוי עהרענבערג האָט אָנגעהויבען א געשפּרעך אויף א נייער טעמא.

„האָט איהר עפּעס פאַר דער לעצטער צייט אָנגעשריבען אינטע־רעסאַנטע זאַכען, געאָרג?" האָט זי געפרעגט.

„א פּאָר קלייניגקייטען פאַר'ן פּיאַנאָ. אגב איז מיין קווינטעט אויך באַלד פאַרטיג".

„דאָס קווינטעט הויבט שוין אָן באַלד צו ווערען א מיטוס", האָט עלזע אומצופריעדען געזאָגט.

„עלזע", האָט איהר די מוטער אָפּגעשטעלט.

„נו יאָ, ס'וואָלט דאָך באמת גיט געווען, ווען ער וואָלט געווען מעהר פלייסיג".

„דאָס זייט איהר געוויס גערעכט", האָט געאָרג געענטפערט.

„איך גלויב, אַז אמאָל האָבען די קינסטלער מעהר געאַרבייט ווי איצט".

„די גרויסע", האָט געאָרג צוגעגעבען.

„ניין, אלע", האָט עלזע גע'טענה'ט.

„עס איז אפשר גוט, וואָס איהר מאַכט די רייזע", האָט פרוי עהרענבערג געזאָגט, רוהענדיג ערגעץ אין דער ווייט. „דאָ רייסט מען אייך אָפּ אָפט פון דער אַרבייט".

„ער וועט זיך אומעטום לאָזען אָפּרייסען פון דער אַרבייט", האָט עלזע שטרענג געזאָגט. „אפילו אין איטאַליע, אָדער וואו ער וועט ניט זיין דעם קומענדיגען יאָהר".

„וועגען דעם האָב איך גאָר ניט געטראַכט, אַז איהר זאָלט איצ־טער אַוועקפאָהרען", האָט פרוי עהרענבערג געזאָגט און א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ. „אייער ברודער וועט איבעראַיאָהר זיין אין סאַ־

פיאַנאָ אין אמען, אין כּטאַנצידעס אין אונגארן... עס איז באַמת טרויעריג, וואָס די ליעבסטע מענשען צושפּרייטען זיך איבער אַלע שבעה ימים.

„ווען איך וואָלט געווען אַ מאַן“, האָט עלזע געזאָגט, „וואָלט איך זיך אויך אוועקגעלאָזט איבער דער וועלט“.

געאָרג האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

„איהר טרוימט אודאי וועגען אַ רייזע איבער דער וועלט אין אַ ווייסער יאַכטע: מאַדעירא, ציילאָן, סאַן־פראַנציסקאָ“.

„אָ, ניין, איך וויל ניט זיין אָהן אַ פּראָפעסיע, אָבער ווארשיינליך וואָלט איך אַ שיפס־אָפיצער געוואָרען“.

„ווילט איהר ניט אַזוי גוט זיין“, האָט זיך די פרוי עהרענבערג געווענדט צו געאָרג'ן, „און שפּיעלען אונז עפּעס פון אייערע נייע זאַכען“.

„מיט פארגעניגען“.

ער איז ארויס פון ווינקעל לעבען פענסטער אין דער טונקעלקייט פונ'ם צימער. עלזע איז אויפגעשטאַנען און געמאַכט ליכטיג. געאָרג שפּיעלט זיין באַלאַדע. עלזע האָט זיך אוועקגעזעצט אין פאָטעל, אָנשפּארענדיג זיך מיט'ן האַנט אָן געלעהן און האָט אוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפ'ן האַנט; די האַלטונג איהרע, פון אַ געזעלשאַפטליכער דאַמע, מיט דעם שוואַר־מוטיגען געזיכט פון אַן אַלט־קלוג קינד, האָט געמאַכט אויף געאָרג'ן אַ מאָדנעם איינדרוק. ער איז היינט געווען ניט איבערצייגט צופריעדען פון זיין באַלאַדע און ער האָט אליין געוואוסט, אַז ער באַמיהט זיך צו פאַרבעסערען דעם איינדרוק דורך אַ צופיעל אָנגעשטרענגטעם שפּיעלען.

אין צימער איז שטיל אריינגעגאַנגען האָפראַט ווילט און האָט מיט'ן האַנט געגעבען אַ צייכען, אַז מען זאָל זיך ניט שטערען. ער איז געבליבען אַזוי שטעהן ביי דער טיר, אָנגעשפּאַרט מיט זיין גראָען, קורץ־געשאָרענעם קאָפּ אָן דער וואַנט. ביז געאָרג האָט געענדיגט מיט צו שטאַרקע אַקאָרדען זיין שפּיעלען. ווילט האָט זיך מיט אַלעמען באַגריסט און האָט גראַטולירט געאָרג'ן, וואָס ער איז אַ פרייער מאַן און קען איצט מאַכען אַ רייזע קיין דרום.

„איך קאָן דאָס ליידער ניט“, האָט ער צוגעגעבען, „כאָטש אַפּט

האָב איך דאָס געפיהל, אז אין עסטרייך וואָלט זיך גאָרניט געענדערט, ווען איך זאָל אפילו א גאנצען יאָהר ניט אריינשמעקען אין ביוראָ.

ער האָט, ווי שטענדיג, גערעדט וועגען זיין בארוף און זיין פאַטערלאַנד מיט איראָניע. פרוי עהרענבערג האָט איהם דערויף געענטפערט, אז ס'איז גאָר ניטאָ אזעלכער, וואָס זאָל מעהר פון איהם ליעב האָבען זיין פאָטערלאַנד און זאָל זיך ערנסטער פון איהם באַציהען צו זיין בארוף. ער האָט מיט דעם מסכים געווען, האָט אָבער צוגעגעבען, אז פאר איהם איז עסטרייך אן אומגעהויער קאָמפליצירטער אינסטרומענט, וועלכער דארף זיין נאָר אין די הענט פון אן אמת'ן קינסטלער, און וועלכער קלינגט אפט אזוי שלעכט נאָר דערפאר, ווייל יעדער פארטאַטש פרובט אויף איהם ארויסווייזען זיין קונסט.

„און זיי וועלען אזוי לאנג קלאַפּען אויף איהם“, האָט ער מיט טרויער געזאָגט, „ביז אלע סטרונעס און דער גאנצער אינסטרומענט וועט צופלאצט ווערען אויף שטיקלאך“.

ווען געאָרג איז אוועקגעגאנגען, האָט איהם עלזע באגלייט ביז אין פאָדער־צימער. איהר האָט זיך געוואָלט איהם זאָגען נאָך א פּאָר ווערטער וועגען זיין באַלאַדע. איהר איז באזונדערס געפעלען געוואָרען דער מיטעלסטער טייל, וואָס איז פול געווען מיט אמת־אינערליכען פייער. זי האָט איהם געוואונשען א גליקליכע רייזע. ער האָט איהר געדאנקט.

„אלזאָ“, האָט זי פלוצלונג געזאָגט, בעת ער האָט שוין געהאלטען זיין היט אין האנט, „איצט, הייסט עס, דארף מען זיך אויף אלע מאָל זעגענען מיט געוויסע טרוימען“.

„וועלכע טרוימען ?“ האָט ער פארוואונדערט געפרעגט.

„מיט מיינע. פארשטעהט זיך, וואָס האָבען נעדארפט אייך זיין ניט אינגאנצען אומבאקאנט“.

געאָרג איז געווען זעהר איבערראַשט. אזוי דייטליך האָט זי נאָך קיינמאָל ניט גערעדט. ער האָט געשמייכעלט אין פארלעגענהייט און האָט געזוכט וואָס צו ענטפערען.

„וואָס וויים מען וועגען דער צוקונפט“, האָט ער ענדליך געזאָגט מיט א לייכטען טאָן.

זי האָט א קנייטש געטאָן מיט'ן שטערען.

„פארוואָס זייט איהר לפחות ניט אזוי עהרליך צו מיר, ווי איך צו

איך ? איך ווייס דאָך, אַז איהר פאָהרט אוועק ניט אַליין... איך ווייס אויך, ווער עס באַגלייט אייך... איך ווייס בכלל אַלץ. מיין גאָט, וואָס האָב איך דען אַליין ניט געוואוסט, ווינט מיר קענען זיך“.

און געאָרג האָט געשפּירט אַן אויסדרוק פון וועהטאָג און צאָרן אין איהרע ווערטער. ער האָט געוואוסט: ווען ער זאָל מיט איהר אַמאָל חתונה האָבען, וואָלט זי איהם געלאָזט פיהלען, אַז זי האָט צו לאַנג געמוזט אויף איהם וואַרטען. ער האָט געקוקט פאַר זיך, געשוויגען, ווי אַ שולדיגער, און אין דערזעלביגער צייט ניט אָהן עקשנות. דאָ האָט זיך עלזע פרעהליך פאַנאַנדערגעלאַכט, דערלאַנגט איהם די האַנט און נאָכאַמאָל געזאָגט:

„אַ גליקליכע רייזע“.

ער האָט איהר אַזוי אַ דריק געטאָן די האַנט, ווי ער וואָלט געדאַרפט ביי איהר בעטען מחילה פאַר עפּעס. זי האָט אַרויסגעריסען די האַנט, האָט זיך אָפּגעקעהרט און איז אוועק צוריק אין צימער. עטליכע סעקונדען איז ער געבליבען שטעהן ביי דער טיר און איז נאָכדעם איילענדיג אוועק אויפ'ן גאַס.

דעמזעלביגען אָווענט האָט געאָרג צום ערשטען מאָל נאָך פיעל וואָכען ווידער באַגעגענט לעאָ גאָלאָווסקי'ן אין קאַפע. ער האָט געוואוסט פון אַנאַ'ן, אַז לעאָ האָט אין דער לעצטער צייט געהאַט פיעל אויסצושטעהן אין זיין מיליטער־דינסט; ספּעציעל האָט איהם פאַרפאָלגט מיט בייזקייט און אמת'ער שנאה יענער קאַפּיטאַן, וואָס האָט זיך אַליין אָנגערופען אַ „בעסטיע אין מענשען־געשטאַלט“. געאָרג'ן האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען, ווי שטאַרק לעאָ האָט זיך געענדערט פאַר דער קורצער צייט, וואָס ער האָט איהם ניט געזעהן. ער האָט אויסגעזעהן שטאַרק פאַרעלטערט.

— עס פרעהט מיך, וואָס איך זעה אייך נאָכאַמאָל פאַר מיין אוועקפאָהרען, — האָט געאָרג געזאָגט און האָט זיך אוועקגעזעצט אַנטקעגען איהם ביים קאַפע־טיש.

— איהר פרעהט זיך, — האָט לעאָ געענטפערט, — וואָס איהר האָט מיך צופעליג געטראָפען, און ביי מיר איז דאָס געווען אַ באַדערפעניש אייך נאָכאַמאָל צו זעהן; דאָס איז די נפקא־מינא.

זיין שטים האָט געקלונגען נאָך אַ סך צערטליכער, ווי געוועהנליך. ער האָט גוטמוטיג, כמעט פאָטערליך געקוקט געאָרג'ן אין די

אויגען. אין דער מינוט האָט שוין געאָרג ניט געצווייפעלט, אז לעאָ ווייס פון אלץ; ער האָט זיך פארלאָרען אויף עטליכע סעקונדען, אזוי ווי ער וואָלט געדארפט זיך פאר איהם פאַרענטפערען. ער איז אויף זיך אליין אין כעס געוואָרען פאר זיין פארלעגענהייט און איז געווען דאנק־באר לעאָ'ן, וואָס יענער האָט זיך געמאכט ניט זעהענדיג. זיי האָ־בען כמעט דעם גאנצען אָווענט גערעדט נאָר וועגען מוזיק. לעאָ האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען געאָרג'ס ארבייטען און אין פארלויף פון דעם שמועס האָט געאָרג אויסגעדריקט זיין בארייטוויליגקייט צו שפּיעלען פאר לעאָ'ן דעם קומענדיגען זונטאָג נאָכמיטאָג איניגע פון זיינע נייע קאָמפּאָזיציעס. נאָר בעת זיי האָבען זיך געזעגענט, איז ביי געאָרג'ן געבליבען אן אנגענעם געפיהל, אזוי ווי ער וואָלט היינט מיט א מיטעלמעסיגען ערפאָלג אויסגעהאלטען א טעאָרעטישען עקזאמען, און אויף מאָרגען שטעהט איהם פאָר דער פּראַקטישער. וואָס וויל פון איהם אייגענטליך אָט דער יונגער מאַן, וואָס מאכט פון זיך אזוי, ווי ער וואָלט געווען רייף ניט נאָך זיינע יאָהרען? איז ער, געאָרג, מחויב איהם צו באווייזען, אז זיין טאלאנט בארעכטיגט איהם צו זיין אַנאַ'ס געליעבטער אָדער דער פאָטער פון איהר קינד? ער האָט געוואַרט אויף לעאָ'ס וויזיט מיט אן אינערליכען ווידער־שטאַנדס־געפיהל. איין מאָמענט האָט ער אפילו געטראכט צו היי־סען זאגען, אז ער איז ניטאָ אין דערהיים. אָבער בשעת לעאָ איז אריינגעקומען, פריינדליך און פּראָסט, ווי ער פלעגט זיך אָפט האָלט האָבען צו באווייזען, איז געאָרג געוואָרען פיעל מילדער געשטימט. זיי האָבען געטרונקען טהעע, גערויכערט ציגארעטען. געאָרג האָט איהם באוויזען זיין ביבליאָטעק, די בילדער, וואָס זיינען געהאנגען אין דער וואָהנונג, אנטיקען און געוועהר. און די עקזאמען־שטימונג איז ביי איהם פארשוואונדען. געאָרג האָט זיך אוועקגעזעצט ביים פּיאַנאָ. ער האָט געשפּיעלט עטליכע פון זיינע עלטערע זאכען און א פּאָר נייע; אויך די באלאדע א סך בעסער, ווי נעכטען ביי די עהרענבערגס, נאכדעם עטליכע לידער, און לעאָ האָט אָהן א שטים, אָבער מיט א זיכערען מוזיקאלישען געפיהל אונטערגעהאלטען די מעלאָדיע. צום סוף האָט ער אָנגעהויבען זיין קווינטעט נאָך דער פּאַרטיטור, ס'איז איהם ניט געגאנגען, און לעאָ האָט זיך אוועקגעשטעלט מיט די נאָטען ביים פענסטער און האָט אויפמערקזאם געלעזען.

— אייגענטליך ווייס מען נאָך גאָרנישט, — האָט ער געזאָגט.

— אין איינציגע זאַכען פיהלט זיך א דילעטאַנט מיט זעהר פיעל גע־שמאַק, אין אנדערע א קינסטלער אָהן א גענוגענדיגער טעכניק. אין די ראָמאַנסען פיהלט מען דאָס גיכער... אָבער וואָס... טאַלאַנט?... איך ווייס ניט... אז איהר זייט אַן איידעלע נאַטור, דאָס פיהלט מען יערענפאַלס, א מוזיקאַליש־איידעלע נאַטור.

— נו, דאָס איז נאָך ניט אזוי פיעל.

— דאָס איז אפילו אביסעל ווייניג. אָבער ווייל איהר האָט דאָך נאָך אזוי ווייניג געאַרבייט, באַווייזט דאָס גאָרנישט נעגען אייך. ווע־ניג געאַרבייט און ווייניג דורכגעפיהלט.

— איהר רעכענט אזוי...

געאָרג האָט זיך געמוזט אָנטאָן א כח, אום אַרויסצואווייזען א שפּאָטישען שמייכעל.

— אָ, דורכגעלעבט האָט איהר מסתמא זעהר פיעל, אָבער גע־פיהלט... ווייסט איהר, וואָס איך מיין, געאָרג?

— יאָ, איך קען זיך שוין פאָרשטעלען. אָבער איהר האָט א גרויסען טעות. איך געפין גאָר, אז גיכער האָב איך א געוויסע נייי־גונג צו סענטימענטאַליטעט, וועלכע איך מוז באַקעמפען.

— יאָ, דאָס איז דאָס טאַקי. סענטימענטאַליטעט איז עפּעס אזוינס, וואָס איז אין דירעקטען געגענזאַץ צום געפיהל, עפּעס אזוינס, מיט וואָס מען וויל פאַרגלעטען די אייגענע געפיהל־לאָזיגקייט אין אינערליכע קאַלטקייט. סענטימענטאַליטעט איז געפיהל, וואָס מ'האָט, אזוי צו זאָגען, איינגעהאַנדעלט פאַר א בילינען פּרייז. איך האָס סענטימענטאַליטעט.

— הם... און דאָך גלויב איך, אז איהר אליין זייט ניט גאַנץ פריי פון דעם.

— איך בין א איד, ביי אונז איז דאָס א נאַציאָנאַלע קראַנקהייט. די אנשטענדיגע צווישען אונז אַרבייטען אויף דעם, צו פאַרוואַנדלען די סענטימענטאַליטעט אין כעס און צאָרן. ביי די דייטשען איז דאָס א שלעכטע געוואָהנהייט, אַן אינערליכע אָפּגעלאָזענקייט, אזוי צו זאָגען.

— אלזאָ ביי אייך קען מען דאָס נאָך ענטשולדיגען, ביי אונז ניט?

— אויך קראנקהייטען קען מען ניט מוחל זיין, ווען מען היט זיך ניט אָפּ פון זיי, ווויסענדיג, אַז פון דער נאַטור איז מען גענייגט צו זיי. אָבער מיר הויבען אָן צו ריידען אַפאָריזמען, מיר געפי־נען זיך אַלזאָ אויף דעם וועג פון האַלבע־ אָדער פערטעל־אמת׳ען. לאָמיר זיך אומקעהרען צו אייער קווינטעט. דאָס טעמאַ פון אַראַ־זשיאָ געפעלט מיר בעסער פון אַלץ.

נעאָרג האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ.

— דאָס האָב איך אַמאָל אין פּאַלערמאָ געהערט.

— ווי ? — האָט לעאָ געפרעגט, — זאָל דאָס זיין אַ סיציליאַ־נישע מעלאָדיע ?

— ניין, פון די כוואַליעס פון ים האָט עס מיר אַרויסגעקלונגען, בעת איך האָב אין אַ פריהמאָרגען איינער אַליין געשפּאַצירט ביים ברעג. דאָס זיין איינער אַליין העלפט מיר בכלל צום שאַפען. אויך פרעמדע געגענדען. איך לייג דערום פאַרשידענע האָפנונגען אויף מיין רייזע.

ער האָט איהם דערצעהלט וועגען היינריך בערמאַנ׳ס אָפּערא־סיזשעטען און האָט איהם געבעטען, ווען היינריך וועט צוריק קו־מען, ווירקען אויף איהם, אַז ער זאָל זיך ערנסט נעמען פאַר דעם אָפּערא־טעקסט.

— ווייסט איהר נאָך ניט, — האָט לעאָ געזאָגט, — אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבען ?

— איז דאָס אמת ? ווען ? פון וואַנען ווייסט איהר דאָס ?

— היינט אין דער פריה האָב איך דאָס געלעזען אין דער צייטונג.

זיי האָבען גערעדט וועגען היינריכ׳ס באַציהונג צום געשטאָרבע־נעם, און לעאָ האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז ס׳וואָלט אפשר בעסער געוועזן, ווען די עלטערן וואָלטען זיך אַמאָל עפּעס אָפּלער־נען פון זייערע קינדערס ערפאַהרונגען, אָנשטאָט צו פאַרלאַנגען, אַז יענע זאָלען זיך רק צופּאַסען צו דער קלוגשאַפט פון עלטערע מענ־שען. זיי האָבען גערעדט וועגען דער באַציהונג פון פאָטערס צו זייערע זיהן, וועגען עכטער און פאַלשער דאַנקבאַרקייט, וועגען דעם טויט פון געליעבטע מענשען, וועגען דעם אונטערשייד צווישען טרויער און שמערץ, וועגען דער געפעהרליכקייט פון עראינערונגען און דער פליכט צו פאַרגעסען.

נעאָרג האָט געפֿיהלט, אז לעאָ האָט זיך טיעף אריינגעטראַכט אין די אַלע ערנסטע פֿראַגען, אז ער איז געווען איינזאם און האָט גע־וואוסט, ווי אַזוי צו זיין איינער אַליין. ער האָט איהם כמעט ליעב געקראָגען, בשעת שפּעט ביינאַכט האָט זיך הינטער איהם פֿאַרמאַכט די טיר. און דער געדאַנק, אז דאָס איז געווען דער העלד פֿון אַנאַ'ס ערשטע טרוימען, איז איהם געווען אנגענעם.

די פּאָר טעג וואָס זיינען פֿאַרבליבען, זיינען פֿאַרגאַנגען שנע־לער, ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען, אין באַזאָרגען און איינקויפֿען אַלץ און מאַכען אַלערליי פֿאָרבערייטונגען. אין איין אָוועגט זיינען נעאָרג און אַנאַ געפֿאָהרען באַזונדער צום וואַקזאַל. דאָרט האָבען זיי זיך באַגעגענט און האָבען זיך אין שפּאַס זעהר העפֿליך באַגריסט, ווי ווייטע באַקאַנטע, וואָס האָבען זיך צופֿעליג דערזעהן.

— אָ, מיין פֿריילין, וואָס פֿאַר אַ גליקליכער צופֿאַל! פֿאָהרט איהר אפשר אין מינכען?

— יאָ, הער באַראָן.

— ווי גוט דאָס איז! און האָט איהר שוין אַן אָרט אין שלאָף־וואַגאָן, מיין פֿריילין?

— יאָ, הער באַראָן, בעט נומער פֿינף.

— זעהט וואָס פֿאַר אַ צופֿאַל! איך האָב נומער זעקס.

דאַן האָבען זיי גענומען געהן הין און צוריק איבער דער פּלאַט־פֿאָרם. נעאָרג איז געווען זעהר גוט אויפֿגעלייגט, און איהם האָט גע־פֿרעהט, וואָס אַנאַ האָט אויסגעזעהן ווי אַן אינטערעסאַנטע אויסלענ־דערין אין איהר ענגלישען קלייד מיט דעם קליינעם רייזע־הוט און דעם בלויען שלייער. זיי זיינען דורכגעגאַנגען פֿאַרביי דעם גאַנצען צוג ביז צום לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז געשטאַנען אויסערהאַלב דער סטאַ־ציאָן און האָט אין אויפֿגערעגטע שטויסען געשיקט העל־גרויען דאַמף ארויף צום טונקעלען הימעל. ווייטער אויף דער ליניע האָבען שוואַך נעגליהט גרינע און רויטע לאַנטערנען. ערגעץ פֿון דער ווייט האָט זיך דערהערט אַ דערשראָקענע פֿייפֿעריי, און לאַנגזאם איז פֿון דער פֿינ־סטערניש אַ צוג אריינגעפֿאָהרען אין וואַקזאַל. אַ רויט ליכט האָט זיך משונה'דיג געוואָרפֿען אויף דער ערד הין און הער; צוערשט האָט עס אויסגעוויזען צו זיין מיילען ווייט, נאָר ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז עס פּלוצלונג געוואָרען זעהר נאָהנט. און אביסעל

ווייטער האָבן געשימערט די רעלסן אין זיך פארלאָרען אין דעם אונזיכטבארען, זיינע אוועקגעגאנגען אין נאָהנטע און ווייטע ערטער, אין די נאכט, אין דעם מאָרגען, אין דעם נעקסטען טאָג, אין דאָס אונערפאָרשליכע.

אנא איז אריינגעגאנגען אין קופע. נעאָרג איז נאָך א ווײלע געבליבען שטעהן אין דרויסען און האָט זיך אמוזירט, באטראכטענדיג די רייזענדע: איינינגע זיינען געווען אויפגערעגט און האָבען זיך געאיילט, אנדערע האָבען זיך געהאלטען רוהיג און מיט ווירדע, נאָך אנדערע האָבען נאָר געמאכט דעם אָנשטעל, אז זיי זיינען רוהיג. פארשידען זיינען אויך געווען די באגלייטער: עס זיינען געווען צווישען זיי טרויעריגע, פרעהליכע און גלייכגילטינע.

אנא האָט זיך ארויסגעבויגען פין פענסטער. נעאָרג האָט מיט איהר געפלוידערט און האָט זיך געהאלטען, ווי ער וואָלט נאָר ניט געוואָלט פאָהרען. אין דעם לעצטען מאָמענט איז ער אריינגעשפרונגען אין וואגאָן. דער צוג איז אָפּגעפאָהרען. אויף דער פלאטפאָרם זיינען געשטאנען מענשען, אומפארשטענדליכע מענשען, וואָס זיינען געבליבען אין וויען; און פאר זיי ווידער האָבען אויסגעוויזען אומפארשטענדליך די, וואָס זיינען איצט ווירקליך אוועקגעפאָהרען. א פאָר טאַשענטיכער האָבען געוועהט; דער שעף פון דער סטאציאָן איז געשטאנען מיט א וויכטיגער מינע און האָט נאָכגעשיקט דעם צוג א שטרענגען בליק; א טרעגער אין א בלוי־וויס געשטרייפטער לייוועגטענער בלוזע האָט היך געהאלטען א געלען סאקוואָיאזש און האָט גיעריג אריינגעקוקט אין אלע פענסטער. „מערקווירדיג, — האָט נעאָרג א טראכט געטאָן, — זיינען נאָך פאראן מענשען, וואָס פאָהרען אוועק און לאָזען איבער אין וויען געלע סאקוואָיאזשען".
אלץ איז פארשוואונדען, — טאשענטיכלאך, סאקוואָיאזש, דער סטאַציאָנס־שעף, די געביידען ביים וואקזאל, דאָס העל־באלויכטענע סיגנאל־הויז, די גלאָריעט, די שוואכע פייערלאך פון שטאָדט, די קליינע הוילע גאָרטענס ביי דער דאמבע. און אלץ ווייטער האָט דער צוג זיך געטראָגען דורך די נאכט. נעאָרג האָט זיך אָפּגעקערט פון פענסטער. אנא איז געזעסען אין ווינקעל, אוועקלייגענדיג איהר הוט און שלייער לעבען זיך. שטילע טרערען זיינען געראנען איבער איהר געזיכט.

— אנא, — האָט געזאָגט נעאָרג און האָט זי ארומגענומען און

געקושט איהרע אויגען און די ליפען, — אנא, — האט ער ווידער־האלט נאך צערטליכער און האט זי ווידער געקושט, — וואס ווייסטו! אלץ וועט דאך זיין אזוי גוט!

— דיר איז לייכט צו ריידען, — האט זי געזאגט, און איבער איהר שמייכלענדען געזיכט זיינען ווידער גערונען טרערען...

און אלץ איז ווירקליך געווען זעהר גוט. צוערשט האבען זיי זיך אפגעשטעלט אין מינכען. זיי האבען איבערגעשפאצירט אין די הויכע זאלען פון דער פינאקאטעק און האבען ענטציקטע זיך אפגעשטעלט פאר די אלטע, טונקעלע ווערענדע בילדער. זיי האבען געוואנדערט אין דער גליפאטעק צווישען מארמארנע געטער, קעניגען און העל־דען. און ווען אנא פלעגט פלוצלונג א מידע זיך אראפלאזען אויף א דיוואן, פלעגט זי פיהלען אויף זיך געארג'ס צערטליכען בליק. זיי זיינען געפאהרען דורכ'ן ענגלישען גארטען, אין די ברייטע אליען, אינטער די נאך נאקעטע בוימער; יונגע און גליקליכע, האבען זיי זיך געדריקט איינער צום אנדערען און האבען מיט פארגניגען גע־קלערט, אז מען נעמט זיי אן פאר א יונגע פאר, וואס איז אויף דער האכצייט רייזע. זיי זיינען געזעסען איינער לעבען דעם אנדערען אין דער אפערא, ביי „פיגארא“, „די מייסטערזינגער“, „טריסטאן“; און זיי האט אויסגעוויזען, ווי איבער זיי וואלט פון די געליעבטע טענער זיך געוועבט א דורכזיכטיגער שלייער און וואלט זיי אפגעשיידט פון די אנדערע. און זיי זיינען געזעסען ביי די שעהן־געדעקטע טישען אין די רעסטאראנען, האבען געגעסען, געטרונקען און געפלוידערט אין דער בעסטער שטימונג. און דורך וואונדערליכע פרעמדע גאסען זיי־נען זיי געגאנגען אהיים, וואו אין זייער געמיינשאפטליכען צימער האט אויף זיי געווארט די מילדע נאכט. א באק צו א באק פלעגען זיי בא־רוהיגטע איינשלאפען, און ווען זיי פלעגען זיך אויפכאפען, פלעגט צו זיי דורכ'ן פענסטער שמייכלען א פריינדליכער טאג, מיט וועלכען זיי האבען געקענט טאן וואס זיי ווילען. זיי האבען זיך בארוהיגט איינער אין אנדערען, ווי קיינמאל ניט פריהער, און האבען ענדליך איננאנצען איינער דעם אנדערען געהערט. דאן זיינען זיי געפאהרען ווייטער, אנטקעגנען דעם רוף פון פריהלינג; דורך צווישפרייטע טאלען, אויף וועלכע דער שניי האט געגלאנצט און איז צורונען; דאן, ווי דורך א לעצטען ווייסען ווינטערטרוים, איבער דעם ברענער אין באצען,

וואו זיי האָבען זיך בייטאָג געבאָדען אין זונענשטראַהלען אויף דעם מאַרק־פּלאַץ. אין אַ פּסח־אָוונט, שטעהענדיג אויף די אין ווינט נע־לופֿטערטע טרעפּ פֿון דעם ברייטען אַמפֿיטעאַטער אין וועראָנאַ, האָט געאָרג ענדליך זיך דערפֿיהלט אין דער געוווינשטער וועלט, וואוהין איהם איז איצט געווען באַשערט צו ברענגען אַן אמת־געליעבטע פֿרוי. פֿון רויטליך בלייכע וויטען האָט איהם, צוזאַמען מיט די אַלטע אייביגע ערינערונגען, וואָס געהערען אויך אַנדערע מענשען, געגריסט זיין אייגענע ווייטע קינדהייט; דער אָטעם פֿון די ווייטע טעג, ווען זיין מוטער האָט נאָך געלעבט, האָט שוין געציטערט דורך די פֿרעמדע אין היימישע לופֿט. ווענעדיג האָט איהם אויפֿגענומען פֿריינדליך, אָבער אָהן באַזונדערען צויבער; זי האָט איהם אויסגעוויזען אַזוי גוט באַקאַנט, ווי ער וואָלט ערשט נעכטען זי געהאַט פֿאַרלאָזען. אויף דעם פּלאַץ פֿון הייליגען מאַרקוס האָבען זיך געגריסט מיט איהם אַ סך ווייטערע באַקאַנטע פֿון וויען און האָבען געוואָרפֿען נייגעריגע בליקען אויף די פֿאַרשלייערטע דאַמע אין ברייטען מאַנטעל, וואָס האָט איהם באַגלייט. נאָר איינמאָל שפּעט אין אָוונט, ווען ער איז געפֿאָהרען אין אַ גאָנדעל דורך די שמאָלע קאַנאַלען, זיינען איהם די אומבאַוועג־ליכע פּאַלאַצען, וואָס האָבען אין אַלטעגליכען ליכט אויסגעזעהן ווי איינפֿאַכע באַציהונגען, ערשינען אין זייער שווערען גלאַנץ פֿון דער גאָלדענער פֿאַרגאַנגענהייט.

דאַן האָבען זיי פֿאַרבראַכט אַ פּאָר טעג אין שטעדט, וואָס ער האָט ענטוועדער אינגאַנצען ניט געקענט, אָדער האָט קוים געדענקט, אַז איינצעלווייז האָט ער אָפּגעשטעלט זיך אין זיי אויף עטליכע שעה. אין אַ שטיקענד הייסען טאָג אין פּאַדואַ זיינען זיי אַריינגעגאַנגען אין אַ האַלב־פֿינסטערע קירך און האָבען, געהענדיג לאַנגזאַם פֿון אַלטאַר צו אַלטאַר, באַטראַכט די איינפֿאַכע און הערליכע בילדער, אויף וועל־כע די הייליגע האָבען געוויזען זייערע וואונדער און האָבען דורכגע־ליטען זייערע מאַטערנישען. אין אַ טריבען, רעגענדיגען טאָג זיינען זיי אין אַ רוישיגער אָרימער קאַרעטע פֿאַרבייגעפֿאָהרען אַ שלאָס פֿון רויטען ציגעל. דער שלאָס איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ גראָבען, וואָס איז געווען אָנגעפֿילט מיט שטעהענדיגען גרוי־גרינליכען וואַסער. זיי זיינען געפֿאָהרען איבער אַ מאַרק־פּלאַץ, וואו נאַכלעסיג געקליידטע בירגער זיינען געזעסען פֿאַר אַ קאַפֿע־הויז. זיי זיינען געפֿאָהרען אי־

בער שטילערע און טרויעריגע גאסען, וואו גראז איז געוואקסען צווישען די גיט־גליכע שטיינער. און זיי האבען געמוזט גלויבען, אז אט די קלענליך אויסשטארבענדע שטאדט טראגט דעם הויך־קלינגענדען נאמען פעראַרא. אין באלאניא, וואו די לעבהאפטיג־אויפבליהענדע שטאדט האט געוויזען, אז מען שטעלט זיך דארט ניט צופרידען מיט דעם שטאלץ פון פארגאנגענער הערליכקייט, האבען זיי לייכטער אפּגעאטעמט. אבער ערשט ווען געארג האט דערזעהן די בערגלאך פון פיעזאלע, האט ער דערפיהלט די נאהנטקייט פון א צווייטער היימאט. דאס איז געווען יענע שטאדט, וואו ער האט אויפגעהערט צו זיין א אינגעל, וואו דער שטראם פון לעבען האט גענומען צירקולירען דורך זיינע אדערען. אין איינינע ערטער זיינען איהם אנטקעגען אויפגעשטאנען עראינערונגען, וואס ער האט מיט קיינעם ניט געוואלט טיילען. און אין דעם דאם, וואו יענע פלארענטינער מיידעל האט איהם געשיקט איהר לעצטען בליק פון אונטער איהר חתונה־שלייער, האט ער מיט אנא'ן גערעדט נאר וועגען דער אלטלערכענפעלדער קירך, וואו זיי האבען אין הערבסט צום ערשטען מאל גערעדט וועגען דער איצטיגער רייזע, וואס איז אזוי אומבאגרייפליך שנעל געווארען א ווירקליכקייט. ער האט אנגעוויזען אנא'ן דאס הויז, וואו ער האט געוואוינט מיט ניין יאהר צוריק. אונטען זיינען נאך געווען דיזעלביגע קראמען, וואו זייגערמאכער און הענדלער מיט קאראלען און שפּיצען האבען אנגעבאטען זייערע ארטיקלען. אזוי ווי דער צווייטער עטאזש איז געווען צום פארדינגען, וואלט געארג אהן שטערונג געקענט זעהן דעם צימער, וואו זיין מוטער איז געשטארבען. ער האט אבער לאנג געקלערט, צי זאל ער איבערטרעטען די שוועל פון דער וואוינונג. ערשט אין דעם טאג פון אפּפאהרען, אזוי ווי ער וואלט דאס דאך ניט געטארט פארביילאזען, איז ער אליין, אפילו ניט זאגענדיג אנא'ן, ארויפגעגאנגען די טרעפּ און איז אריין אין צימער. דער אלט־געווארענער פארטיע האט איהם ארומגעפיהרט, ניט דערקענענדיג איהם. אומעטום איז נאך געשטאנען דיזעלביגע מעבעל; דער מוטערס שלאפצימער האט נאך אויסגעזעהן פונקט ווי פאר צעהן יאהרען, און אין דעמזעלביגען ווינקעל איז געשטאנען דאסזעלביגע בעט פון ברוינעם האלץ מיט דער טונקעל־גרינער, מיט זילבער געשטיקטער סאמעטענער דעקע. אבער די געפיהלען, וואס געארג האט ערווארט, האבען

זיך אין, איהם ניט אויפגעהויבען. א סודע עראינערונג, אויבערפלעכ־ליכער און פארבלאזער ווי ווען עס איז, האט זיך דורכגעטראגען אין זיין נשמה. ער איז לאנג געשטאנען ביים בעט, וועלענדיג ארויסרייסען אין זיך די עמפינדונגען, די וועלכע ער האט זיך געפיהלט פארפליכטעט. ער האט געמורמעלט דאס ווארט „מוטער“ און האט זיך געפרואווט פארשטעלען, ווי זי איז דא אין דעם בעט אפגעלעגען אזוי פיעל טאג אין נאכט. ער האט זיך דערמאנט די שעה'ן, ווען זי האט זיך געפיהלט בעסער, און ער האט איהר געקענט פארלעזען אדער שפיעלען פאר איהר אין א הערבסטאינען צימער אויפ'ן קלאוויר. ער האט געזעהן אין ווינקעל דעם קליינעם רונדען טיש, ביי וועלכען דער פאטער און פעליציאן פלעגען שפיל רערען צווישען זיך, ווען די מוטער פלעגט נאר איינשלאפען. און ענדליך איז פאר איהם קלאר און נאהנט, ווי אויף דער ביהנע, אויפגעשטאנען דאס בילד פון יענעם שרעקליכען אווענט, ווען דער פאטער און דער ברודער זיינען אוועקגעגאנגען, און ער איז אליין געזעססען ביי דער מוטערס בעט און האט געהאלטען איהר האנט אין זיינער... ער האט ווידער אלץ דערזעהן און דער־הערט, האט זיך דערמאנט, ווי נאך א רוהיגען טאג האט זי פלוצלונג גענומען זיך פיהלען שלעכט; ווי ער האט שנעל געעפענט דאס פענ־סטער, און צוזאמען מיט דער ווארימער מערץ־לופט האבען זיך אריינ־געריסען די רייד און געלעכטער פון פרעמדע מענשען; ווי זי איז נאכדעם געלעגען מיט אפענע, אבער שוין אויסגעלאשענע אויגען,— איהרע האר, וואס זיינען נאך ערשט מיט א פאר סעקונדען צוריק אראפגעפאלען איהר אין ווערען אויפ'ן שטערן און שליפען, זיינען איצט פארפלאנטערט און טרוקען געלעגען אויפ'ן קישען, און איהר לינ־קע האנט מיט ווייסע צוזאמענגעקראמפטע פינגער איז אראפגעהאנגען פון בעט. מיט אזא אומגעהויערער לעבעדיגקייט איז דאס בילד פאר איהם אויפגעשטאנען, אז ער האט ווידער געקענט זעהן זיין איינענעם קינדערישען פנים און הערען זיין לאנג פארקלונגענעם געוויין... אבער קיין פיין האט ער איצט ניט געפיהלט. דאס איז דאך שוין געוועזען אזוי לאנג צוריק, — כמעט צעהן יאהר.

“E bellisima La vista di questa finestra” (די שעהנסטע איס־זיכט פון אט דעם פענסטער)—האט פלוצלונג געזאגט דער פארטיע הינטער איהם און האט געעפענט דאס פענסטער. און מיט אמאל ווי אין

יענעם לאַנג פאַרגאַנגענעם אָווענט, האָבען זיך פון אונטען אַריינגעדריי־סען אין ציממער מענשליכע שטיממען, און אין דעמזעלבען אויגענבליק האָט אין זיינע אויערען אָפּגעקלונגען די שטים פון זיין מוטער, ווי ער האָט זי דאַן פאַרנומען, אַ בעטענדע, אַ שטאַרבענדע... „געאָרג... גע־אָרג..." און פון דעם טונקעלען ווינקעל, אויף דעם אָרט, וואו די קישענס זיינען דאַן געלעגען, האָט עפּעס בלייכעס אַ שיין געטאָן פאַר איהם. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט באַשטעטיגט: „בעליסימאַ וויסטאַ". אָבער די שעהנע אויסזיכט איז געוועזן ווי באַ־דעקט מיט אַ טונקעלען שלייער. „מוטער", האָט ער געמורמעלט, און נאָך אַ מאָל „מוטער"... אָבער צו זיין אייגענער פאַרוואונדערונג האָט ער דערביי ניט געקלערט וועגען דער, וואָס איז שוין לאַנג באַגראָבען און וואָס האָט איהם געבאָרען; צי אַן אַנדערער איז דאָס וואָרט געווען געווענדט, צו דער, וואָס איז נאָך קיין מוטער ניט געווען, וואָס וועט ווערען מוטער אין עטליכע מאָנאַטען אַרום... צו דער מוטער פון אַ קינד, וועמעס פאָטער ער איז. און פּלוצלונג האָט דאָס וואָרט גענומען קלינגען ווי עפּעס, וואָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרען, וואָס איז נאָך ביז איצט ניט פאַרשטאַנען געוואָרען, ווי אין דער ווייט פון דער צוקונפט וואָלטען צוזאַמען מיט דעם וואָרט געקלונגען געהיימניספול זינגענדיגע גלאָקען. און געאָרג האָט זיך געשעמט, וואָס ער איז אָהער אַרויפגעקומען אַליין אין געהיים. איצט וועט ער אפילו ניט קענען דערצעהלען אַנאַ'ן, אַז ער איז דאָ געוועזן.

אויפ'ן אַנדערען טאָג אין דער פריה זיינען זיי אָפּגעפאָהרען נאָך רוים. און אין דער צייט, ווען געאָרג האָט פון טאָג צו טאָג זיך געפיהלט אַלץ היימישער, פרייער און פעהיגער אויפצונעמען נייע עמפינדונגען, האָט אַנאַ גענומען אַלץ מעהר ליידען פון שווערער מידקייט. אָפטמאָל פלעגט זי בלייבען אַליין אין האָטעל, ווערענד ער פלעגט אומגעהן אין די גאַסען, וואַנדערען דורך דעם וואַטיקאַן, געהן אויפ'ן פאָרום אין פּאַלאַטין. זי האָט איהם קיינמאָל ניט צוריקגעהאַלטען, אָבער ער פלעגט פאַר'ן אוועקגעהן פיהלען זיך פאַרפליכטעט צו טרייסטען זי און פלעגט זאָגען: „נו, דאָס וועט שוין בלייבען פאַר דיר אויף אַן אַנדערס מאָל, איך האָף, אַז מיר וועלען דאָ אינגיכען ווידער זיין". דאַן פלעגט זי שמייכלען שלוי, ווי זי וואָלט שוין מעהר נאָר ניט געצווייפעלט, אַז זי וועט אַמאָל זיין זיין פרוי; און ער אַליין

־דאָס זיך געמוזט מודה זיין, אז ער האַלט שוין מעהר ניט אויז אויס־
וועג פאַר אוממעגליך. ער האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען
אז אין הערבסט וועלען זיי זיך צושיידען און געזעגענען זיך אויף אייך־
ביג. דאָך האָבען זיי איצט קיינמאָל ניט גערעדט קלאָר וועגען דער
ווייטער צוקונפט. ער האָט מורא געהאַט צו רעדען וועגען דעם, און
זי האָט געהאַלטען פאַר דאָס בעסטע ניט אויפצואוועקען אין איהם
אָט די מורא. און גראָד אין פאַרלויף פון אָט די טעג אין רוים, ווען
ער פלעגט אָפט שטונדענלאַנג שפּאַצירען אליין אין דער פרעמדער
שטאָדט, האָט ער אמאָל געפיהלט, ווי ער וואָלט אויף א ווײַלע באַ־
האַלטען זיך פון אנאַ'ן, און דאָס איז איהם ניט געווען אומאַנגענעם.
איין אָוונט האָט ער אומגעוואַנדערט צווישען די רואינען פון קייז־
זערליכען פּאַלאַץ, ביז עס איז טונקעל געוואָרען, און מיט דער שטאָל־
צער ענטציקונג פון דעם איינזאַמען וואַנדערער האָט ער געקוקט, ווי
די זון פאַרגעהט אין קאַמפּאַניא. דאַן איז ער געפאָהרען אין דער לענג
פון דער אַנטיקער שטאָדט־וואַנט אויף מאָנטע פינטשיאָ; און ווען
ער איז געזעסען אָנגעלעהנט אין ווינקעל פון דער קאַרעטע אין האָט
געקוקט איבער די דעכער אויף דעם קופּעל פון סט. פּעטער'ס קירך,
איז ער געווען איבערצייגט, אז ער לעבט איצט דורך דעם שעהנסטען
מאָמענט פון דער גאַנצער רייזע. ערשט שפּעט איז ער געקומען צו־
ריק אין האָטעל און האָט געפונען אנאַ'ן ביים פענסטער, א פאַרווייני־
טע, א בלייכע, מיט רויטע פלעקען אויף די אביסעל אויפגעבלאָזענע
באַקען. גאַנצע צוויי שעה האָט זי פאַרבראַכט אין שרעק און אַנגסט,
מיינענדיג, אז מיט איהם האָט אַן אומגליק געטראָפען, אז מען האָט
איהם באַפאַלען און דער'הרג'עט. ער האָט גענומען זי בארוהיגען,
אָבער ער האָט ניט געקענט געפינען די הערצליכע ווערטער, אין וועל־
כע ער האָט זיך גענויטיגט, ווייל איהם האָט אויסגעוויזען, אז ער איז
ניט פריי און געבונדען אויף אַן אומווירדיגען אופן. זי האָט געפיהלט
זיין קאַלטקייט און האָט איהם געגעבען צו פאַרשטעהן, אז ער ליעבט
זי ניט גענוג; ער האָט געענטפערט איפגערעגט, כמעט פאַרצווייי־
פעלט; זי האָט איהם אָנגערופען האַרצלאָזער עגאָאיסט. ער האָט
פאַרביסען די ליפּען, האָט גאָרניט געענטפערט און איז אומגעגאַנגען
־ין און צוריק איבער'ן צימער. ניט איבערגעבעטען זיך, זיינען זיי
נעגאַנגען אין עסצימער, האָבען שווייגענדיג אָפּגעגעסען און זיינען

געגאַנגען שלאָפֿען, ניט זאָגענדיג איינער דעם אַנדערן „אַ גוטע נאַכט“. דער קריעג האָט ארויפגעוואָרפען א שאָטען אויף די נעקסטע עטליכע טעג. ערשט פאָהרענדיג נאָך נעאפאָל, אליין אין דעם קופע און אין דער פרייד איבער דעם נייעם פעיזאזש, וואָס האָט זיך געשפרייט פאר זיי, האָבען זיי זיך איינגעגלעצען איבערגעבעטען. פון יענעם מאָמענט אָן האָט ער זי מעהר ניט איבערגעלאָזען אויף א מינוט; זי האָט איהם אויסגעוויזען ריהרענד אין איהר הילפלאָזיגקייט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון באזוכען מוזעען, ווייל זי האָט איהם ניט געקענט באגלייטען. זיי זיינען געפאָהרען צוזאמען אויף שפּאציר אויף דעם פּאָזיליפּ און אין ווילא נאציאָנאלע. אויף דער וואנדערונג דורך פּאָמפּעי איז ער געגאנגען לעבען איהר טראָגבעטעל, א צערטליכער און געדולדיגער מאַן; און וועהרענד דער פיהרער האָט געגעבען זיינע ערקלערונגען אויף א שלעכטען פראנצויזיש, האָט געאָרג אָנגענומען און א קויש געטאָן אנא'ס האנט און האָט אין באַגייסטערטע ווערטער געפּרואווט איהר איבערגעבען א טייל פון דער ענטציקונג, וואָס ער האָט געפיהלט, זעהענדיג אָט די געהיימניספולע שטאָדט אָהן דעכער, וואָס איז גאס נאָך גאס, הויז נאָך הויז ארויסגעטראָטען פון דער פינסטערניש פון איהר צוויי־טויזענדיאָהריגער פארזונקענהייט אנטקעגען דעם אונפאַרענדערליכען ליכט פון דעם בלויען הימעל. און ווען זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף אן אָרט, וואו איינינע ארבייטער האָבען מיט פאָרזיכטיגע קלעפּ פון זייערע שאָפלען געהאלטען אין אריסברענגען פון אש א צובראָכענעם זייל, האָט ער אויף דעם אָנגעוויזען אנא'ן מיט אזעלכע לויכטענדיגע אויגען, ווי אָט די סצענע וואָלט געווען א געשאנק, וואָס ער האָט שוין לאנג געוואָלט איהר ברענגען, און ווי אין אליז, וואָס איז ביז איצט געשעהן, וואָלט ער געהאט נאָר דעם איין ציעל: צו ברענגען זי אין דער איצטיגער מינוט צו אָט דעם אָרט און איהר געבען די מעגליכקייט צו זעהן אָט דעם וואונדער.

אין א טונקעל־בלויער מאי־נאַכט זיינען זיי געלעגען אין צוויי זעגעלטוכענע שטולען אויפ'ן דעק פון א שיף, וואָס האָט זיי געפיהרט נאָך גענוא. אן אלטער פראנצויז מיט רעלע אויגען, וואָס איז ביים אָוועגטברויט געזעסען אנטקעגען זיי, האָט זיך לעבען זיי אָפּגעשטעלט אויף א מינוט און געוואונדערט זייער אויפמערקזאמקייט אויף

די ליבערען, וואָס זיינען געהאַנגען ווי שווערע זילבערנע פּ׳אַפּענס
אין דער אונענדליכקייט. איינינע פון די שטערען האָט ער אָנגערו־
פען מיט׳ן נאָמען, הערצליך און פריינדליך, ווי ער וואָלט עס געהאַ־
טען פאר זיין פליכט פאַרצושטעלען איינע פאר די אַנדערע די לויכ־
טענדע הימעלשע וואונדער און די יונגע פּאָר. דאַן האָט ער געזאָגט
„א גוטע נאַכט" און איז אַראָפּגעגאַנגען צו זיך אין קאַיוטע. און גע־
אָרג האָט נעקלערט וועגען זיין איינזאַמער רייזע אויף דעמזעלבינען
וועג, אונטער דעמזעלבינען הימעל פּאָרינען פריהלינג, נאָכדעם ווי ער
האָט זיך צושיידט מיט נריים. ער האָט וועגען איהר דערצעהלט אנא׳ן
ניט אַזוי פון אַן אינערליכער באַדערפניש, ווי פאַרצושטעלען לעבעדיג
אַ באַשטימטע געשטאַלט, אָנרופען אַ נאָמען און מיט דעם באַפרייען
זיין פאַרגאַנגענהייט פון יענעם געהיימניספולען שרעק, וואָס פלעגט
אַמאָל פאַר אנא׳ן איינהילען אָט די פאַרגאַנגענהייט זיינע. אנא
האָט נעוואוסט וועגען לאַבינסקי׳ס טויט, וועגען געאָרג׳ס געשפּרעך
מיט נריים אויף לאַבינסקי׳ס קבר, וועגען איהר אויפהאַלטען זיך צו־
זאַמען מיט נעאָרג׳ען אין סיציליען ; ער האָט אנא׳ן אפילו נעוויזען
אַ פּאָרטרעט פון נריים. און דאָך האָט ער מיט אַ לייכטען שרעק
איינגעזעהן, ווי ווענינ אנא האָט געוואוסט וועגען יענער צייט פון
זיין לעבען, וועגען וועלכער ער האָט גערעדט מיט איהר כמעט אינ־
גאַנצען פריי ; אין ער האָט דערפיהלט, ווי אונמעגליך עס איז צו
געבען אַ באַגריף אַן אַנדער מענשען וועגען אַ צייט, וואָס אַזוי ניט
דורכגעלעבט געוואָרען צוזאַמען, וועגען דעם אינהאַלט פון אַזוי פיעל
טענ און נעכט, ווען יעדע מינוט איז נעווען אָנגעפילט מיט דער
ניגענוואַרט. ער האָט אויך איינגעזעהן, ווי אומבאַדייטענד און ניש־
טיג עס זיינען די קליינע אומאויפריכטינקייטען אין זיין דערצעהלען
אנטקעגען דעם אומפאַרניכטבאַרען אטעם פון ליגען, וואָס איז פאַר־
באָרגען אין יעדער ערוואַרטונג אויפ׳ן קורצען וועג פון איינעמס לי־
פען צו אַ צווייטענס אויערען. און ווען אנא וועט אַמאָל וועלען דער־
געהלען, אַזוי אויפריכטינ ווי מעגליך, אַן אַנדער פריינד, אַן אַנדער
געליעבטען וועגען דער צייט, וואָס זי האָט פאַרבראַכט מיט געאָרג׳ן,
וואָס וועט אייגענטליך יענער קענען ערפאַהרען ? ניט פיעל מעהר
פון אַ געשיכטע, וואָס ער האָט שוין הונדערט מאָל געלעזען אין בי־
כער : אַ יונג מיידעל האָט געליעבט אַ יונגען מאַן, איז מיט איהם

אַרומגעפאָהרען; אַמאָל איז זי געווען גליקליך, און אַמאָל איז איהר געווען לאַנגווייליג; אַמאָל פלעגט זי פיהלען, אַז זי לעבט מיט איהם איין לעבען, און צייטענווייז פלעגט זי דאָך ליידען פון איינזאַמקייט, און ווען זי וואָלט אפילו געפרואווט איהם אָפּגעבען אַ רעכענונג פון יעדער מינוט... דאָס וואָלט אָבער דאָך געבליבען אַ פאַרגאַנגענהייט, וואָס קען ניט אומגעקערט ווערען, און פאַר דעם, וואָס האָט דאָס אַליין ניט דורכגעלעבט, קען דאָס פאַרגאַנגענע קיינמאָל ניט זיין קיין ווירקליכקייט.

די שטערען האָבען געגלאַנצט איבער זיי. אנא'ס קאָפּ איז לאַנגזאַם אַראָפּגעזונקען צו זיין ברוסט, און ער האָט איהר צערטליך גענומען אין זיינע הענט. נאָר דאָס שטילע רוישען אין דער טיף האָט געוויזען, אַז דאָס שיף באַוועגט זיך. זיי זיינען איצט געגאַנגען אַנטקעגען מאָרגען, היימאַט, צוקונפט. די צייט, וואָס האָט אַזוי לאַנג שווייגענדיג גערוהט איבער זיי, האָט איצט גענומען קלינגען און זיך דרעהען. געאָרג האָט פּלוצלונג דערפיהלט, אַז ער האַלט שוין מעהר ניט זיין שיקזאַל אין זיינע הענט. אַלץ איז געגאַנגען זיין וועג. און איצט האָט ער געפיהלט מיט'ן גאַנצען קערפּער ביז צו די האָר, ווי דאָס שיף אונטער זיינע פיס איילט אָהן אַן אָפּהאַלט פאָרווערטס.

אין גענוא זיינען זיי געבליבען נאָר איין טאָג.ביידע האָבען געבענקט נאָך רוה; געאָרג'ן האָט איבער דעם געצויגען צו זיין אַרבייט. זיי האָבען נאָר געוואָלט פאַרברענגען נאָך עטליכע וואָכען אויף אַן איטאַליעניישען לאַנדזיצ און אָפּפאָהרען אַהיים אינמיטען יוני. ביז דאַן וועט אויך זיין פאַרטיג דאָס הויז פאַר אנא'ן. פרוי גאַלאָווסקי האָט אויסגעפונען אַ האַלבען טוץ פּאַסיגע הייזער און האָט געשיקט אנא'ן גענויע באַשרייבונגען; זי האָט געוואַרט אויף אנא'ס ענטשיידונג, און דערווייל האָט זי אויף יעדען פאַל ווייטער געזוכט. פון גענוא זיינען זיי געפאָהרען נאָך מילאַן, זיי האָבען שוין אָבער ניט געקענט פאַרטראָגען דאָס רוישיגע לעבען פון דער שטאָדט, און שוין אויפ'ן צווייטען טאָג זיינען זיי אָפּגעפאָהרען נאָך לוגאַנאָ.

דאָ האָבען זיי שוין פאַרבראַכט פיער וואָכען. און מאָרגען נאָך מאָרגען איז געאָרג געגאַנגען אויפ'ן וועג, וואָס האָט איהם אויך געפיהרט אין דער לענג פון דעם שעהנעם ברעג, דורך פּאַראַדיזאָ, צו

דעם [illegible] פון וועג, וואו ער האט יעדעס מאל ענטדעקט א נייע אויס־
זיכט. זיי איז געבליבען נאר עטליכע טעג דא צו פארברענגען. ווי
גוט אנא האט זיך דא ניט געפיהלט פון אנהויב אן, איז עס דאך גע־
ווען צייט צו באזעצען זיך נאהנט פון וויען און לעבען רוהיג, ניט
מורא האבענדיג פאר צופעלינקייטען. די טעג אין לונאנא האבען
אויסגעוויזען געארג'ן ווי די בעסטע אין דער גאנצער צייט, זינט
ער איז אפגעפאהרען פון וויען. און אמאל, אין די שעהנסטע מינו־
טען, פלעגט ער זיך פרעגען, צי איז אפשר ניט די צייט, וואס ער האט
דא פארבראכט, די בעסטע צייט פון זיין גאנצען לעבען. קיינמאל
האט ער זיך ניט געפיהלט אזוי פריי פון פארלאנגען, אזוי בארוהיגט
אין אויסזיכט אויף די צוקונפט און אין דער עראינערונג, ווי דא;
און ער האט מיט פרייד געזעהן, אז אנא איז אויך פאלשטענדיג גליק־
ליך. א מילדקייט, פול ערווארטונג, האט געלויכטען אויף איהר גע־
זיכט. איהרע אויגען האבען געבליקט פרעהליך און קלוג, ווי אין דער
צייט, ווען געארג האט נעשטרעבט זי צו באזיצען. אהן אומרוהיג־
קייט, אהן אומגעדולד אין איהרע אויפבליהענדע מוטערליכע געפיה־
לען, שטעלענדיג זיך העכער פון פאראורטיילען און זארגען וועגען צו־
קונפטינע שווערינקייטען, האט זי א באנליקטע געווארט אויף די גרוי־
סע שעה, ווען זי וועט דער ערווארטענדער ישעפונג דארפען אומקערען
ווי א באזעלטע באשעפעניש דאס, וואס איהר לייב האט איינגעזאפט
אין זיך אין דעם האלב אומבאוואוסטען אויגענבליק פון גליק. מיט
פרייד האט געארג געזעהן, ווי אין איהר ווערט רייף די לעבענס־בא־
גלייטערין, וואס ער האט געהאפט צו געפינען אין איהר, וואס פלעגט
אבער צייטענווייז פון איהם פארשווינדען. אין געשפרעכען איבער
זיינע ארבייטען, וועלכע זי פלעגט זארגפעלטיג דורכזעהן, איבער דעם
עצם פון געזאנג, איבער אלגעמיינע מוזיקאלישע פראגען האט זי
ארויסגעוויזען מעהר וויסען און געפיהל, ווי ער האט ווען עס איז גע־
קאנט פון איהר ערווארטען. און כאטש ער האט קיין סך ניט אנגע־
שריבען, האט ער אבער געפיהלט, ווי ער וואלט אינערליך געמאכט
פארטשריט. מעלאדיען האבען אין איהם געקלונגען, הארמאניען זיינען
געבארען געווארען; און מיט א טיפען פארשטעהן האט ער דערמאנט
פעליציאנ'ס באמערקונג אמאל, נאכדעם ווי ער האט מאנאטען לאנג
ניט געמאכט קיין איבונגען מיט דער ראפיר, אז זיין ארעם וועט

פאר דער צייט קומען אויף גוטע געדאנקען. איצט האט די צוקונפט איך ניט ארויסגערופען אין איהם קיין זארגען. ער האט געוואוסט, אז ווי נאר ער וועט קומען אין וויען, וועט ער אנהויבען ערנסט ארבייטען, און זיין וועג איז פאר איהם געלעגען אפען און קלאר.

לאנג איז געווען נעשטאנען ביים אויסבויג פון וועג. א קורצע, ברייטע לאנדצונג, נעדיכט באוואקסען מיט קליינע, נידריגע בוימלעך, האט זיך פון דאנען אויסגעשטרעקט אין ים; און עטליכע טריט ווייטער איבער א שמאלען שטעגעל איז געווען א הילצערנע באנק, וואס מען האט ניט געקענט זעהן פון וועג, און אויף וועלכער נעארג האט ליעב געהאט זיך צוצוזעצען אויף א ווײלע, איידער ער פלעגט זיך אומקערען אין האטעל.

„ווי אפט נאך? — האט ער איצט א קלער געטאן נעגען זיין ווילען. — אפשר פינף אדער זעקס מאל, און דאן צוריק נאך וויען“.

— און ער האט זיך נעפרעגט, וואס וואלט געווען, ווען זיי קערען זיך ניט אום, ווען זיי באזעצען זיך ערגעץ אין איטאליען אדער אין דער שווייץ און הויבען אן א נייע לעבען מיט דעם קינד אין דער דאפעלשער רוהע פון דער נאטור און דער ווייטקייט פון דער היים. וואס וואלט געווען?... נארניט. קיינער וואלט אפילו ניט שטארק נעוואונדערט זיך. אין זיין אדער אנא'ס אבוועזענהיים וואלט פאר קיינעם ניט געווען קיין פיינליכער, אומערזעצליכער פארלוסט. ביי דעם געדאנק האט ער זיך געפיהלט ניכער ערלייכטערט, איידער טרויעריג; איהם האט נאר פארדראסען, וואס אמאל פלעגט איהם דאך איבערוועלטיגען א מין היימוועה, א מין בענקשאפט אפילו נאך איינצעלנע מענשען. און אפילו איצט, ווען ער האט דא איינגעאטעמט די ים־לופט און האט געקוקט אין די בלויע ווייט פון דעם פרעמדען הימעל, פיהלענדיג די פרייד פון איינזאמקייט און פרייהייט, אפילו איצט האט זיין הארץ גענומען שטארקער קלאפען, ווען ער האט געקלערט וועגען די וועלדער און בערגלעך ארום וויען, וועגען רינג שטראסע, דעם קלוב און זיין גרויסען צימער מיט דער אויסזיכט אויפ'ן שטאדט־פארק. עס וואלט איהם באנג געטאן, ווען זיין קינד זאל געבארען ווערען ניט אין וויען. פלוצלונג איז איהם איינגעפאלען, אז היינט מוז זיין א בריעף פון פרוי נאלאווסקי, און אנדערע בריעף פון וויען, און ער האט באשלאסען אריבערצוגעהן אין פאסט,

אײדער ער קערט זיך אום אין האָטעל. ווייל דאָ, פונקט ווי אויף דער גאַנצער רייזע, האָט ער ניט אָנגעגעבען דעם אַדרעס פון האָטעל, אום צו פיהלען זיך זיכערער קעגען אַלערליי צופעליגקייטען, וואָס קענען קומען פון דער אויסערליכער וועלט. פון וויען האָט מען איהם ניט פיעל געשריבען. אינהאַלטסרייכער פון אַלע, ניט קוקענדיג אויף זייער קורצקייט, זיינען געוועזען היינריך'ס בריעף; און געאָרג האָט געפיהלט, אַז דאָס דאַרף מען ערקלערען ניט אַזוי מיט דעם שרייבערס באַדערפניש זיך אַרויסצוזאָגען, ווי מיט דעם, וואָס ער האָט אין זיינע זאַצען געקענט אַריינגעבען דעם אָטעם פון לעבען. פעליציאַנ'ס בריעף זיינען געוועזען אַזוי קאַלט, ווי ער וואָלט אינגאַנצען פאַרגעסען זייער אינטימען געשפּרעך אין געאָרג'ס צימער און דעם ברודערליכען קוש, מיט וועלכען זיי האָבען זיך געזעגענט... „ער קען, נאַטירליך, אָננעמען, אַז זיינע בריעף וועלען געלעזען ווערען אויך פון אַנאַ'ן, — האָט געאָרג געקלערט, — און איהם ווילט זיך ניט אויפדעקען פאַר אַ פרעמדער דאַמע זיינע פערזענליכע פאַרהעלטניסען און געפיהלען". נירענבערגער האָט עטליכע מאָל קורץ געענטפערט אויף געאָרג'ס קאַרטלעך, און אויף אַ בריעף פון רוים, אין וועלכען געאָרג האָט מיט וואַרימקייט דערמאָנט זייערע ביידענס שפּאַצירען אין אָנהויב פריהלינג, האָט נירענבערגער געענטפערט מיט איראָנישע ענטשולדיגונגען און האָט באַדויערט, וואָס אויף יענע וואַנדערונגען האָט ער צופיעל דערצעהלט געאָרג'ן וועגען זיינע אייגענע פאַמיליען פאַרהעלטניסען, וואָס האָבען דאָך אַן אַנדער פערזאָן אַבסאָלוט ניט געקענט אינטערעסירען. פון דעם אַלטען אייסלער איז אין נעאַפּאָל אָנגעקומען אַ בריעף, אין וועלכען ער טיילט מיט, אַז מען קען ניט ערוואַרטען קיין וואַקאַנץ אויף דער דעטמאָלדער הויף־ביהנע, אַז געאָרג אָבער איז איינגעלאַדען פון גראַף מאַלניין, ווי אַ געווינשטער גאַסט, צו די פּראָבען און פאָרשטעלונגען, ביי וועלכער געלעגענהייט נאָהנטערע פאַרהעלטניסען וואָלטען זיך געקענט פאַרבינדען פאַר די צוקונפט. געאָרג האָט העפליך געדאַנקט, אָבער ער איז ניט געוועזען גענייגט צו וואַוינען לאַנג אין אַ פרעמדער שטאָדט ביי אַזעלכע אומקלאָרע אויססיכטען; און ער האָט פעסט באַשלאָסען צו זוכען זיך אַ זיכערע שטעלע, ווי נאָר ער וועט אָנקומען אין וויען.

אויסער אַז די בריעף איז מעהר קיין פּער־זענליכע נאַכריכט ניט געקומען פון דער היים. די גרוסען, וואָס אנא׳ס מוטער האָט געהאַל־טען פאַר איהר פליכט צו שיקען נעאָרג׳ען אין איהרע בריעף צו דער טאָכטער, האָבען זיין האַרץ ניט געריהרט, כאָטש אין דער לעצטער צייט זיינען זיי שוין מעהר ניט געווען אדרעסירט „דעם הערן באראָן", נאָר „נעאָרג׳ן". ער האָט דאָך געפיהלט, אז אנא׳ס עלטערן האָ־בען איינפאַך אָנגענומען, וואָס זיי האָבען ניט געקענט ענדערען, אי־נערליך אָבער האָט דאָס זיי געדריקט, און זיי האָבען זייערע אַנ־זיכטען ניט געענדערט אין דער געווינשטער ריכטונג.

ווי נעווענליך, איז נעאָרג צוריק נעגאַנגען ניט מיט׳ן ברעג. דורך ענגע גאַסען, צווישען גאַרטען־ווענט, דאַן אונטער בויגענגאַנגען און ענדליך איבער א גרויסען פּלאַץ, פון וואַנען דער ים האָט זיך ווידער געעפענט פאַר׳ן בליק, איז ער אַרויסגענאַנגען צו דער פאָסט־געביידע, ווּעמעס געלע פארב האָט געגלאַנצט אין זון און נעבלענדט די אויגען. א יונגע דאַמע, וועמען נעאָרג האָט שוין פון ווייטען נעזעהן נעהענדיג הין און צוריק אויפ׳ן טראָטואַר, האָט זיך אָפּגע־שטעלט, ווען ער איז צוגעקומען נעהנטער. זי איז געווען געקליידט אין ווייס און האָט נעטראָגען א ווייסען זון־שירעם איבער א ברייט־טען שטרוי־הוט מיט א רויטען באַנד. ווען נעאָרג איז שוין נעווען גאַנץ נאָהנט, האָט זי א שמייכעל געטאָן, און ער האָט דערזעהן א גוט באַקאַנטע געזיכט אונטער דעם ווייסען שלייער.

— איז דאָס מעגליך, פריילײן טערעזא ! — האָט ער אויסגערו־פען, אָננעמענדיג די אויסגעשטרעקטע האַנט.

— וואָס מאַכט איהר, באַראָן ! — האָט זי געענטפערט רוהיג, ווי זייער באַגעגעניש דאָ וואָלט געווען די זעלבסטפאַרשטענדליכסטע זאַך אויף דער וועלט. — ווי פיהלט זיך אַנא ?

— א דאַנק, זעהר גוט. איהר וועט זי דאָך יעדענפאַלס באַזוכען?

— אויב דאָס איז ערלויבט.

— איצט אָבער זאָגט מיר נאָר, ווי אַזוי זייט איהר געקומען אהער ! איז דאָס דען... — זיין בליק האָט פאַרוואונדערט באַטראַכט איהר אויסזעהן, — אַן אגיטאַציאָנס־רייזע ?

— דאָס קען איך אייגענטליך ניט זאָגען, — האָט זי געענטפערט און אַרויסגעשטעלט איהר קין, און די באַוועגונג האָט איצט ניט גע־

מאַכן איהר געזיכט העסליך, ווי געוועהנליך. — דאָס איז ניכער א וואקאציאָנס־רייזע. — און איהר געזיכט האָט געשיינט פון אַן אינער־ליכען גליכטער, ווען זי האָט דערזעהן נעאָרג׳ס בליק, געווענדט אויפ׳ן טויער, פון וועלכען רעמעטער סטאנצידעס איז ארויסגעקומען אין א ווייס־שווארץ געשטרייפטען אָנצוג פון פלאַנעל. ער האָט באַ־גריסט געאָרג׳ן, אויפהויבענדיג זיין ווייכע גרויע הוט, און האָט איהם געגעבען די האנט.

— גוט מאָרגען, באראָן, מיך פרעהט זעהר אייך צו זעהן ווידער.

— מיך פרעהט דאָס אויך זעהר, הער סטאנצידעס.

— קיין בריעף פאר מיר ניטאָ ? — האָט טערעזאַ זיך געווענדט צו רעמעטער׳ן.

— ניין טערעזאַ, נאָר עטליכע קארטלעך פאר מיר, — און ער האָט זיי ארייננעלייגט אין קעשענע.

— זינט ווען זייט איהר דען דאָ ? — האָט געאָרג געפרעגט און האָט זיך געמיהט אויסצוזעהן אזוי ווייניג איבערראשט ווי מעגליך.

— נעכטען אָוונט זיינען מיר אָנגעקומען, — האָט רעמעטער געענטפערט.

— דירעקט פון וויען ? — האָט געפרעגט געאָרג.

— ניין, פון מילאַן. מיר זיינען שוין א וואָך אויף דער רייזע.

— צוערשט זיינען מיר געווען אין ווענעדיג, ווי אַלע פיהרען זיך, — האָט צוגעגעבען טערעזאַ, פארריכט איהר שלייער און גענומען רע־מעטער׳ן אונטער׳ן אָרעם.

— איהר זייט פיעל פריהער ארויסגעפאָהרען, — האָט רעמעטער געזאָגט, — איך האָב מיט א פאָר וואָכען צוריק געזעהן אייער קאר־טעל ביי די עהרענבערגערס „דאָס הויז פון די וועטיע, פאָמפעי“.

— יאָ, איך האָב געהאט א וואונדערליכע רייזע.

— און איצט וועלען מיר געהן אביסעל באטראכטען די שטאָדט, — האָט טערעזאַ געזאָגט, — און מעהר דעם באראָן ניט אויפהאלטען, איהר געהט דאָך צו דער פאָסט נאָך בריעף.

— אָ, מיט דעם קען איך ווארטען. און מיר וועלען זיך דאָך יע־דענפאלס זעהן ווידער ?

— וועט איהר אונז פארשאפען דאָס פארגניגען, — האָט רעמע־

טער געזאָגט, — און האָבען לאָנטש מיט אונז אין האָטעל „איירָאָפּא״, וואו מיר שטעהען איין ?

— א דאנק, אָבער דאָס איז אומבאקוועם. אָבער... אָבער אפשר וועט איהר איינשטימען צו דינירען מיט... מיט אונז אין פּארק האָטעל ? ארום האלב זיעבען, אויב דאָס איז פאר אייך באקוועם. איך וועל הייסען גרייטען דעם טיש אין גאָרטען אונטער א וואונדער־שעהנעם פלאטאנענבוים, וואו מיר עסען געוועהנליך.

— יאָ, — האָט געזאָגט טערעזא, — מיר נעמען אָן אייער איינ־לאדונג מיט דאנקבארקייט. איך וועל אפשר קומען מיט א שעה פריה־ער, אביסעל צו פּלוידערען רוהיג מיט אנא'ן.

— זעהר שעהן, — האָט געזאָגט געאָרג, — זי וועט זיך זעהר פרעהען.

— אויף ווידערזעהן, באראָן, — האָט געזאָגט דעמעטער און האָט איהם הערצליך נעדריקט די האנט. — גיט איבער מיין גרוס אין דער היים !

טערעזא האָט פרעהליך צוגעווינקט געאָרג'ן מיט די אויגען, דאן איז זי מיט דעמעטער'ן אוועקגעגאנגען אין דער ריכטונג פון ברעג.

געאָרג האָט איהר נאָכגעקוקט. „ווען איך וואָלט זי ניט געקענט, — האָט ער א קלער געטאָן, — וואָלט דעמעטער זי לייכט געקענט מיר פאָר־שטעלען ווי זיין פרוי, די געבאָרענע פּרינצעסין עקס. מערקווירדיג ! אָט די צוויי...״ דאן איז ער אריינגעגאנגען אין פּאָסט, האָט געפּאָ־דערט זיין קאָרעספּאָנדענץ און האָט זי איילענדיג דורכגעקוקט. דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך איהם געוואָרפען אין די אויגען, איז געווען א קארטעל פון לעאָ גאָלאָווסקי. אויפ'ן קארטעל איז נאָר געשטאנען : „איך ווינש אייך דאָס בעסטע, ליעבער געאָרג“. דאן איז געווען א קארטעל פון וואלדשטיינגארטען אין פּראטער : „מיר האָבען נאָר וואָס געטרונקען פאר'ן געזונט פון אונזער ליעבען דעזערטירער. גוויי־דאָ שענשטיין, ראלף סקעלטאָן, די ראטענפרייליין״.

די בריעף פון פעליציאן, פרוי ראָזנער און היינריך האָט געאָרג געוואָלט איבערלעזען צוזאמען מיט אנא'ן אין הויז. אויסערדעם האָט ער געאיילט אהיים, צו דערצעהלען אנא'ן וועגען דעם אָנקומען פון דער זאָנדערבארער פּאָר. ער איז געווען ניט אינגאנצען רוהיג, ווייל אנא'ס בירגערליכע אינסטינקטען פלעגען אמאָל ערוואכען אויף

אַ גאַנץ אומערוואַרטען אופן. יעדענפאַלס האָט געאַרג באַשלאָסען צו דערצעהלען אנא'ן וועגען דעם, אז ער האָט איינגעלאַדען דעמעטער'ן און טערעזאַ'ן, אין אַזאַ טאָן, אַז דאָס זאָל אויסקומען אַ זעלבסטפאַרשטענדליכע זאַך; און ער האָט זיך צוגעגרייט ענטשידען צו ענטפערען אויף איהרע איינוועדונגען, אויב זי וועט זיך פיהלען געקרענקט, גע־ערגערט אָדער אונזיכער איבער זיין איינלאַדונג. ער אליין האָט זיך זעהר געפרעהט, קלערענדיג וועגען דעם אָוועגט, דעם ערשטען אָוועגט נאָך פיעלע וואָכען, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אויסשליסליך אין אנא'ס געזעלשאַפט. ער האָט כמעט מקנא געווען דעמעטער'ען, וואָס איז איצט אַזוי פרעהליך און זאָרגלאָז געפאָהרען אויף אַ פאַרגניגענס־רייזע, ווי ער אליין איז אַהער געפאָהרען מיט גרייס. און טערעזאַ איז איהם איצט אויך געפעלען מעהר ווי ווען עס איז פריהער. וויפיעל שעהנע פרויען ער האָט ניט באַגעגענט אין פאַרלויף פון לעצטען מאָנאַט, האָט ער נאָך קיין איין מאָל ניט געהאַט פאַר זיך קיין ערנסטען נסיון, נים קוקענדיג אויף דעם, וואָס אנא האָט אליין מעהר און מעהר פאַרלאָרען איהר ווייבליכען חן. היינט האָט ער צום ערשטען מאָל דערפיהלט אַ בענקשאַפט נאָך נייע אומאַרמונגען.

באַלד האָט ער דורך די גראַטען פון באַלקאָן דערזעהן אנא'ס העל־בלויע מאָרגענקלייד. ווי געוועהנליך, האָט ער געלאָזען וויסען וועגען זיך, פייפענדיג די ערשטע טאַקטען פון בעטהאָווען'ס פינפטער סימ־פאָניע; און באַלד האָט איבער'ן פאַרענטש זיך באַוויזען דאָס בלייכע, צאַרטע געזיכט פון דער געליעבטער, וואָס האָט איהם באַגריסט מיט אַ שמייכלענדיגען בליק פון איהרע גרויסע אויגען. ער האָט איהר געוויזען דאָס פעקעל בריעף, זי האָט צופרידען צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דאַן איז ער שנעל אַרויפגעקומען צו איהר אין צימער אויפ'ן באַלקאָן. זי איז האַלב געלעגען אויף אַ שטרויענעם שטול פאַר אַ טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ גרינליכען טישטוך און אויף וועלכען איהר האַנט־אַרבייט איז געלעגען, ווי אַלעמאָל, ווען געאָרג פלעגט קומען צוריק נאָך זיין מאָרגען שפּאַציר. ער האָט איהר אַ קוש געטאָן אויפ'ן שטערען און אויף די ליפען.

— וועמען מיינסטו האָב איך באַגעגענט? — האָט ער האַסטיג אַ פרעג געטאָן.

— עלזאַ עהרענבערג, — האָט זי געזאָגט, גאָר ניט קלערענדיג.

— ווי פאַלט דיר דאָס איין ? ווי אַזוי וואָלט זי אַהער גע[illegible]ען?

— יאָ, — האָט זי נעענטפערט מיט אַ שלויען שמייכעל, — זי האָט דאָך געקענט נאָכפאָהרען דיר.

— זי האָט געקענט, אָבער זי איז ניט נאָכגעפאָהרען. טרעף ווייטער, — ביז דריי מאָל.

— היינריך בערמאַן ?

— ווי קומט ! איבריגענס, איך האָב פון איהם אַ בריעף. ווייטער.

זי האָט זיך פאַרטראַכט.

— דעמעטער סטאַנצידעס, — האָט זי דאַן געזאָגט.

— יאָ, האָסטו זיך שוין עפּעס דערוואוסט ?

— ווי אַזוי קען איך וויסען ? איז ער ווירקליך דאָ ?

— צום טייוועל ! דו ביזט אינגאַנצען רויט געוואָרען ! אַהאָ !

ער האָט געוואוסט, אַז איהר איז אַמאָל געוועזן געפעלען דעמעטער'ס מעלאַנכאָליש־מעגליכע שעהנקייט, אָבער ער האָט ניט געפיהלט די קלענסטע אייפערזוכט.

— הייסט עס, ווירקליך סטאַנצידעס ? — האָט זי געפּרעגט.

— יע, סטאַנצידעס.

— אָבער ביי דעם בעסטען ווילען קען איך ניט איינזעהן, אַז דאָס זאָל זיין אַזוי זאָנדערבאַר.

— דאָס איז טאַקי ניט זאָנדערבאַר. אָבער ווען דו וואָלסט געוואוסט, מיט וועמען ער איז דאָ...

— מיט זיסי וויינער.

— אָבער . . .

— איך מיין פאַרהייראַט... דאָס קען דאָך אויך פאָרקומען.

— ניין, ניט מיט זיסי און ניט פאַרהייראַט, נאָר מיט דיין פריינדין טערעזאַ און אַזוי אומפאַרהייראַט. ווי נאָר מעגליך.

— איז דאָס מעגליך ?

— אַזוי ווי איך זאָג דיר, מיט טערעזאַ'ן. שוין אַ וואָך זיינען זיי אויף דער רייזע. וואָס זאָגסטו צו דעם ? זיי זיינען געוועזן אין ווענעדיג און אין מילאַן. האָסטו עפּעס געוואוסט וועגען דעם ?

— ניין.

— ווירקליך ניט ?

— ווירקליך ניט. דו ווייסט דאָך, אז טערעזא האָט מיר נאָר איין מאָל אָנגעשריבען עטליכע ווערטער, און דו האָסט דאָן איבערגע־לעזען איהר בריעף מיט א געוויסען אינטערעס.

— די נאכריכט האָט דיך עפּעס ניט גענוג ערשטוינט.

— נאָט מיינער, איך האָב אלעמאָל געוואוסט, אז זי האָט א גר־טען געשמאַק.

— דעמעטער אויך, — האָט געאָרג אויסגערופען אין אן איבער־צייגטען טאָן.

— א פארוואנדשאפט פון נשמות, — האָט געזאָגט אנא, אויפ־הויבענדיג די ברעמען און האָט ווייטער געהעקעלט.

— און דאָס איז איצט די מוטער פון מיין קינד, — האָט געזאָגט געאָרג, פּרעהליך שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

זי האָט מיט א שמייכעל א קוק געטאָן אויף איהם.

— ווען קומט זי צו מיר?

— ארום זעקס אזייגער, דענק איך. און... און סטאנצידעס וועט אויך קומען... אביסעל שפּעטער. זיי וועלען זיין ביי אונז צו מיטאָג. דו האָסט דאָך גאָרנישט נעגען דעם?

— פארקערט, מיך פרעהט דאָס זעהר, — האָט אנא געזאָגט איינ־פאך.

געאָרג איז געווען זעהר צופרידען. „ווען אנא וואָלט דאָס אין איהר איצטיגען צושטאנד באגעגענט סטאנצידעס'ען אין ווין!...

— האָט ער א קלער געטאָן. — ווי די ווייטקייט פון דער געוועהנליכער אומגעבונג באפרייט דאָס און רייניגט!“

— וואָס האָבען זיי דיר דערצעהלט נייעס? — האָט אנא גע־פרעגט.

— מיר זיינען ביי דער פּאָכט ניט געשטאנען קיין דריי מינוט צוזאמען. ער שיקט דיר זיין גרוס.

אנא האָט גאָרנישט געענטפערט, און געאָרג'ן האָט אויסגעוויזען, ווי איהרע געדאנקען וואָלטען ווידער אָנגענומען זייער געוועהנליכע ווענדונג.

— ביזט שוין לאנג אויפגעשטאנען? — האָט ער האסטיג א פרעג געטאָן.

— יאָ, איך זיץ שוין לאנג דאָ אויפ'ן באלקאָן. איך האָב אפילו

אביסעל נעדרעמעלט, די לופט היינט איז אזוי ערמידענד. און גע־חלומ'ט האָב איך אויך.

— וועגען וואָס ?

— וועגען קינד.

— ווידער ?

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— דיזעלבע זאַך, וואָס לעצטען מאָל. איך זיץ דאָ אויפ'ן באַל־קאָן און האַלט דאָס קינד אויפ'ן ברוסט.

— וואָס איז דאָס געווען ? אַ אינגעל צי אַ מיידעל ?

— איך וויים ניט. אַ קינד. אַזוי קליין און ליעב. וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז געווען !... ניין, איך וועל עס ניט אוועקגעבען, — האָט זי געזאָגט שטיל, צומאַכענדיג די אויגען.

ער איז געשטאַנען אָנגעלעהנט אויפ'ן פּאַרענטש און האָט גע־פּיהלט, ווי דער לייכטער נאָכמיטאָג ווינט שפּיעלט אין זיינע האָר.

— אויב דו ווילסט עס ניט אוועקגעבען, גיב עס ניט אוועק, — האָט ער געזאָגט, און אין קאָפּ איז איהם דורכגעלאָפען דער געדאַנק, צי איז ניט דאָס באַקוועמסטע צו הייראַטען מיט איהר ?... אָבער עפּעס האָט איהם ניט געלאָזען ארויסזאָגען דאָס אין דער הויך. זיי האָבען ביידע געשוויגען. די בריעף זיינען געלעגען אויפ'ן טיש. ער האָט גענומען איין בריעף און האָט געעפענט.

— לאָמיר זעהן צוערשט, וואָס דיין מוטער שרייבט, — האָט ער געזאָגט.

פרוי ראָזנער האָט געשריבען, אַז אין דער היים איז אַלץ אין בעסטען צושטאַנד, אַז אַלע פרעהען זיך, וואָס אנא וועט באַלד קומען צוריק, און אַז יאָזעף איז אָנגעשטעלט אין דער אדמיניסטראַציאָן פון „פּאָלקס קוריער" מיט אַ מאָנאַטליכען געהאַלט פון פופציג גולדען. ווייטער האָט זי איבערגעגעבען פרוי ביטנער'ס אָנפראַגע, ווען אנא וועט קומען צוריק פון דרעזדען, און צי זי וועט אויף זיכער זיין צוריק אין הערבסט, ווייל אַנדערש וועט מען מוזען זיך דאָך באַזאָרגען מיט אַ נייער לעהרערין... אנא האָט זיך אַ ריהר ניט געטאָן און האָט גאָר־נישט געזאָגט.

דען האָט נעאָרג גענומען היינריך'ס בריעף. אט וואָס היינריך האָט געשריבען.

„ליעבער געאָרג, מיך פרעהט זעהר, וואָס איהר וועט באלד קומען צוריק; איך שרייב דאָס אייך היינט, ווייל ווען איהר וועט דאָ זיין, וועל איך אייך קיינמאָל ניט קענען אויסזאָגען, ווי שטאַרק דאָס פרעהט מיך. מיט א פּאָר טעג צוריק, ווען איך בין אַליין געפאָהרען אין אָוונט אויף א וועלאָסיפּעד אויפ'ן ברעג פון דאָנוי, האָב איך איינפאַך געבענקט נאָך אייך. וואָס פאַר אַן אומפאַרגעסליכער דופט פון איינזאַמקייט דאָס וועהט פון אָט די ברעגען! איך דערמאָן זיך, ווי איך האָב געהאַט אַן עהנליך געפיהל מיט פינף אָדער זעקס יאָהר צוריק, ווען איך בין איינמאָל געזעסען, אין וואָס מען רופט א פרעהליכער געזעלשאַפט, אין קעלער פון קלאָסטערנייבורגער מאָנאַסטיר, אין דעם גרויסען גאָרטען, פון וואַנען מען האָט געזעהן בערג און טאָלען ארום. ווי פון די טיפען פון וואַסער שטייגט זי ארויף, די איינזאַמקייט, וואָס שטעלט בכלל פאַר מיט זיך עפּעס אנדעריש ווי דאָס, וואָס מען מיינט געוועהנליך. יעדענפאַלס איז דאָס ניט קיין געגענזאַץ צו געזעלשאַפטליכקייט. יאָ, אפשר האָט מען גראַד צווישען מענשען דאָס רעכט צו פיהלען זיך איינזאַם. נעמט דאָס אָן ווי אַן אפאָריזם, א הומאָריסטישע אומוואַהרשיינליכקייט און האַלט דאָס ניט פאַר וויכטיג. אומצוקערען זיך צו מיין רייזע אויפ'ן ברעג פון דאָנוי, — גראַד א ; יענער שטיקענדער אָוונט־שעה זיינען מיר געקומען אַלערליי נייע איינפאַלען. און איך דאַרף אינגיכען צו קענען אייך דערצעהלען עפּעס אומגעוועהנליכעס וועגען ענידיוס, ווי מען האָט ענדליך א נאָמען געגעבען דעם טרויעריגען מאָרדלוסטיגען יונגען מאַן; וועגען דעם טיפזיניג־אומדורכדרינגליכען פּירשט; וועגען דעם לעכערליכען הערצאָג העליאָדאָר, אונטער וועלכען נאָמען איך האָב די עהרע אייך פאָרצושטעלען דעם חתן פון דער פּרינצעסין, און באזונדערס וועגען דער פּרינצעסין אַליין, וואָס שיינט צו זיין א פיעל מערקווירדיגערע פּערזאָן, ווי איך האָב פריהער געדענקט."

— דאָס באַציהט זיך אויפ'ן טעקסט פון דער אָפּערא? — האָט אַנאַ געפרעגט און האָט אראָפּגעלאָזען איהר ארבייט.

— נאַטירליך, — האָט געאָרג געענטפערט און ווייטער געלעזען:

„אויסערדעם דאַרף איך אייך דערצעהלען, מיין ליעבער, אַז אין די לעצטע וואָכען האָב איך אָנגעשריבען אייניגע פּאַרלויפיג ניט באַזונדערס אומשטערבליכע פערזען צום ערשטען אקט, און דערווייל, דאָס

הייטנ, אָהן אייער מוזיק, לויפען זיי איבער דער וועלט, ווי אומבאפליגעלטע מלאכים׳לאך. דער סוזישעט אינטערעסירט מיך אומגעוועהנליך. און איך בין שוין אליין נייגעריג צו זעהן, וואוהין איינענטליך ער וועט מיך פיהרען. אויף אנדערע זאכען האָב איך אָנגעהויבען... אָנגעצייכענט... פארקלערט. מיט איין וואָרט, רעדענדיג קורץ און פּרעך, איך פיהל, ווי אין מיר וואָלט זיך אָנגעהויבען א נייע צייט. דאָס קלינגט אָפּ נאָר פרעך. ווייל די קוימענקערער, די הענדלער מיט איטאליענישער וואורשט, די פעלדפעבעלען האָבען דאָך אויך זייערע צייטען פון אויפבליהונג. אָבער מיר באמערקען דאָס באלד. וואָס איך האַלט פאר זעהר וואַרשיינליך איז, אז גאָר אין גיכען וועל איך ארויפשטייגען, אָדער אראָפּפאלען, פון דער וועלט פון פאנטאזיע, אין וועלכער איך שוועב איצט אום, אין א העכסט רעאלע וועלט. וואָס וואָלט איהר, צום ביישפיעל, געזאָגט, ווען איך נעם זיך פאר א פּאָליטישע קאָמעדיע? און שוין פיהל איך, אז דאָס וואָרט „רעאל“ איז נים איננאנצען פאסיג. ווייל מיר דוכט, אז פּאָליטיק איז דער פאנטאסטישסטער עלעמענט, אין וועלכען מענשען קענען זיך איבערהויפּט באוועגען, אָבער זיי מערקען דאָס ניט... אפשר וואָלט מען געדארפט זיך נעמען פאר דער זאך גראָד פון דער זייט. דאָס איז מיר געקומען אויפ׳ן זין, ווען איך בין איינמאָל די טעג געוועזען אויף א פּאָליטישער פארזאמלונג (ניט אמת, ערשט איצט זיינען מיר געקומען די געדאנקען), יא, אויף א פארזאמלונג פון ארבייטער און ארבייטערינען אין בריגיטענאו, וואו איך בין געזעסען לעבען מאדעמואזעל טערעזא גאָלאָווסקי און איך האָב געמוזט אויסהערען זיבען רעדען וועגען אלגעמיינעם וואהלרעכט. יעדערער פון די רעדנער, — טערעזא איז אויך געוועזען צווישען זיי, — האָט גערעדט אזוי, ווי פאר איהם פערזענליך וואָלט אויף דער וועלט ניט געוועזען קיין וויכטיגערע זאך, ווי די לעזונג פון אָט דער פראגע; און איך גלויב, אז קיינער פון זיי האָט ניט געפיהלט, אז טיף אין דער נשמה איז איהם די גאנצע פראגע אויף דעם העכסטען גראד גלייכגילטיג. טערעזא, פארשטעהט זיך, איז געוועזען שרעקליך אויפגעבראכט, ווען איך האָב דאָס איהר געזאָגט. זי האָט מיר ערקלערט, אז איך בין אָנגעשטעקט מיט דעם גיפטיגען סקעפּטיציזם פון נירענבערגער׳ען, מיט וועלכען איך פארקער בכלל צו פיעל. זי רעדט וועגען איהם זעהר שלעכט, פון זינט ער האָט זי נעפרעגט מיט עטליכע

וואָכען צוריק אין קאַפע, צי זי וועט צו איהר נעקסטען הויכפּאַראַט פּראָצעס טראָגען א הויכע פּריזור, אָדער אײנפאַך פאַרלײגטע צעפּ. אָבער דאָס איז ריכטיג, אַז איך זעה זיך זעהר אָפט מיט נירענבערגער'ן. אין שווערע שעה'ן קען מען נאָך אײנעם אזא מענשען ניט געפינען. א שאד נאָר, עס זײנען פאַראַן שעה'ן, די שווערקייט פון וועלכע ער פאַרדעכטיגט גאָר ניט, אָדער וויל ניט וויסען. עס זײנען פאַראַן געוויסע שמערצען, וואָס ער אונטערשעצט, איך פיהל דאָס, און איך האָב וועגען זיי אויפגעהערט ריידען מיט איהם".

— וואָס מײנט ער דען? — האָט איהם אַנאַ אונטערבראָכען.

— וואַרשײנליך די געשיכטע מיט דער אַקטריסע, — האָט געאָרג געענטפערט און האָט ווײטער געלעזען:

„דערפאַר אָבער איז ער, ווײזט אויס, שטאַרק געניײגט איבערצושאַצען אַנדערע שמערצען, אָבער דאָס איז שוין מסתמא מײן שולד, ניט זײנע. איך מוז מודה זײן, אז ער האָט אַזא אַנטײל גענומען אין מײן שמערץ, אַז ער האָט מיך פאַרשעהמט. ווי שווער מיר האָט דאָס ניט געטראָפען, זײנען מיר דאָך געווען פרעמד אײנער דעם אַנדערען נאָך אײדער ער איז געוואָרען וואַהנזיניג, און זײן טויט איז פאַר מיר געווען נאָר א ווײטערע, פּינסטערערע אָפּפרעמדונג, ניט קײן נײ אומגליק."

— וואָס איז? — האָט אַנאַ געפרעגט, ווען געאָרג האָט זיך פלוצלונג אָפּגעשטעלט.

— ווײסט, וואָס מיר איז אײנגעפאַלען?

— וואָס?

— נירענבערגער'ס שוועסטער איז באַגראָבען אויפ'ן בית עולם אין קאַרענאַביא. איך האָב דיר דאָך דערצעהלט וועגען איהר. איך וויל ווען עס איז די טעג אַריבערפאָהרען אַהין.

— ניט, — האָט אַנאַ געזאָגט. — איך וועל אפשר מיטפאָהרען, אויב איך וועל זיך פיהלען גיט. נאָך דעם, וואָס איך האָב וועגען איהם געהערט, איז מיר נירענבערגער א סך סימפּאַטישער, ווי דײן פרײנד הײנריך, דער שרעקליכער עגאָאיסט.

— דו מײנסט אזוי?

— אָבער הער, דאָס, וואָס ער שרײבט וועגען זײן פאָטער, איז דאָך כמעט אומערטרעגליך.

— נאָט מיינער, ווען מען ווערט אָבער אַזוי פרעמד איינער דעם אַנדערען, ווי זיי...

— דאָך איז דאָס אומפּאַרציַיהליך. איך בין מיינע עלטערען אייגענטליך אויך ניט גראָד נאָהנט. און דאָך... ווען איך... ניין, ניין, איך וויל בעסער ווענען אַזעלכע זאַכען ניט קלערען. ווילסטו לעזען וויַיטער ?

געאָרג האָט געלעזען :

„עס זיינען פאַראַן ערנסטערע זאַכען, ווי דער טויט, טרויעריגערע געוויס, ווייל זיי פעהלט יענע ענדגילטיגקייט, וואָס צווינגט אונז, אין אַ העכערען זין, צו מאַכען שלום מיט'ן טויט. עס זיינען, צום ביישפּיעל, פאַראַן לעבעדיגע גייסטער, וואָס וואַנדערען אום אין גאַס אין העלען ליכט פון טאָג, קוקען מיט זייערע לאַנג געשטאָרבענע און דאָך זעהענדיגע אויגען, גייסטער, וואָס ווען צוגעהן צו אַ מענשען און ריידען צו איהם אין אַ מענשליכער שטים, וואָס קלינגט אַ סך וויַיטער, ווי די שטים פון קבר. און מען קען זאָגען, אַז אין אַזעלכע מאָמענטען ווייזט זיך דער עצם פון טויט ארוים פיעל שרעקליכער, ווי ווען מען באַגראָבט אַ מענשען אין דער ערד... מעג דער געשטאָרבענער זיין ווי נאָהנט."

געאָרג האָט ניט ווילענדיג אַראָפּגעלאָזען דעם בריעף, און אַנא האָט געזאָגט אין אַן ענטשלאָפענעם טאָן :

— נו, לאָז איהם שוין צורוה, דיין פריינד היינריך.

— יא, האָט געאָרג לאַנגזאַם ארויסגעזאָגט, — ער איז אַמאָל אַביסעל אַפּעקטירט. און דאָך... ווי, דאָס איז שוין דער ערשטער קלוגער צו לאָנטש ? לאָמיר שנעלער ענדיגען לעזען.

„איצט מוז איך אייך דערצעהלען, וואָס דאָ איז נעכטען געשעהן, די פיינליכסטע און לעכערליכסטע געשיכטע פאַר אַ לאַנגע צייט, און ליידער זיינען די אַנטיילנעמער אונזערע גוטע באַקאַנטע, די עהרענבערגס — פאָטער און זוהן."

אָ ! — האָט אַנא ניט ווילענדיג אויסגערופען.

געאָרג איז שנעל דורכגעלאָפען די וויַיטערדיגע שורות און האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ.

— וואָס איז געשעהן ? — האָט אַנא געפרעגט.

— דאָס איז דאָך... הער נאָר, — און ער האָט וויַיטער געלעזען :

„איהר האָט מסתמא אַלײן באַמערקט, װי די באַציהונגען צװישען דעם אַלטען און אָסקאַר'ן האָבען זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט פאַר דעם לעצטען יאָהר. איהר װײסט אויך די אורזאַך פון זײער קריעג, קען איך אײך אײנפאַך איבערגעבען די פאַקטען, ניט אַרײנלאָזענדיג זיך אין אויסטײטשונגען פון די מאָטיװען. אָט װאָס איז געשעהן. נעכטען אַרום מיטאָג צײט איז אָסקאַר פאַרבײגעגאַנגען די קירך פון הײליגען מיכאל און האַט אויפגעהויבען זײן הוט. איהר װײסט דאָך, אַז זײן אײגענשאַפט איז ניט אַזױ אין דער מאָדע איצט בײ דער עלעגאַנטער יוגענד, װי פרומקײט. מען דאַרף דאָ אפשר ניט קײן װײטערע דערקלערונג פאַר אָסקאַר'ס זשעסט, װי די, צום בײשפּיעל, אַז גראָד זײנען אַ פּאָר יונגע אַריסטאָקראַטען אַרויסגעקומען פון קירך, און אָסקאַר האָט זיך געװאָלט אַרויסשטעלען פאַר זײ פאַר אַ קאַטאָליק. אײן גאָט װײס, װיפיעל מאָל ער האָט שוין מסתמא דורכגעמאַכט אָט די קאָמעדיע. אָבער, צו זײן אומגליק, איז דער אַלטער עהרענבערג אָנגעקומען אין דעמזעלביגען אויגענבליק. ער זעהט, װי אָסקאַר נעמט אַראָפּ זײן הוט פאַר דער קירך... און אויסער זיך פון צאָרן, הויבט ער אויף די האַנט און לאָזט אַראָפּ זײן שפּראָצלינג אַ פּאַטש. אַ פּאַטש! אָסקאַר'ן, דעם לײטענאַנט פון רעזערװ ! אינמיטען טאָג און אין צענטער פון שטאָדט ! אַז די געשיכטע איז נאָך דעמזעלביגען אָװענט באַקאַנט געװאָרען דער גאַנצער שטאָדט, איז דאָך קײן װאונדער ניט. הײנט איז זי שוין אָפּגעדרוקט אין אײניגע צײטונגען. אמת, די אידישע צײטונגען פאַרשװײגען די געשיכטע, מיט דער אויסנאַם פון אַ פּאָר גאַכען־בלעטלאַך, אָבער די אַנטיסעמיטישע בלעטער בלאָזען דאָס נאַטירליך פאַנאַנדער. אם בעסטען צײכענט זיך אויס דער „קריסטליכער פאָלקס קוריער", װאָס פאַרלאַנגט, אַז בײדע עהרענבערגס זאָלען געשטעלט װערען פאַר אַ געריכט פון געשװאָרענע פאַר רעליגיאָנס שטערונג, אָדער גאָר גאָטעסלעסטערונג. אָסקאַר, זאָגט מען, איז דערװײל אװעקגעפאָהרען, מען װײס ניט װאוהין."

— אַ שעהנע פאַמיליע, — האָט אַנאַ געזאָגט אין אַ טאָן פון איבערצײגונג.

געאָרג האָט ניט װילענדיג זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— נו, אין אָט דער געשיכטע איז שוין עלזאַ פאָלשטענדיג אומשולדיג.

צום צווייטען מאָל האָט זיך דערהערט א קלינגען. זיי זיינען אי־בערגעגאַנגען אין עסצימער און האָבען זיך געזעצט פאר זייער קליינעם טיש ביים פענסטער, וואָס מען האָט אַלעמאָל פאר זיי אַליין געדעקט. ביי דעם לאַנגען טיש אין מיטען צימער זיינען געזעסען ניט מעהר ווי א טוץ געסט, מעהרסטענס ענגלענדער און פראַנצויזען. דאָ איז אויך געזעסען שוין ניט קיין יונגער מענש, וואָס איז אהער אָנגעקומען מיט א פּאָר טעג צוריק און האָט אויסגעוויזען געאָרג'ן ווי אַן עסטרייכי־שער אָפיציר אין ציוויל קליידער. ווייטער האָט געאָרג וועגען אים זיך געקימערט פונקט אזוי וועניג, ווי וועגען די איבעריגע. ער האָט אריינגעשטעקט היינריכ'ס בריעף אין קעשענע. באַלד אָבער האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער האָט נאָך איהם ניט געענדיגט לעזען. ביים שווארצען קאווע האָט ער איהם ווידער ארויסגענומען און איז דורכ־געלאָפען דעם סוף.

— וואָס שרייבט ער נאָך ? — האָט אַנא געפרעגט.

— קיין באַזונדערע נייעס, — האָט געאָרג געענטפערט. — ווע־גען מענשען, וואָס קענען דיך ניט אינטערעסירען שטארק. ווידער, דוכט זיך, פארברענגט ער אין זיין קאָפּ מעהר צייט, ווי ער וואָלט גע־דארפט, און אין אַן אומפּאַסיגער געזעלשאַפט.

— אין אַן אומפּאַסיגער ? — האָט אַנא געזאָגט אביסעל פארעכטליך.

געאָרג האָט זיך גוטמוטיג צולאַכט.

— עס איז דאָך א קאָמיש פאָלק.

— וואָס איז דען ? — האָט אַנא געפרעגט.

— דער קליינער ווינטערניץ... ווייסט דאָך... וואָס האָט איינמאָל מיר און היינריכ'ן פאָרגעלעזען זיינע געדיכטען... פאָהרט אין בער־לין ווי דער דראַמאַטורג פון א נייע געגרינדעטען טעאַטער. און גלייס־נער, וואָס איז אמאָל אזוי צוגעשטאַנען צו אונז אין מוזעאום...

— אָ, דער עקעלהאַפטער מענש מיט דעם מאַנאָקל...

— ער ערקלערט, אז ער גיט בכלל אויף דאָס שרייבען און וועט זיך אָפּגעבען אויסשליסליך דעם ספּאָרט...

— ספּאָרט ?

— א גאַנץ אייגענאַרטיגען. ער וועט שפּיעלען מיט מענשליכע נשמות.

— ווי ?

— אַט הער.

ער האָט געלעזען :

„איצט באַהויפּטעט דער קלאון, אז ער איז באַשעפטיגט מיט די פאָלגענדע צוויי פּראָבלעמען, וואָס ערגאַנצען איינס דאָס אַנדערע אויף א זעהר גייסטרייכען אופן : ערשטענס, פּאַרדאַרבען א יונגע, אומ־שולדיגע באַשעפעניש ביז אויף דעם העכסטען גראַד, און צווייטענס, מאַכען פון אן אויסגעלאַסענער פרוי א הייליגע, ווי ער דריקט זיך אויס. ער זאָגט, ער וועט זיך גיט באַרוהיגען, ביז די ערשטע וועט ניט אָנקו־מען אין א פרעהליך הייזעל, און די צווייטע — אין א מאָנאַסטיר."

— א ליעבע געזעלשאַפט, — האָט באַמערקט אַנאַ און איז אויפ־געשטאַנען פון טיש.

— ווי זאָנדערבאַר דאָס קלינגט דאָ ! —, האָט געזאָגט געאָרג און האָט איהר נאָכגעפאָלגט אין פּאַרק.

איבער די שפּיצען בוימער האָט גערוהט א טונקעלבלויער הימעל, דוכגענומען מיט זונליכט. זיי זיינען א ווײַלע געשטאַנען ביי דער נידריגער באַלוסטראַדע, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם גאָרטען פון דעם וועג, און האָבען געקוקט איבער דעם לאַנדזועע צו די בערג, הינטער זילבער־גרויע שלייערען, וואָס האָבען זיך געוויגט אין זונליכט. דאַן האָבען זיי שפּאַצירט טיפער אין פּארק, וואו די שאָטענס זיינען גע־ווען קיהלער אין טונקעלער. זיי זיינען געגאַנגען געאָרעמט, און זייערע טריט האָבען שטיל גערוישט אויפ'ן זאַמד; די הויכע ברוינע וואַנט, פּאַרביי וועלכער זיי זיינען געגאַנגען, איז געוועזען באַוואַקסען מיט קרי־כיגע פלאַנצען, און איבער איהר האָבען אריינגעקוקט אַלטע הייזער מיט זייערע שמאָלע פענסטער. זיי האָבען גערעדט וועגען די נאַכ־ריכטען, וואָס זיינען היינט אָנגעקומען. און צום ערשטען מאָל האָ־בען זיי זיך געפיהלט אביסעל באַזאָרגט ביי דעם געדאַנק, אז באַלד וועלען זיי מוזען זיך אומקערען פון דער גאַסטפריינדליכער פרעמד אהיים, וואו אפילו דאָס אַלטעגליכע לעבען איז פול מיט פאַרבאָרגענע געפאַהרען. זיי האָבען זיך געזעצט אונטער די פּלאַטאַנען פאַר דעם ווייסען לאַקירטען טיש. אזוי ווי אבזיכטליך, איז אַט דער אָרט אַלע־

מאָל געווען פריי פאר זיי. נאָר נעבטען נאָכמיטאָג האָט זיך דאָ אַוועק־
געזעצט דער ניי אָנגעקומענער עסטרייכער, אָבער באַמערקענדיג אַנאַ׳ס
אומצופרידענעם בליק, איז ער אַוועקגעגאַנגען מיט אַ העפליכער פאַר־
ניינונג.

גאָרג איז אַרויפגעגאַנגען אין צימער און האָט געבראַכט פאַר
אַנאַ׳ן אַ פּאָר ביכער און פאַר זיך אַ באַנד געטע׳ס געדיכטען און דעם
מאַנוסקריפּט פון זיין קווינטעט. זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט און
פאַרנומען זיך מיט לעזען און אַרבייטען. פון צייט צו צייט פלעגען
זיי נאָר אַ קוק טאָן איינער אויפ׳ן אַנדערען מיט אַ שמייכעל, זאָגען
אַ פּאָר ווערטער, דאַן זיך ווידער פאַרטיפען אין די ביכער אָדער קו־
קען איבער די באַלוסטראַדע פאַר זיך און פיהלען רוה אין זייערע
נשמות און דעם זומער אין דער לופט. זיי האָבען געהערט, ווי גאָר
נאָהנט פון זיי, הינטער דעם בוש, האָט געררויישט דער פאָנטאַן, און
דינע טראָפּענס זיינען געפאַלען אויפ׳ן וואַסער שפּיגעל. צייטענ־
ווייז האָבען אויף יענער זייט וואַנט געקלאַפּט די רעדער פון וואָגענס,
פון דעם לאַנדזשע האָט זיך געהערט אַ דינע, ווייטע פייפעריי. אַמאָל
פלעגען זיך דערטראָגען צום ברעג מענשליכע שטימען. אָנגעטרונ־
קען מיט זון ליכט איז דער טאָג געהאַנגען איבער די שפּיצען פון די
ביימער. שפּעטער, מיט דעם לייכטען ווינט, וואָס האָט יעדען נאָכמי־
טאָג געוועהט פון וואַסער, האָבען זיך פאַרמעהרט און פאַרשטאַרקט
די קלאַנגען און שטימען. מען האָט געהערט, ווי די וועלען האָבען
זיך אָפּגעשלאָגען אָן ברעג, די צורופען פון די שיפער האָבען אָפּגע־
קלונגען, און פון דער אַנדער זייט פון וואַנט האָט זיך געהערט דאָס
זינגען פון יונגע שטימען. דינע טראָפּענדלאַך פלעגען דערפליהען פון
פאָנטאַן. דער אָטעם פון נאָהנטען אָוועגד האָט ווידער געוועקט מענ־
שען, לאַנד און וואַסער.

אויפ׳ן זאַמד האָבען זיך דערהערט טריט. טערעזאַ, שלאַנק
און געקליידט אין ווייסען, איז שנעל צוגעקומען איבער דער אַלעע.
גאָרג איז אויפגעשטאַנען, נעגאַנגען איהר אַ פּאָר טריט אַנטקעגען
און האָט איהר אויסגעשטרעקט די האַנט. אַנאַ האָט אויך געוואָלט
אויפשטעהן, אָבער טערעזאַ האָט דאָס ניט דערלאָזען, האָט זי אַרומ־
גענומען, אַ קוש געטאָן און זיך צוגעזעצט צו איהר.

— ווי שעהן דאָ איז ! — האָט זי אויסגערופען. — אָבער ביך איך ניט געקומען צו פּריה?

— וואָס פעלט דיר איין, מיך פרעהט דאָס אַזוי ! — האָט אַנאַ געענטפערט.

טערעזאַ האָט זי באַטראַכט מיט אַן אויספּרואווענדען שפּיי־כעל און האָט אָנגענומען איהרעביידע הענט.

— דו זעהסט אויס גוט, — האָט זי געזאָגט.

— איך פיהל זיך גוט, — האָט אַנאַ געענטפערט, — און דו, וויזט אויס, פיהלסט זיך ניט ערגער, — האָט זי צוגעגעבען אין אַ פריינדליכען שפּאַס.

געאָרג'ס אויגען האָבען גערוהט אויף טערעזאַ'ן, וואָס איז געוועזען איגגאַנצען אין ווייסען, אָבער נאָך עלעגאַנטער ווי אין דער פריה. זי האָט געטראָגען אַ קלייד פון ענגלישען געשטיקטען לייוועגט און אַרום דעם פרייען האַלז אַ שנור פון העל־ראָזע קאָראַלען. וועהרענד די צוויי פרויען האָבען גערעדט וועגען זייער אונערוואַרטער באַגעגניש, האָט זיך געאָרג אייפגעהויבען, צו געבען באַראָרדנונגען וועגען מיטאָג. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין גאָרטען, זיינען זיי שוין דאָ ניט געוועזען. ער האָט דערזעהן טערעזאַ'ן אויפ'ן באַלקאָן. זי האָט זיך אָנגעלעהנט אָן פּאַרענטיש און האָט גערעדט מיט אַנאַ'ן, וואָס איז וואַרשיינליך געוועזען טיף אין צימער, וויל מען האָט זי ניט געקענט זעהן. אין דער בעסטער שטימונג האָט געאָרג גענומען געהן היין און צוריק איבער די אַלעען. מעלאָדיען האָבען געזונגען אין איהם. ער האָט געפיהלט זיין ווגענד אין זיין גליק, האָט צייטענווייז געוואָר־פען אַ בליק אויפ'ן באַלקאָן אדער איבער די באַלוסטראַדע אויפ'ן נאָס, ביז ער האָט ענדליך דערזעהן דעמעטער סטאַנצידעס'ן אָנקומען. ער איז איהם נעגאַנגען אַנטקעגען און האָט איהם באַגריסט.

— די דאַמען זיינען אויבען אין צימער. וועלען אָבער באַלד אַראָפּקומען. ווילט איהר אפשר דער־ווייל זיך דורכגעהן אביסעל און באַטראַכטען דעם פּאַרק ?

— מיט פאַרגניגען.

זיי זיינען ביידע געגאַנגען ווייטער.

— וועט איהר נאָך לאַנג פאַרברענגען אין לונאַנאַ ? — האָט גע־אָרג געפרעגט.

— ניין, מאָרגען פאָהרען מיר אָפּ אין בעלאַדזשיאַ, פון דאָרטען פאָהרען מיר אויף לאַגאָ מאַדזשיאָרע, אויף איזאָלאַ בעלאַ. אונזער פארגניגענס רייזע וועט שוין לאַנג איצט ניט דויערן. אין צוויי וואָכען ארום מוזען מיר זיין אין דער היים.

— אזא קורצער אורלויב ?

— דאָס איז ניט צוליעב מיר, טערעזא מוז זיין צוריק אין צייט. איך בין איננאַנצען א פרייער מענש. איך האָב שוין מיט זיך מיין דיענסט אָבשיד.

— ווילט איהר טאַקי ערנסט זיך באזעצען אויף אייער גוט ?

— אויף מיין גוט ?

— איך האָב עפּעס אזוינס געהערט ביי די עהרענבערגס.

— אָבער איך האָב דאָך נאָך דאָס גוט ניט. איך האַלט אין אונטערהאַנדלען.

— און וואו ווילט איהר קויפען לאַנד, אויב איך מעג פרעגען.

— אין עק וועלט. ווענינגסטענס וועט דאָס אייך אזוי אויסזעהן. אויפ׳ן גרענעץ פון אונגארן און קראָאַציען. א וויסטער, פאַרוואָרפּענער ווינקעל, אָבער א מערקווירדיגער געגענד. מיך ציהט אהין. יוגענד עראינערונגען. דריי יאָהר דיענסט ווי א לייטענאַנט. ווי מיר וואָלט אויסגעוויזען, אז איך וועל דאָרט ווידער יונג ווערען. ווער ווייס ?

— א שעהן גוט ?

— ניט שלעכט. מיט א צוויי מאָנאַטען צוריק האָב איך עס ווידער אָנגעזעהן. איך האָב איינגענטליך שוין פון פריהער געקענט דעם אָרט. דאָן האָט עס געהערט דעם גראַף יאַטשעוויטש. איצט געהערט עס עפּעס א פאַבריקאַנט. ביי איהם איז געשטאָרבען זיין פרוי, איז איהם איצט איינזאַם דאָרט, און ער וויל פארקויפען זיין גוט.

— איך ווייס ניט, — האָט געאָרג געזאָגט, — אָבער איך שטעל מיר פאָר, אז דער געגענד דאַרף זיין אביסעל מעלאַנכאָליש.

— מעלאַנכאָליש ? מיר דוכט, אז אין א געוויסען עלטער הויבט יעדער געגענד אָן אויסצואווייזען מעלאַנכאָליש.

און ער האָט זיך ארומגעקוקט, ווי זוכענדיג א נייע באשטעטיגונג פון דער ריכטיגקייט פון זיינע ווערטער.

— אין וואָס פאַר אַן עלטער ?

— נו, ווען מען נעמט ווערען אלט...

נעאָרג האָט א שמייכעל געטאָן. דעמעטער האָט איהם אויס־געוויזען אזוי שעהן און, ניט קוקענדיג אויף אביסעל גרויע האָר ביי די שלייפען, אזוי יונג.

— ווי אלט זייט איהר דען, הער סטאנצידעס, אויב איך מעג פרעגען ?

— זיעבצען און דרייסיג. איך האָב ניט געזאָגט, ווען מען איז אלט, נאָר ווען מען נעמט ווערען אלט. די מענשען רעדען געוועהנ־ליך וועגען אלט ווערען ערשט דאן, ווען זיי זיינען שוין געוואָרען אלט.

ביים סוף פון גאָרטען, וואו ער קומט צו צו א וואנט, האָבען זיי זיך געזעצט אויף א באנק. פון דאנען האָבען זיי געקענט זעהן דעם האָ־טעל און די גרויסע גאָרטען טעראסע. די העכערע עטאזשען און דער באלקאָן זיינען געוועזען פארבאָרגען הינטער די בוימער. נעאָרג האָט אָנגעבאָטען דעמעטער׳ן א ציגארעט און האָט אליין פאררויכערט. א וויילע האָבען ביידע געשוויגען.

— איהר פארלאָזט, דוכט זיך, אויף וויען, האָב איך געהערט,— האָט געזאָגט דעמעטער.

— יע, דאָס איז זעהר מעגליך... ווען איך וועל נאָר באקומען ערגעץ א שטעלע אין אן אָפּערא טעאטער. נו, און אויב דאָס וועט ניט געשעהן הייער, וועט דאָס נעקסטען יאָהר זיכען אזוי זיין.

דעמעטער איז געזעסען פארלעגט א פוס אויף א פוס און האל־טענדיג איין קניה ארומגענומען מיט ביידע הענט.

— יע, יע, — האָט ער געזאָגט, א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאפּ און ארויסגעלאָזען לאנגזאַם פון מויל א דינעם זייל רויך. — עס איז גוט צו האָבען א טאלאנט. דאן איז שוין אינגאנצען אנדערש אויף מיט׳ן עלטער. דאָס איז איינעגטליך דאָס איינציגע, וואָס איך בין א מענשען מקנא.

— מקנא צו זיין האָט איהר ניט קיין גרונד. מענשען מיט טא־לאנט דארף מען בכלל ניט מקנא זיין. העכסטענס אפשר געניאלע מענשען. און אָט די בין איך אפשר מקנא נאך מעהר, ווי איהר. אָבער איך געפין, אז אזעלכע טאלאנטען, ווי אייערער, זיינען עפּעס אזוינס, וואָס איז מעהר אַבסאָלוט, מעהר זיכער, אזוי צו זאָגען. מען קען אמאָל זיין ניט אויף דער הויך... אָבער אפילו דאן טוט

מען איז עפּעס ממשות'דיגס, אויב מען קען בכלל עפּעס אויפטאָן
אָבער ווען אונזערס גלייכען איז ניט אויף דער נויטיגער הויך, טויג
ער שוין גאָרניט.

דעמעטער האָט זיך צולאַכט.

— יע, אָבער דער קינסטלערישער טאַלאַנט איז פעסטער פון
אַנדערע, און מיט די יאָהרען וואַקסט ער גאָר אויס. צום ביישפּיעל,
בעטהאָווען. די ניינטע סימפּאָניע איז דאָך די שעהנסטע, ניט אמת?
נו, און דער צווייטער טייל פון פאוסט!.. און מיר געהען מיט די
יאָהרען אויף צוריק, און קיין זאַך קען דאָ ניט העלפען. אפילו די
בעטהאָווענס צווישען אונז. און ווי פריה דאָס הויבט זיך אָן! מיר
רעדען ניט וועגען גאַנץ זעלטענע אויסנאַמען. איך, צום ביישפּיעל,
בין געווען אויף דעם העכסטען פונקט, ווען איך בין געווען אַלט פינף
און צוואַנציג יאָהר. איך האָב שוין קיינמאָל מעהר ניט דערגרייכט
דאָס, וואָס אין מיר איז געווען, ווען איך בין אַלט געווען פינף און
צוואַנציג. יע, ליעבער באַראָן, דאָס זיינען געווען צייטען!

— נו, איך געדענק, ווי איהר האָט מיט צוויי יאָהר צוריק געוואונען
א וועט לויף קעגען בוצגאָ, דעם דאַמאַלסדיגען פאַוואָריט... איך האָב
אפילו געוואָטען אויף איהם...

— ליעבער באַראָן, — האָט סטאַנציִדעס איהם אונטערבראָכען,
גלויבט מיר, איך וויים, פאַרוואָס איך האָב דאָס אַלץ אויפגעהערט.
דאָס קען מען נאָר אַליין דערפיהלען. און דעריבער וויים קיינער ניט
אַזוי גוט, ווי א ספּאָרטסמאַן, ווען מען נעמט ווערען אַלט. דאַן קען
שוין קיין טרענירען ניט העלפען. דאָס וועט שוין זיין א קינסטליכע
זאַך. און ווען עמיצער דערצעהלט אייך, אַז דאָס איז ניט אַזוי, איז
ער איינפאַך... אָבער אָט קומען שוין אונזערע דאַמען.

זיי זיינען ביידע אויפגעשטאַנען. טערעזאַ און אַנאַ זיינען צוגע־
קומען געאַ־עמט, איינע אין ווייסען, די אַנדערע אין א שוואַרצען
קלייד, און די ברייטע פאַלדען ביז דער ערד האָבען אינגאַנצען פאַר־
באָרגען איהרע פאָרמען. ביים פאָנטאַן האָבען זיך ביידע פאָר באַ־
געגענט. דעמיעטער האָט א קוש געטאָן אַנאַ'ס האַנט.

— אַן אמת שעהנער אָרט, וואו איך האָב איצט די עהרע אייך
ווידער צו באַגריסען, גנעדיגע פרוי.

— דאָס איז אויך פאַר מיר אַן אַנגענעמע איבערראַשונג, —

האָט אַנאַ געענטפערט, — אויסער וואָס דער געגענד דאָ איז שעהן.

— ווייסטו, — האָט געאָרג געזאָגט צו אַנאַ'ן, — אַז זיי פאָהרען שוין מאָרגען אַוועק?

— יע, טערעזאַ האָט מיר געזאָגט.

— מיר ווילען אָנזעהן וואָס נאָר מעגליך, — האָט דעמעטער ערקלערט, — און נאָך מיינע עראינערונגען זיינען די אנדערע לאַנדזעען אין נאָרד איטאַליען נאָך שעהנער, ווי דאָ.

— פון די אַנדערע ווייס איך ניט, — האָט אַנאַ געזאָגט, — מיר זיינען נאָך פון דאַנען אין ערגעץ ניט געפאָהרען.

— וועט איהר זיך אפשר באַנוצען מיט דער געלעגענהייט, — האָט געזאָגט דעמעטער, — און מאַכען צוזאַמען מיט אונז אַ קליינע עקסקורסיאָן. בעלאַדזשיאָ, פאַלאַנצאַ, איזאָלאַ בעלאַ.

אַנאַ האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— דאָס וואָלט געווים געווען זעהר גוט, אָבער איך בין לײדער ניט געזונד באַוועגליך. איך בין געוואָרען אונגלויבליך פויל. עס זיינען פאַראַן טעג, ווען איך געה גאָר ניט אַרויס פון פּאַרק. אָבער אויב געאָרג וויל מיך פאַרלאָזען אויף אַ טאָג־צוויי, האָב איך קעגען דעם גאָרנישט.

— איך קלער גאָר ניט וועגען פאַרלאָזען דיך, — האָט געאָרג געזאָגט.

ער האָט געוואָרפען אַ שנעלען בליק אויף טערעזאַ'ן, וועמעס אויגען האָבען געלייכטען און געלאַכט. זיי זיינען לאַנגזאַם געגאַנגען איבער'ן גאָרטען, און דערווייל איז ביסלעכווייז געוואָרען אַלץ טונקעלער. זיי האָבען גערעדט וועגען די ערטער, וואָס זיי האָבען געזעהן אין דער לעצטער צייט. ווען זיי זיינען צוגעקומען צום טיש אונטער די פּלאַטאַנען, איז ער שוין געווען געדעקט, און אונטער גלעזערנע גלאָקען האָבען געברענט די גאָרטען ליכט. דער קעלנער האָט אַריינגעטראָגען דאָס פעבעל מיט אסטי. אַנאַ האָט זיך געזעצט אויף אַ באַנק, וואָס איז געווען אַנגעלעהנט אויף אַ פּלאַטאַנען בוים. אַנטקעגען איהר איז געזעסען טערעזאַ, און פון ביידע זייטען — געאָרג און דעמעטער. מען האָט געבראַכט דאָס עסען און אָנגעגאָסען וויין. געאָרג האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען די וויענער באַקאַנטע. דעמעטער האָט דערצעהלט, אַז ווילי אייסלער האָט געבראַכט פון דער רייזע עט־

ליבע גרענצענדע קאריקאטורען אויף יענער און אויף חיות. דער אל־טער עהרענבערג האט די בילדער געקויפט.

— ווייסט איהר שוין די געשיכטע מיט אסקאר'ן ? — האט גע־ארג געפרעגט.

— וואס פאר א געשיכטע ?

— נו, די געשיכטע מיט זיין פאטער ביי דער קירך פון דעם היי־ליגען מיכאל ?

ער האט זיך דערמאנט, אז נאך פריהער, איידער די דאמען זיי־נען אנגעקומען, האט ער געוואלט די געשיכטע דערצעהלען דעמע־טער'ן, אבער ער האט געפונען פאר בעסער צו פארשווייגען די נייעס, איצט, מסתמא, האט איהם דער וויין לויז געמאכט די צונג. ער האט אין קורצען איבערגעגעבען, וואס היינריך האט איהם געשריבען.

— דאס איז דאך אבער א העכסט טרויריגע געשיכטע, — האט געזאגט דעמעטער אין אזא טאן, אז אלע זיינען פלוצלונג געווארען ערנסטער.

— פארוואס איז דאס א טרויריגע געשיכטע ? — האט געפרעגט טערעזא. — מיר ווייזט די געשיכטע אויס זעהר קאמיש.

— ליעבע טערעזא, דו שטעלסט זיך ניט פאר די פאלגען, וואס דאס קען האבען פאר דעם יונגען מאן.

— מיין גאט, איך ווייס זעהר גוט, אז ער וועט מעהר ניט קע־נען אריינקומען אין א געוויסען קרייז. דאס וועט איהם ווענינסטענס ווייזען, וואס פאר א נאר ער איז ביזהער געווען.

— אויב אסקאר איז פון די מענשען, וואס קענען עפעס איינזעהן,

— האט געארג געזאגט, — איך גלויב דאס אבער ניט.

— שוין ניט רעדענדיג, ליעבע טערעזא, — האט דעמעטער צו־געגעבען, — פון דעם, אז דאס, וואס דו רופסט אן איינזעהן, הייסט נאך דורכאויס ניט ווערען דאס, וואס מען דארף זיין. אלע מענשליכע גרופען האבען זייערע פאראורטיילען, און איהר זייט אויך פון זיי ניט פריי.

— איך וואלט וועלען וויסען, וואס פאר פאראורטיילען מיר הא־בען דאס, — האט טערעזא אויסגערופען, און האט מיט צארן איינ־געטרונקען איהר וויין. — מיר ווילען נאר באקעמפען געוויסע פאר־

אומיילען, באזונדערס דעם, אז עס זיינען פאראן פריוויילעגירטע קאסטען, וועמעס באזונדערע עהרע איז...

— איך בעט דיך, ליעבע טערעזא, די ביזט דא ניט אויף א פאר־זאמלונג. און איך האב מורא, אז דער אפלאוז צום סוף פון דיין רעדע וועט ניט זיין אזוי שטארק, ווי דו ביזט צו דעם געוועהנט.

— אט זעה, האט טערעזא זיך געווענדט צו אנא'ן, — ווי א קאוואלעריע אפיציר פיהרט דיסקוסיאנען.

— פארדאן, — האט געארג געזאגט. — די גאנצע געשיכטע האט דאך קיים עפעס צו טאן מיט פאראורטיילען. א פאטש אויפ'ן גאס, אפילו פון דעם אייגענעם פאטערס האנט... מיר דוכט, מען דארף גאר ניט זיין גראד א רעזערוו אפיציר אדער א סטודענט...

— אט דער פאטש, — האט טערעזא אויסגערופען, — קומט מיר אויס גראד ווי עפעס באפרייענדעס. ער איז א ווירדיגער סוף צו א לעבערליכער און איבערפליסיגער עקזיסטענץ.

— א סוף? לאמיר האפען, אז ניט, — האט געזאגט דעמעטער.

— מען שרייבט מיר, — האט באמערקט געארג, — אז אסקאר איז אוועקגעפאהרען, מען ווייס ניט וואוהין.

— אייב מיר טהוט פאר וועמען עס איז וועה אין דער געשיכטע,

— האט געזאגט טערעזא, — איז דאס יעדענפאלס פאר דעם אלטען. אין זיין גוטהערציגקייט באדויערט ער שוין איצט געוויס די אומאנ־גענעהמליכקייטען, וואס ער האט פאראורזאכט זיין זוהנדעל דעם סנאב.

— גוטהערציגקייט! — האט דעמעטער אויסגערופען. — א מי־ליאנער! א פאבריקאנט!... אבער טערעזא...

— יע, דאס טרעפט אמאל. ער איז צופעליג איינער פון די, וואס זיינען טיף אין הארצען מיט אונז. און יענעם אווענט, דעמע־טער, ווען דו האסט געהאט דאס פארגניגען צו זעהן מיך צום ערשטען מאל, ווייסטו, צוליעב וואס איך בין דאן געוועזן ביי די עהרענבערגס?... ווייסטו, פאר וועלכען צוועק ער האט מיר, ניט רעדענדיג א ווארט, גענעבען טויזענד גולדען?... פאר... — זי האט פארביסען די ליפען.

— איך טאר דאס ניט אויסזאגען, דאס איז געוועזן די באדינגונג.

פלוצלונג האט דעמעטער זיך אויפגעהויבען און האט זיך פאר־נייגט פאר א הער, וואס איז פארבייגעגאנגען. דאס איז געוועזן דער

עסטרייכער, וואָס איז נעכטען אָנגעקומען. ער האָט אויפגעהייבען זיין הוט און איז פאַרשוואונדען אין דער פינסטערניש פון גאָרטען.

— איהר קענט יענעם הער? — האָט געאָרג געפרעגט אין א ווייל̇ע ארום. — מיר דוכט זיך, אז איך קען איהם. ווער איז ער דען?

— פרינץ פאָן גוואסטאַלאַ, — האָט דעמעטער געזאָגט.

— טאקי? — האָט ניט ווילענדיג אויסגערופען טערעזא, און איהרע אויגען האָבען דורכגעבויערט די פינסטערניש.

— וואָס קוקסטו אזוי? — האָט דעמעטער געזאָגט, — א מענש ווי אַלע מענשען.

— ער איז, דוכט זיך, פאַרטריבען פון הויף? — האָט געפרעגט געאָרג. — ניט אמת?

— דאָס ווייס איך ניט, — האָט דעמעטער געזאָגט, — אָבער יעדענפאַלס איז ער דאָרט ניט קיין געווינשטער גאַסט. ער האָט ניט לאַנג ארויסגעגעבען א בראָשור וועגען די זיטען פון אונזער אַרמיי, באַזונדערס וועגען דעם לעבען פון אָפיצירען אין דער פּראָווינץ. אָט פאַר די בראָשור קוקט מען דאָס קרום אויף איהם, כאָטש אין דער אמת'ן איז אין איהר ניטאָ קיין בייז.

— ער וואָלט געדאַרפט זיך ווענדען צו מיר, — האָט טערעזא געזאָגט. — איך וואָלט איהם אויך געקענט עפּעס דערצעהלען.

— מיין ליעבע, — האָט דעמעטער געזאָגט, — דאָס, וואָס דו האָסט מסתמא אין זין, איז דאָך אַן אויסנאַמספאַל, און מען דאַרף דאָך דאָס ניט פאַראַלגעמיינערען.

— איך טהו דאָס ניט. אָבער איין פאַל אזא איז גענוג, אז דאָס גאַנצע סיסטעם...

— נאָר ניט קיין רעדע, טערעזא...

— איך רעד וועגען לעאָ, — האָט טערעזא זיך געווענדעט צו געאָרג'ן. — א שרעק, וואָס איהם קומט איצט אויס איבערצוטראָגען.

געאָרג האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט, ווי א זאַך, וואָס ער האָט אינגאַנצען פאַרגעסען, און וואָס איז העכסט מערקווירדיג, אז טערעזא איז לעאָ'ס שוועסטער. ווייס ער דען, אז זי איז דאָ, און מיט וועמען זי פאָהרט ארום?

דעמעטער האָט נערוועז פאַרביסען די ליפּען.

— אן אנטיסעמיטישער אויבערלייטענאַנט פאַרפאָלגט איהם

אויף א באזונדערס נידערטרעכטיגער אַרט, ווייל ער שפּירט, ווי לעאָ פאַראַכט איהם.

געאָרג האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ. ער האָט געהערט ווע־גען דעם.

— מיין ליעבע, — האָט געזאָגט דעמעטער, — איך האָב דיר שוין עטליכע מאָל געזאָגט, אַז מיר איז אין דער געשיכטע עפּעס ניט קלאָר. איך קען צופעליג דעם אויבערלייטענאַנט סעפּראַנעק, און איך פאַרזיכער דיך, אַז מען קען מיט איהם אויסקומען. ער איז ניט באַזונדערס געשייט, און עס קען זיין, אַז ער פיהלט ניט קיין באַזונ־דערע ליעבע צו אידען. אָבער מען מוז דאָך סוף כל סוף אַנערקענען, אַז עס זיינען פאַראַן אַזוי גערופענע „אַנטיסעמיטישע" שימפּווערטער, וואָס ווערען, אויף וויפיעל איך ווייס, באַנוצט פּונקט אַזוי פיעל פון אידען, ווי פון קריסטען. און איך מוז ענטשידען זאָגען, אַז דיין ברודער ליידט פון קראַנקהאַפטער עמפּינדליכקייט.

— עמפּינדליכקייט איז קיינמאָל ניט קראַנקהאַפט, — האָט גע־ענטפערט טערעזאַ. — נאָר אונעמפּינדליכקייט איז אַ קראַנקהייט, און די אַבשטויסענדסטע פון אַלע, וואָס איך קען. איך שטים מיט מיין ברודער זעהר ווענינ אין פּאָליטישע אַנשויאונגען, דאָס ווייסט איהר אַם בעסטען, געאָרג; אידישע באַנקירען זיינען מיר פּונקט אַזוי צואווידער, ווי פּעאָדאַלע גרויסע לאַנדבאַזיצער, און אָרטאָדאָק־סישע ראַבינער זיינען מיר פּונקט אַזוי צואווידער, ווי קאַטוילישע גלחים. אָבער ווען איינער וואָלט זיך געפיהלט העכער פון מיר, ווייל ער איז פון אַנאַנדער גלויבען אָדער ראַסע, ווי איך, און וואָלט מיר דאָס געלאָזען פיהלען, אין דעם באַוואוסטזיין פון זיין איבערמאַכט איבער מיר, וואָלט איך אַזאַ מענשען... איך ווייס אַליין ניט, וואָס איך וואָלט איהם געטאָן. יעדענפאַלס וואָלט איך פאַרשטאַנען לעאָ'ן, ווען ער וואָלט ביי דער ערשטער געלעגענהייט זיך אַרויפגעוואָרפען אויף אַט דעם העּר סעפּראַנעק.

— ווייסט, מיין טייערע, — האָט געזאָגט דעמעטער, — אויב דו האָסט נאָר דעם קלענסטען איינפלוס אויף דיין ברודער, זאָלסטו אום יעדען פּרייז פאַרהינדערען אַזאַ האַנדלונג פון זיין זייט. איך מיין, אַז דאָס בעסטע אין אַזאַ פאַל איז צו געהן אויף דעם אַנשטענדיגען וועג, דאָס הייסט, נאָך די דיענסט פאָרשריפטען. עס איז איננאַנ־

צען נים אמת, אז מען קען אויף אזא וועג גארנישט דערגרייכען: די העכערע קאמאנדירען זיינען מעהרסטענס רוהיגע, וועניגסטענס קא־רעקטע פערזאנען און...

— האט דאך לעא שוין לאנג אזוי געטאן... נאך אין פעברואר. ער איז געוועזען ביים רעגימענט קאמאנדיר, דער קאמאנדיר איז געוועזען צו איהם זעהר ליעבליך און, ווי מען קען אורטיילען נאך אלערליי סימנים, האט זיך גאנץ ערנסט דורכגערעדט מיט דעם אויבערלייטע־נאנט; אבער דאס האט זעהר וועניג געהאלפען, פארקערט, נאך ערגער געמאכט. ביי דער נעקסטער געלעגענהייט האט דער אויבער־לייטענאנט ווידער זיך גענומען אפשפאטען, און ער האלט דאס אן אזוי, מיט א ראפינירטער אויסגעהאלטענקייט. איך פארזיכער אייך, באראן, אז איך ערווארט מיט שרעק פון טאג צו טאג, אז עפעס אן אונגליק וועט געשעהן.

דעמעטער האט געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— מיר לעבען אין א משוגע'נער צייט. איך פערזיכער אייך, — האט ער זיך געווענדט צו געארג'ן, — אז אויבערלייטענאנט סעפראנעק איז פונקט אזוי וועניג אן אנטיסעמיט, ווי איהר און איך. ער פארקערט אין אידישע הייזער, איך וויים אפילו, אז ער איז זייט יאהרען אינטים מיט א אידישען רעגימענט ארצט. אבער די מענשען זיינען איצט ווירקליך אראפ פון זינען.

— אין דעם ביזטו אפשר גערעכט, — האט געזאגט טערעזא.

— נו, לעא איז געווען פארנינפטיג, — האט געזאגט געארג, — געווען קלוג ביי זיין גאנצער ליידענשאפטליכקייט, אז ער זאל ניט בא־געהן קיין נארישקייט. נאך אלעמען וויים ער דאך, אז אין עטליכע מאנאטען ארום וועט אלץ זיין געענדיגט, און ביז דאן קען מען אביסעל ליידען.

— ווייסט איהר אגב, באראן, — האט געזאגט טערעזא, נע־מענדיג א ציגארעט, נאך דעם ביישפיעל פון די מענער, פון דעם שאכטעל, וואס דער קעלנער האט געבראכט, — ווייסט איהר, אז לעא איז געוועזען גאר ענטציקט פון אייערע קאמפאזיציאנען?

— נו, ענטציקט, — האט געזאגט געארג, געבענדיג טערע־זא'ן פייער, — דאס האב איך אייגענטליך ניט באמערקט.

— יעדענפאלס איז איהם עפעס געפעלען, — האט טערעזא

אביכעל אראפגעלאזען, — דאס איז שוין כמעט אזוי פיעל, ווי ווען אן אנדערער וואלט געווען ענטציקט.

— איהר האט עפּעס אנגעשריבען אויף דער רייזע ? — האט דעמעטער העפליך געפרעגט.

— נאר א פּאר ליעדער.

— מיר וועלען זיי מסתמא הערען אין הערבסט ? — האט געזאגט דעמעטער.

— אך, גאט, רעדט ניט וועגען הערבסט, — האט געזאגט טערעזא. — ביז דאן קענען מיר זיין טויט אדער איינגעשפּארט.

— נו, דאס לעצטע קען מען דאך פארמיידען, ווען מען זאל וועלען, — האט אויסגערופען דעמעטער.

טערעזא האט א צוק געטאן מיט די אקסלען. געארג איז געזעסען נאהנט צו איהר, און איהם האט אויסגעוויזען, אז ער פיהלט די ווארימקייט פון איהר קערפּער. פון די פענסטער פון האטעל האט געגלאנצט ליכט, און א לאנגער רויטליכער פּאס איז דערגאנגען כמעט ביז צום טיש, ביי וועלכען די צוויי פּאר זיינען געזעסען.

— איך שלאג פאר, — האט געזאגט געארג, — אויסצונוצען דעם שעהנעם אווענט אין א שפּאציר אויפ'ן ברעג.

— אדער פאהרען אויף א שיפעל, — האט טערעזא אויסגערופען.

אלע האבען איינגעשטימט. געארג איז שנעל ארויף אין צימער, צו ברענגען די איבערמאנטלען. ווען ער איז אראנטערגעקומען, האט ער געפונען די איבריגע ביים טויער פון פּארק, גרייטע צו געהן. ער האט געהאלפען אנא'ן אנטאן איהר העל־גרויען מאנטעל, האט אנגעטאן אויף טערעזא'ס אקסלען זיין אייגענעם לאנגען איבערציהער אין האט איבערגעלאזען א טונקעל־גרינעם פלעד אויף דער האנט. זיי זיינען לאנגזאם געגאנגען דורך די אלעע, ביז צום ארט, וואו שיפלאך זיינען געשטאנען פאראנקערט. צוויי שיפער האבען שנעל געררודערט און האבען ארויסגעפיהרט די געזעלשאפט פון דער טונקעלקייט פון ברעג אין דאס שווארצליך גלאנצענדיגע וואסער. אוננאטירליך ריעזיג האבען די בערג זיך געהויבען צום הימעל. שטערען זיינען געווען ניט פיעל. קליינע גרוי־בלויע וואלקענדלאך זיינען געהאנגען אין דער לופט. די רודערער זיינען געזעסען אויף צוויי אין

דער קווער געלעגטע ברעטער. אין מיטען שיפעל, אויף שמאלע בענק־לאך, זיינען געזעסען די צוויי פאר, געארג און אנא, דעמעטער און טערעזא. אלע האבען אין אנהויב געשוויגען. ערשט נאך עטליכע מינוט האט געארג אונטערבראכען די שטילקייט. ער האט אנגערופען דעם נאמען פון בארג, וואס האט זיך געזעהן אין דער ריכטונג פון זיד; ער האט געמאכט אויפמערקזאם די איבריגע אויף א דארף, וואס האט אויסגעוויזען צו רוהען אין שויס פון א פעלז אונענדליך ווייט, וואס מען האט אבער געקענט דערגרייכען אין א פערטעל שעה, ער האט אנגעוויזען, אז דאס ווייסע, ליכטיגע הויז, וואס דערהויבט זיך איבער לוגאנא, איז דער האטעל, וואו דעמעטער און טערעזא וואוינען, און האט דערצעהלט וועגען א שפאציר, וואס ער האט ניט לאנג געמאכט טיף אין לאנד צווישען בערג, וואס זיינען געווען באלויכטען פון דער זון און באדעקט מיט וויינגערטנער.

בעת ער האט גערעדט, האט אנא אנגענומען זיין האנט אונטער'ן פלעד. דעמעטער און טערעזא זיינען געזעסען ערנסט און קארעקט איינע לעבען אנדערען, גאר ניט ווי יונגע פארליעבטע. איצט האט געארג ווידער דערפיהלט צו טערעזא'ן די נייגונג, וואס ער האט ניט געפיהלט ביי איהרע הויכע און צארניגע רעד.

„ווי לאנג וועט דויערן אט די געשיכטע מיט דעמעטער'ן ? — האט ער געטראכט. — וועט זי זיין געענדיגט, ווען דער הערבסט וועט אנקומען, אדער וועט זי ענדליך דויערן אזוי לאנג אדער נאך לענגער, ווי מיינע מיט אנא'ן ? וועט אט די רייזע איבער'ן טונקעלען וואסער ווען עס איז ווערען אן עראינערונג וועגען עפעס, וואס איז אויף אייביג פארשוואונדען, ווי די רייזע איבער דעם וועלדזוער לאנדזעע מיט דעם בויערען מיידעל, וואס האט זיך מיר ערשט איצט דערמאנט נאך אזוי פיעל יאהרען... ווי די רייזע איבער'ן ים מיט נרייס? ווי זאנדערבאר ! אנא האלט מיין האנט, איך דריק זי, און ווער ווייס, צי זי פיהלט ניט אין אט דעם אויגענבליק דאסזעלביגע צו דעמעטער'ן, וואס איך פיהל צו טערעזא'ן ?... ניין, געוויס ניט, זי טראגט א קינד אונטער'ן הארצען, א קינד, וואס רעגט זיך שוין.. אט פארוואס... א גאט... אויך מ י י ן קינד איז דאס דאך... איצט פאהרט אונזער קינד איבער דעם לוגאנא לאנדזעע שפאצירען... וועל איך איהם ווען עס איז דערצעהלען, אז עס איז נאך פאר זיין געבורט

ארומגעפאהרען דא אויפ׳ן לוגאנא לאנדזעע ? ווי וועט דאך אלץ זיין ? אין עטליכע טעג ארום זיינען מיר ווידער אין וויען. עקזיס־טירט דען וויען בכלל ? וויען וועט ערשט לאנגזאם ענטשטעהן. ווען מיר וועלען פאהרען צוריק... יע, אזוי איז דאס... אזוי שנעל ווי איך קום אהייב, נעם איך זיך ערנסט צו דער ארבייט. איך וועל בלייבען רוהיג אין מיין וויענער וואוינונג און וועל נאר אנא׳ן באזוכען, ניט וואוינען מיט איהר אין דארף... העכסטענס אין די גאר לעצטע טעג... און אין הערבסט... וועל איך פאהרען אין דעטמאלד ? און וואו וועט אנא זיין ? און דאס קינד ?... ביי פרעמדע מענשען ערגעץ וואו אויפ׳ן לאנד ?... ווי אונווארשיינליך דאס אלץ איז !... אבער ערשט מיט א יאהר צוריק האט אויסגעוויזען אונוואורשיינליך, אז איך מיט פריילין אנא ראזנער און סטאנצידעס מיט פריילין טערע־זא גאלאווסקי וועלען אומפאהרען שפאצירען אויפ׳ן לוגאנא לאנד־זעע... און איצט איז דאס די זעלבסטפארשטענדליכסטע זאך אויף דער וועלט.“

מיט אמאל האט ער דערהערט לעבען זיך זעהר קלאר, ווי ער וואלט נאר וואס זיך אויפגעכאפט פון שלאף, דעמעטער׳ס שטים:

— ווען געהט מארגען אפ אונזער שיף ?

— ניין אזייגער אין דער פריה, — האט טערעזא געענטפערט.

— זי איז דאך דער רייזע מארשאל, — האט געזאגט דעמעטער,

— איך דארף זיך ניט קימערען וועגען קיין זאך.

פלוצלונג איז די לבנה ארויסגעשוואומען איבער׳ן לאנדזעע. עס האט אויסגעוויזען, ווי זי וואלט געווארט הינטער די בערג און וואלט איצט ארויפגעקומען צום אבשיד. איינגאנצען וייס און זעהר נאהנט האט זיך פלוצלונג באוויזען דאס אונענדליך ווייטע דארף, וואס איז געלעגען אין שוים פון א בארג. דאס שיפעל איז צוגע־שוואומען צום ברעג. טערעזא האט זיך אויפגעהויבען און האט אין דער נאכטיגער פינסטערניש אויסגעזעהן אונגעהויער גרויס. געארג איז ארויסגעשפרונגען פון שיפעל און האט איהר געהאלפען ארויסגעהן. ער האט געפיהלט איהרע קיהלע פינגער, וואס האבען ניט געציטערט. נאר שטיל, ווי אבזיכטליך, זיך באוועגט אין זיין האנט, און האט נאהנט געפיהלט דעם אטעם פון איהרע ליפען. נאך איהר איז ארויס־געקומען דעמעטער, דאן אנא, א שווערע און מידע. די שיפער האט

בען געדאנקט פאר דאָס שעהנע טרינקגעלט, און די ביידע פּאָרען זיינען אָפּגעגאַנגען פון ברעג אהיים. אויף א באַנק אין דער ברעג אלעע איז געזעסען דער פּרינץ אין א לאַנגען טונקעלען מאַנטעל און האָט געראויכערט א ציגאַר; ער האָט געשטיינט צו קוקען אויף דאָס שוואַרצע וואַסער און האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, ווייזט אויס, אום ניט צו ווערען באַגריסט.

— אָט ווער עס וואָלט געהאַט וואָס צו דערצעהלען, — האָט געזאָגט טערעזאַ געאָרג'ן, מיט ווען זי איז אלײן ווייטער צוריקגעבליבען, בעת רעמעטער און אַנאַ זיינען געגאַנגען פאָראויס.

— איז פאָהרט איהר שוין באלד נאָך וויען? — האָט געאָרג גע־פרעגט.

— אין צוויי וואָכען ארום. איז דאָס אזוי גיך? יעדענפאַלס וועט איהר זיין אין דער היים פאר אונז, ניט אמת?

— יע, אין עטליכע טעג ארום פאָהרען מיר אָפּ. מען קען דאָס לענגער ניט אָפּלעגען. מיר וועלען נאָך מוזען עטליכע מאָל זיך אָפּשטעלען אויפ'ן וועג. אַנאַ קען ניט פאָהרען לאַנג.

— ווייסט איהר שוין, אז איך האָב פאר מיין אָפּפאָהרען גע־פונען א ווילא פאר אַנאַ'ן? — האָט געזאָגט טערעזאַ.

— ווירקליך? איהר? האָט איהר דען אויך געזוכט?

— יע, איך האָב א פּאָר מאָל באַגלייט מיין מוטער אויף איהרע רייזען. דאָס איז א קליין אלט הויז אין סאַלמאַנסדאָרף, מיט א שעה־נעם גאָרטען, וואָס קומט ארוים דירעקט אויף לאָנקעס און וואַלד, און דער פאָרגאָרטען איז אינגאַנצען פאַרוואַקסען... אַנאַ וועט אייך שוין מעהר דערצעהלען. דאָס איז, דוכט מיר, דאָס לעצטע הויז אין דאָרף, נאָך איהם קומט נאָך א רעסטאָראַן, אָבער שוין גאָר ווייט.

— האָב איך דען געקענט ניט באַמערקען דאָס הויז, ווען איך בין ארומגעפאָהרען זוכען אין פריהלינג?

— ווייזט אויס אזוי, אנדערש וואָלט איהר עס גענומען. אויפ'ן גראָז פלאַץ, נאָהנט צום גאָרטען צוים, שטעהט א קליינע ליימענע פי־גור.

— איך קען זיך ניט דערמאָנען. אָבער איהר ווייסט, טערעזאַ, דאָס איז זעהר ליעבליך פון אייך, וואָס איהר האָט זיך אויך באַמיהט פאר אונז. מעהר ווי ליעבליך.

ביי איהר ערמידענדער ארבייט", האט ער געוואלט צוגעבען, האט אבער דאס ניט געזאגט.

— וואס וואונדערט איהר זיך ? — האט טערעזא געפרעגט.— איך האב דאך אנא'ן זעהר ליעב.

— איהר ווייסט, וואס איך האב איינמאל געהערט וועגען אייך?

— האט געארג געפרעגט נאך א קורצער פאוזע.

— וואס ?

— אז איהר וועט ענדיגען דאס לעבען אדער אויפ'ן עשאפאט, אדער ווי די פרוי פון א פרינץ.

— דאס זיינען די ווערטער פון דאקטאר בערטאלד שטאובער. ער האט דאס מיר אליין אויך אמאל געזאגט. ער איז זעהר שטאלץ מיט זיין פראפעציאונג, אבער דאס איז א נארישקייט.

— יעדענפאלס זיינען איצט פאראן מעהר שאנסען, אז איהר וועט זיין א פרינצעסין.

— ווער זאגט אייך דאס ? דער טרוים פון א פרינצעסין וועט באלד זיין געענדיגט.

— טרוים ?

— יע, איך הייב שוין אפילו אן צו ערוואכען. א געפיהל, אונ־געפעהר, ווי ווען די מארגענלופט דרינגט אריין אין שלאפצימער.

— און דאן וועט זיך אנהויבען דער אנדער טרוים ?

— וואס הייסט, דער אנדער טרוים ?

— איך שטעל מיר דאס פאר ביי אייך אזוי. ווען איהר וועט ווידער שטעהן אין דער עפענטליכקייט, האלטען רעדעס, זיך פאר עפעס איינפאפערען, וועט דאס אייך אין א געוויסען מאמענט ווידער פארקומען ווי א טרוים, ניט אמת ? און איהר וועט זיך פארשטעלען, אז דאס אמת'ע לעבען איז ניט דא, נאר ערגעץ אנדערשוואו.

— דאס, וואס איהר זאגט, איז גאר ניט אזוי נאריש.

דא האבען דעמעטער און אנא, וואס זיינען שוין געשטאנען ביי דעם טויער פון גארטען, זיך אומגעקערט צו זיי און זיינען באלד גע־גאנגען מיט דער ברייטער אלעע צום אריינגאנג אין האטעל. געארג און טערעזא זיינען געגאנגען ווייטער, אויסערהאלב דעם גארטען־צוים, אין דער פינסטער. פלוצלונג האט געארג אנגעכאפט די האנט פון זיין באגלייטערין. ווי פארוואונדערט, האט זי זיך אומגעקערט צו

איהם ; זיי זיינען געבליבען שטעהן איינע אנטקעגען דעם אנדערען, איינגעהילט אין פינסטערניש, נאהנטער, ווי זיי האבען געקענט ערווארטען. זיי האבען ניט געוואוסט ווי אזוי... זיי האבען דאס קוים געוואלט... אבער זייערע ליפען האבען זיך באגעגענט אויף א קורצען אויגענבליק, אין וועלכען עס איז געווען מעהר דער טרויריגער אטעם פון ליגען, ווי עפעס אנדעריש. דאן זיינען זיי געגאנגען ווייטער שווייגענדיג, אונבאפרידיגט און זיינען אריין אין גארטען.

קומענדיג צום האטעל, האבען דעמעטער און אנא זיך אומגעקערט און זיינען געגאנגען אנטקעגען דער אנדער פאר. טערעזא האט שנעל געזאגט געארג'ן :

— איהר פאהרט דאך געוויס ניט מיט אונז ?

געארג האט לייכט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ. איצט זיינען אלע געשטאנען אין ברייטען, רוהיגען ליכט פון די עלעקטרישע לאמפען.

— דאס איז געווען א וואונדערשעהנער אווענט, — האט געזאגט דעמעטער און האט געקיישט אנא'ן די האנט.

— אויף ווידערזעהן אין וויען, — האט געזאגט טערעזא און האט ארומגענומען אנא'ן.

דעמעטער האט זיך געווענדט צו געארג'ן :

— איך האף, מיר וועלען זיך זעהן מארגען אין דער פריה אויפ'ן שיף.

— מעגליך, אבער איך וועל גארניט צוזאגען.

— אדיע, — האט געזאגט טערעזא און האט געגעבען געארג'ן די האנט.

דאן איז זי מיט דעמעטער'ן אוועק צום ארויסגאנג.

— ווען טו פאהרען מיט זיי ? — האט געפרעגט אנא. ווען זיי זיינען דורכגעגאנגען דעם וועסטיבול, וואו העררען אין דאמען זיינען געזעסען און האבען גערויכערט, געטרונקען און געפלוידערט.

— וואס פעלט דיר איין, — האט געארג געענטפערט, — איך קלער גאר ניט וועגען דעם.

— הער באראן, — האט עמיצער פלוצלונג אויסגערופען הינטער איהם. דאס איז געווען דער פארטיע, וואס האט געהאלטען א מעלעגראמע אין האנט.

— וואס איז דאס ? — האט געארג געזאגט אביסעל דערשראק־

קען און האָט שנעל געעפּענט די דעפּעש. — אָ, ווי שרעקליך ! — האָט ער אויסגערופען.

— וואָס איז דען ? — האָט געפרעגט אנאַ.

ער האָט געלעזען אין דער היך : „אָסקאַר עהרענבערג האָט היינט אין דער פריה אין וואלד ביי נייהאוז געפּרואווט באגעהן זעלבסטמאָרד. א שאָס אין שלייף. ווענינ האָפנונג צו רעטען זיין לעבען. היינריך.“

אנא האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. שווייגענדיג זיינען זיי ארויף די טרעפּ און ארייין אין צימער, וואָס אנא האָט באוואוינט. די באלקאָן־טיר איז געווען ברייט אָפען. געאָרג איז ארוים אויף דער פרישער ליפט. פון דער פינסטער האָט זיך דערטראָגען א שווערער דופּט פון כיאגיאַליען און רייזען. דאָס לאנדזועע האָט מען ניט געזעהן. אזוי, ווי פון אָפּגרונד ארויסגעוואקסען, האָבען זיך די בערג געהויבען ארויף. אנאַ איז צוגעגאנגען צו געאָרג'ן. ער האָט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף איהרע אקסלען און האָט געפיהלט, אז ער ליעבט זי זעהר. אזוי ווי די ערנסטע געשעהעניש, ווענען וועלכער ער האָט זיך נאָר וואָס דערוואוסט, וואָלט איהם באוויזען די אמת'ע באדייטונג פון זיינע אייגענע געפיהלען. ער האָט ווידער פארשטאנען, אז פאר איהם איז ניטאָ קיין וויכטיגערע זאך אויף דער וועלט, ווי דאָס גליק פון אָט דער געליעבטער פרוי, וואָס האָט איהם געדאַרפט ברייננען א קינד.

## זעקסטער קאַפּיטעל.

ווען געאָרג איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם קיהלען שטאָדט־רעסטאָראַן, וואו ער האָט געגעסען שוין עטליכע וואָכען, אויף די הייסע גאַס און איז אוועק צו היינריכ׳ס וואוינונג, איז שוין זיין ענטשלוס אוועקצופאָהרען אין די נעקסטע טעג אין די בערג געווען פעסט. אַנאַ איז שוין געווען צו דעם פאַרבערייטעט, האָט איהם אפילו אליין צוגערעדט אוועקצופאָהרען אויף אַ פּאָר טעג, ווייל זי האָט געפיהלט, אַז דאָס איינטאָניגע לעבען איז איהם אין דער לעצטער צייט געוואָרען לאַנגווייליג און האָט אין איהם אַרויסגערופען אַן אינערליכע אונרוהינקייט.

מיט זעקס וואָכען צוריק, אין אַ וואַרימען רעגענדיגען אָווענט, האָבען זיך אומגעקערט אין וויען. ער האָט אָפּגעפיהרט אַנאַ׳ן פון וואָקזאַל גלייך אין די ווילאַ, וואו אַנאַ׳ס מוטער און פרוי גאָלאָווסקי האָבען זייט צוויי שעה געוואַרט אויף די פאַרשפּעטיגטע אין אַ גרויסען, האַלב לערען צימער מיט געלבליכע טאַפּעטען, ביי דעם שוואַכען שיין פון אַ הענגלאָמפּ. די טיר צו דער גאָרטען ווערענדאַ איז געווען אָפּען, דער רעגען האָט געקלאַפּט אויפ׳ן הילצערנעם דיל, און אין די צימערען האָט זיך אַריינגעריסען דער ווייכער דופט פון פייכטע בלעטער און גראָזען. ביים שיין פון אַ ליכט, וואָס פרוי גאָלאָווסקי האָט געטראָגען פאָראויס, האָט געאָרג באַטראַכט די צימערען, וועהרענד אַנאַ איז אַ מידע געזעסען אין עק פון אַ גרויסען, מיט געבלומטען קאַרטון איבערצויגענעם דיוואַן און האָט אין אַ מידער שטים געענטפער׳ט אויף דער מוטערס פראַגען. באַלד האָט געאָרג, גערירט און ערלייכטערט, זיך געזעגענט מיט אַנאַ׳ן, האָט זיך אַריינגעזעצט צוזאַמען מיט איהר מוטער אין אַן עקיפּאַזש, וואָס האָט געוואַרט דרויסען, און פאָהרענדיג איבער די נאַסע גאַסען אין שטאָדט, האָט ער איהר מיט אַ געקינסטעלטער בעלעבטקייט דערצעהלט וועגען די קליינע געשעהענישען אויף זיין לעצטער רייזע. אַ שעה נאָך האַלבע נאַכט איז ער געווען אין דער היים. פעליציאַן איז שוין גע־

[illegible]ען, און ער האט איהם ניט געוועקט. א צופרידענער האט ער זיך אויסגעשטרעקט אויף זיין אייגענעם בעט אין זיין אייגענעם הויז, צום ערשטען מאָל נאָך אזא לאַנגער צייט.

זינט דאַן איז ער געפאָהרען במעט יעדען טאָג צו אנא'ן אין ווי־לא. ווען ער פלעגט זיך נאָר ניט אונטערגעבען דעם פארלאַנג צו באזוכען די ארומיגע זומער ערטער, האט ער געקענט לייכט אָנקומען אויף א וועלאָסיפּעד צו איהר הויז אין א שעה. אָבער אָפטער פלעגט ער נעמען די פערד־באַהן און דאַן געהן צופוס דורך די קליינע דערפ־לאַך ביז צום נידריגען גרין געפארבטען פלויט. הינטער'ן פלויט, אין דעם שמאָלען גאָרטען, וואָס האָט זיך לייכט אויפגעהויבען ווי א בערגעל, איז געשטאַנען דאָס באשיידענע קליינע הויז מיט דעם דריי־עקיגען פראָנטאָן פון האָלץ. ניט זעלטען איז ער געגאַנגען מיט'ן וועג, וואָס האָט זיך געצויגען הינטער'ן דאָרף, צווישען גאָרטענס און לאָנקעס, און האָט ליעב געהאַט זיך אויפצוהייבען אויף דעם גרינגען אָפּהאַנג ביז צו א באַנק ביים עק וואַלד, פון וואַנען מען האָט גע־קענט זעהן דעם גאַנצען געגענד אונטען אין שמאָלען טאָל. פון דאַ־נען האָט ער געקענט זעהן דעם דאַך, אונטער וועלכען אנא האָט גע־וואוינט. זיין מילדע בענקשאַפט נאָך דער געליעבטער, וואָס איז דאַ געוועזען אזוי נאָהנט, פלעגט ביסלעכווייז באַלעבט ווערען, און איילענ־דיג פלעגט ער אַראָפּגעהן אינטען, עפענען דאָס קליינע טירעל און געהן איבער'ן זאמד צום הויז. אָפטמאָל, אין די שמיקענדע שעה'ן פון א נאָכמיטאָג, ווען אנא איז נאָך געשלאָפען, פלעגט ער זיך זעצען אויף דער געדעקטער הילצערנער וועראַנדאַ, הינטער'ן הויז, אויף א באַקוועמען, מיט געבלומטען קאַרטון איבערגעצויגענעם לעהנשטול, פלעגט אַרויסנעמען פון קעשענע א מיטגענומענעם ביך און לעזען. דאַן פלעגט פון די האַלב טונקעלע צימערען אַרויסקומען פרוי גאָלאָוו־כקי, אין אן איינפאַכען טונקעלען קלייד, און פלעגט אין א שטילער אביסעל טרויעריגער שטים, מיט דעם אויסדרוק פון מוטערליכער זאָרג אויפ'ן געזיכט, אָפּגעבען א באַריכט וועגען אנא'ס געזונט, באזונ־דערס וועגען דעם, צי זי האָט געגעסען מיט אַפּעטיט, און צי זי האָט געגונג שפּאַצירט הין און צוריק איבער'ן גאָרטען. ווען ער פלעגט דאָס ענדיגען, פלעגט זי אַלעמאָל שוין האָבען עפּעס נויטיגעס צו באַזאָרגען אין קיך אָדער אין הויז, און פלעגט באַלד פאַרשווינדען.

נעאָרג פֿלעגט ווייטער לעזען. דאַן פֿלעגט אָנקומען אַ בערנאַרדינער צויג, אויך אַ טראָגנעריגע, פֿלעגט באַגריסען געאָרג'ן מיט איהרע ערנסטע, מיט טרערען אָנגעפֿילטע אויגען, לאָזען זיך גלעטען איהר קורצהאָריגע פֿעל און אויסציהען זיך ביי זיינע פֿיס. שפּעטער פֿלעגט זיך דערהערען אַ שטרענגער, גוט באַקאַנטער פֿייף, און די צויג פֿלעגט זיך שווער אויפֿהויבען, ווי ענטשולדיגען זיך מיט אַ טרויערינגען בליק, וואָס זי קען דאָ לענגער ניט בלייבען, און אוועקגעהן. אין דעם דערבייאיגען גאָרטען האָבען קינדער געלאַכט און געליאַרעמט. אמאָל פֿלעגט אַ גומענע פּילקע אריבערשפּרינגען דעם נידריגען פּלויט. דאַן פֿלעגט איבער'ן פּלויט זיך באַווייזען דאָס בלייכע געזיכט פֿון אַ מיידעל, וואָס האָט שרעקעדיג געבעטען, מען זאָל איהר אריבערוואַרפֿען די פּילקע צוריק.

ענדליך, ווען עס פֿלעגט ווערען קיהלער, פֿלעגט ביים פֿענסטער, וואָס קומט אַרויס צו דער וועראַנדאַ, זיך באַווייזען אַנאַ'ס געזיכט. זי פֿלעגט באַגריסען געאָרג'ן מיט איהרע רוהיגע בלויע אויגען און באַלד אליין אַרויסקומען אין אַ לייכטען העלען הויז־קלייד. דאַן פֿלעגען זיי שפּאַצירען הין און צוריק איבער'ן גאָרטען, פֿאַרביי די קוסטעס פֿון אָפּגעבליהטען פֿלידער און רייף ווערענדע ווייַנפּערלאַך. געוועהנליך איז זייער שפּאַציר געווען אויף דער לינקער זייט פֿון גאָרטען, ביי דער אָפֿענער לאָנקע, און זיי האָבען זיך געזעצט אָפּ־רוהען אויף דער ווייסער באַנק ביי דעם אינווענינגסטען סוף פֿון גאָר־טען, אונטער אַ באַרענבוים. ערשט דאַן, ווען דאָס אָוועגטברויט איז געווען פֿאַרטיג, פֿלעגט פֿרוי גאָלאָווסקי קומען, באַשיידען פֿאַרנעמען איהר אָרט ביים טיש און דערצעהלען, ענטפֿערענדיג אויף פֿראַגען, וועגען איהרע אייגענע, וועגען טערעזאַ'ן, וואָס איז אָנגעקומען אין די רעדאַקציאָן פֿון אַ סאָציאַליסטישער צייטונג; וועגען לעאָ'ן, וואָס איז איצט געווען ווענינגער פֿאַרנומען מיט זיין דיענסט און האָט דעריבער פֿלייסיג זיך גענומען צו שטודירען מאַטעמאַטיק; וועגען איהר מאַן, וואָס איז אַליין געזעסען אין דעם אָנגערויכערטען קאַפֿע און האָט זיך צוגעקוקט צו די צוגען פֿון די אונערמידליכע שאַך שפּיע־לער; שטענדיג האָבען זיך פֿאַר איהם געעפֿענט נייע האָפֿנונגען אויף אַ רעגעלמעסיגען פֿאַרדיענסט, אָבער די האָפֿנונגען פֿלעגען באַלד פֿאַרשווינדען. נאָר זעהר זעלטען פֿלעגט קומען אַנאַ'ס מוטער

און פלענט אוועקפאהרען באלד נאך נעארג'ס אנקומען. איינמאל א זונטאג נאכמיטאג, איז געקומען צופאהרען אנא'ס פאטער. ער האט גערעדט מיט נעארג'ן וועגען וועטער און דער שעהנקייט פון לאנדשאפט, אזוי ווי זיי וואלטען זיך צופעליג באגעגענט ביי א קראנקען באקאנטען. נאר צוליעב די עלטערען האט אנא געוואוינט אויפ'ן לאנד אזוי פאלשטענדיג צוריקגעצויגען. זי אליין איז געווארען אינערליך פריי און האט זיך איינגאנצען געפיהלט, ווי נעארג'ס געזעצליכע פרוי; און ווען נעארג, מיד ווערענדיג פון זייערע איינטאניגע אווענטען, האט געבעטען ביי איהר ערלויבניש צו ברענגען מיט זיך היינריכ'ן, האט זי באלד צוגעשטימט, צו זיין אנגענעמער איבערראשונג.

היינריך איז געווען דער איינציגער פון נעארג'ס נאהנטע באקאנטע, וואס איז אין די שטיקענדע יולי טעג נאך געבליבען אין שטאדט. פעליציאן האט נאך זיין ברודערס צוריקקער ווידער געפיהלט צו איהם זיין פריהערדיגע יונגענדליכע פריינדשאפט, אבער ער איז נאך זיין דיפלאמאטישען עקזאמען אוועקגעפאהרען מיט סקעלטאנ'ען צום צפון ים. עלזא עהרענבערג, וועלכע נעארג האט באלד נאך זיין אנקומען געזעהן איינמאל אין סאנאטאריום, ביי איהר ברודערס קראנקענבעט, איז שוין לאנג געווען מיט איהר מוטער אין אוהאף. אויך אסקאר, וועמעס אומגעלונגענער פארזוך אויף זעלבסטמארד האט איהם געקאסט זיין רעכטע אויג, האט איהם אבער גערעטעט, ווי מען האט געמיינט, זיין ראנג פון לייטענאנט, איז אפגעפאהרען פון וויען מיט א שווארצען בינט אויפ'ן בלינדען אויג. דעמעטער סטאנצידעס, ווילי אייסלער, גווידא שענשטיין, ברייטנער, —אלע זיינען זיך צופאהרען. אפילו נירענבערגער, וואס האט אזוי פייערליך ערקלערט, אז דעם זומער וועט ער ניט ארויספאהרען פון שטאדט, איז אויך פלוצלונג פארשוואונדען.

איהם האט נעארג דעם ערשטען באזוכט, ווען ער איז אנגעקומען. ער האט איהם געבראכט בלומען פון זיין שוועסטערס קבר. אין וועג האט נעארג איבערגעלעזען נירענבערגער'ס ראמאן, די האנדלונג אין וועלכען איז פארגעקומען שוין אין א האלב פארגאנגענער צייט, — דערזעלביגער צייט, ווי נעארג'ן האט אויסגעוויזען, וועגען וועלכער דאקטאר שטאובער האט איהם אמאל דערצעהלט. מיט פינסטערע פאקעלן האט נירענבערגער באלויכטען יענע וועלט, וואס

איז דורך און דורך אָנגעזאָפּט מיט ליגען, וואו ערוואַקסענע מענטשן ווע־
רען אָנגענומען פאַר רייף, אַלט געוואָרענע — פאַר ערפאַהרען, און
מענשען, וואָס האָבען ניט איבערטראַטען קיין געשריבענע געזעצען,
—פאַר גערעכט; וואו ליעבע צו פרייהייט, מענשליכקייט און פאַ־
טריאָטיזם ווערען אָנגענומען פאַר טוגענדען, אפילו ווען זיי וואַקסען
אויס אויף דעם פוילען באָדען פון געדאַנקענלאָזינקייט און פיינהייט.
פאַר דעם העלד פון זיין ראָמאַן האָט נירענבערגער אויסגעקליבען
א טעטינגען, בראַווען מענשען, וועמען די ביליגע פראַזען פון זיין צייט
האָבען אַרויפגעטראָגען אויף א געוויסע הויך; דערגרייכענדיג אָט
די הויך, אַנערקענט ער באַלד דעם ליגען פון זיין שווינדלענדיגען
אַרויפּשטייגען און, אַרומגעכאַפּט פון א שרעק, וואַרפט ער זיך צוריק
אין די לערקייט, פון וועלכער ער איז געקומען. געאָרג'ן האָט זעהר
געוואונדערט, וואָס דער, וואָס האָט געשאַפען אזא שטאַרקע ווערק,
האָט זיך צופרידענגעשטעלט מיט שפּאָטישע באַמערקונגען וועגען
דעם, וואָס אַרום איהם איז פאָרגעקומען. נאָר היינריכ'ס ווערטער,
אַז פרוכטבאַר איז דער צאָרן, ניט דער עקעל, האָבען איהם ערקלערט,
פאַרוואָס נירענבערגער'ס שאַפען איז אויף שטענדיג אָפּגעהאַקט גע־
וואָרען.

די טונקעל־בלויע פאַרנאַכטיגע שעה, וואָס געאָרג האָט פאַר־
בראַכט אין איינזאַמקייט ביי דעם קבר פון נירענבערגער'ס שוועס־
טער אין קאַדענאַביאַ, איז אזוי זאָנדערבאַר קלאָר געבליבען אין זיין
זכרון, ווי די, וואָס איז געלעגען אין קבר, וואָלט איהם געווען נאָהנט
און טייער. איהם איז א שאָד געווען, וואָס די גאָלדענע בוכשטאַ־
בען אויפ'ן גרויען שטיין זיינען געווען מאַט, און וואָס די בייט אַרום
קבר איז פאַרוואַקסען געוואָרען מיט ווילדע גראָזען. אָפּרייסענדיג
א פּאָר געל־בלויע שטיפמוטערלאַך, איז ער אוועקגעגאַנגען א טרויע־
ריגער. אַרויסגעהענדיג פון טויער, האָט ער דערזעהן דורכ'ן אָפענעם
פענסטער פון טויטען־קאַמער, צווישען הויכע ברענענדע ליכט, א
פרויען געשטאַלט, פאַרדעקט ביז צו די ליפען מיט א שוואַרצען טוך.
אויף איהר שמאָלען געזיכט, וואָס איז געווען געל ווי וואַקס, האָבען
די שטראַהלען פון'טאָג־ליכט זיך געראַנגעלט מיט דעם שיין פון די
ליכט.

נירענבערגער איז געווען געריהרט פון געאָרג'ס אויפמערקזאַמ־

קיינ, און יענעם טאָג האָבען זיי גערעדט איינער מיט דעם צווייטען אַ סך תּאַרצינער, ווי ווען עס איז פריהער. דאָס הויז, וואו נירענבערגער האָט געוואוינט, איז געשטאַנען אין אַן ענגער, פינסטערער גאַס, וואָס האָט פון די אינערליכע טיילען פון שטאָדט, ווי אַ טרעפּ, געפיהרט אַראָפּ צום דאָנוי; דאָס הויז איז געווען אַלט, שמאָל און הויך. נירענבערגער׳ס וואוינונג איז געווען אויף דעם פינפטען, דעם העכסטען עטאַזש, און אַ געדרעהטע טרעפּ האָט געפיהרט צו איהר. אין דעם נידריגען, אָבער גערוימען צימער, וואוהין געאָרג איז אַריינגעקומען פון דעם טונקעלען פאָרהויז, איז אין גוטער אָרדנונג געשטאַנען אַלטע מעבעל, און פון אַלקאָוו, וואָס איז געשטאַנען טיף אין צימער און איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ טונקעל־גרינעם פאָרהאַנג, האָט זיך דערטראָגען דער דופט פון קאַמפער און לאַווענדעל. יורנענד פאָרטרעטען פון נירענבערגער׳ס עלטערען זיינען געהאַנגען אויף דער וואַנט, ווי אויך לאַנדשאַפטען גראַוויורען פון די בילדער פון האָלענדישע מייסטער. אויפ׳ן קאָמאָד אין האָלץ־געשניצטע ראַהמען, זיינען געשטאַנען פאַרשידענע אַלטע פאָטאָגראַפישע בילדער. אין אַ שופלאָד פון שרייבטיש, צווישען פאַרגעלטע בריף, האָט נירענבערגער אויסגעזוכט אַ בילד פון זיין פאַרשטאָרבענער שוועסטער: אַן אַכצעהן־יאָהריג מיידעל, מיט אַ פילקע אין האַנט, אין אַ האַלב קינדערישען קלייד, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ היסטאָרישער קאָסטיום, איז זי געשטאַנען ביי אַ פּלויט, הינטער וועלכען מען האָט געזעהן אַ פעלזיגע לאַנדשאַפט. נירענבערגער האָט פאָרגעשטעלט די אַלע אומבאַקאַנטע, ווייטע און געשטאָרבענע מענשען אויף די פאָרטרעטען און האָט גערעדט וועגען זיי אין אַזאַ טאָן, וואָס האָט, דוכט זיך, נאָך פאַרגרעסערט די דיסטאַנץ צווישען דער פאַרגאַנגענהייט און דער געגענוואַרט.

צייטענווייז האָט געאָרג׳ס בליק געוואַנדערט איבער דער ענגער גאַס צו דער גרויער וואַנט פון די אוראַלטע הייזער. ער האָט געזעהן די שמאָלע פאַרשטויבטע פענסטער און הינטער זיי אַלערליי זאַכען פון אַלטעגליכען געברויך. אויף איין פענסטער־ברעט זיינען געשטאַנען בלומענטעפּ מיט האַלב פאַרדאַרטע פלאַנצען, שטיקלאַך פּאַפּיר אין שערבלאַך פון פלעשער זיינען געלעגען צווישען צוויי הייזער אין אַ רינע. אַ פאַרזשאַווערטער רעהר איז דורכגעגאַנגען דאָס אַלץ און

האָט זיך פאַרלאָרען הינטער'ן קוימען. אַנדערע קוימענס האָבען זיך נעזעהן רעכטס און לינקס, מען האָט נעקענט זעהן די הינטערשטע זייט פון אַ געזבדיכען שטייענדנעם פּראָנטאָן. ניט בלייך־בלויען הימעל האָבען זיך ארויפגעהייבען טירעמס, און נאָר אונערוואַרטעט נאָהנט האָט זיך באַוויזען איין העל־גרויער טורעם, מיט אַ דורכגע־בראָכענעם שטיינערנעם קופּעל; דער טורעם איז געווען געאָרג'ן גוט באַקאַנט. ניט ווילענדיג האָט זיין בליק געזוכט דעם אָרט, דאָס הויז, ביים אַריינגאַנג אין וועלכען צוויי ריעזען האָבען אין זייערע מעכטיגע אָרעמס געהאַלטען אַ שילד מיט הערבען פון אַ לאַנג פאַרגע־סענער אַדעליגער פאַמיליע. אין יענעם הויז האָט זיך אָנגעהייבען דאָס לעבען פון זיין קינד, וואָס האָט אין עטליכע וואָכען אַרום געדאַרפט ארויסקומען אויף דער וועלט.

געאָרג האָט דערצעהלט וועגען זיין רייזע און האָט דערפיהלט, ווי קליינליך דאָס איז אין דער איצטיגער שטימונג פון אויפריכטיג־קייט אָפּצוקומען מיט האַלבע אמת'ען. אָבער נירענבערגער האָט שוין לאַנג געוואוסט אַלץ, און ווען דאָס האָט געוואונדערט געאָרג'ן, האָט נירענבערגער שפּאָטיש געשמייכעלט.

— געדענקט איהר דען ניט, — האָט ער געפרעגט, — ווי מיר האָבען געזוכט אַ זומער וואוינונג אין גרינצונג?

— געוויס.

— און געדענקט איהר דען ניט, ווי איבער'ן גאָרטען און הויז האָט אונז געפיהרט אַ פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט?

— יע.

— איידער מיר זיינען אוועקגעגאַנגען, האָט דאָס קינד אויס־געשטרעקט די הענטלאַך צו אייך, און איהר האָט דאָס באַטראַכט מיט אַ גערידהרטען בליק.

— און פון דעם האָט איהר געשלאָסען, אז איך...

— אַך, איהר זייט ניט דער מענש געריהרט צו ווערען פון אַ קליינעם און נאָך אַן אומגעוואַשענעם קינד, אויב דאָ זיינען ניט פאַראַן עפּעס פערזענליכע אידעען־פאַרבינדונגען.

— מען דאַרף מיט אייך זיין פאָרזיכטיג, — האָט געזאָגט געאָרג אין אַ טאָן פון שפּאַס, כאָטש ניט אָהן אַן אומאַנגענעמען גע־פיהל.

די לייכטע אויפרעגונג, וואָס ער האָט געפּיהלט צוליעב דעם, וואָס נירענבערגער שטעהט העכער פון איהם, האָט איהם ניט גע־שטערט אָנצוהאַלטען זיין פאַרקער מיט נירענבערגער'ן. ער איז אַמאָל אריינגעקומען איהם רופען שפּאַצירען איבער גאַסען און גאָר־טענס און האָט געפּיהלט אַ באַפרידיגונג און אפילו שטאָלץ, ווען איהם פלעגט זיך איינגעבען אַ־אָפּצופיהרען דעם געשפּרעך פון דער ביטערער לעבענס ערפאַהרונג צו אַ ווייכער, הארציגער אונטערהאַל־טונג. די שפּאַצירען מיט נירענבערגער'ן זיינען געוואָרען פאַר גע־אָרג'ן אַזאַ אַלגעמיינע געוואוינהייט, אַז ער האָט געפּיהלט, ווי זיין לעבען וואָלט כמעט לער געוואָרען, ווען ער האָט איינמאָל געפונען ני־רענבע־גער'ס טיר פאַרשלאָסען. אין אַ טאָג ארום איז אָנגעקומען אַ קארטעל מיט ענטשולדיגונגען, וואָס איז געווען אונטערגעשריבען, אויסער נירענבערג'ן, אויך פון אַ פאַבריקאַנט און זיין פרוי, העפ־ליכע און פרעהליכע מענשען, וועמען נירענבערגער האָט איינמאָל צו־פעליג פאָרגעשטעלט פאַר געאָרג'ן אויפ'ן גראַבען. נאָך היינריכ'ס בייז־שפּאָטישער דע־צעהלונג, האָט אָט די פאָר זייער געמיינשאַפט־ליכען פריינד, נאַטירליך, נאָך אַ פאַרצווייפעלטען ווידערשטאַנד, אריינטערגעשלעפּט פון די טרעפּ, אריינגעזעצט אין אַן עקיפּאַזש און כמעט ווי אַ געפאַנגענעם טראַנספּאָרטירט צום וואקזאַל. ווי היינריך האָט באַהויפּטעט, האָט נירענבערגער געהאַט עטליכע אַזעלכע גוטמו־טיגע באַקאַנטע, וואָס האָבען געפּיהלט די באַדערפניש, אַז דער באַ־ריהמטער אָפּלאַכער זאָל אריינגיסען עטליכע טראָפּען בייזקייט אין דעם געשמאַקען געטראַנק פון זייער עקזיסטענץ; און נירענבערגער פון זיין זייט האָט ליעב געהאַט אָפּצורוהען אין זייער באַקוועמער גע־זעלשאַפט פון דער אָנגעשטרענגטקייט אין דעם פאַרקער מיט זיין קרייז פון ליטעראַטען און פסיכאָלאָגען.

דאָס ווידערזעהן זיך מיט היינריכ'ן איז פאַר געאָרג'ן געווען אַן ענטוישונג. נאָך די ערשטע באַגריסונגס ווערטער, האָט דער דיכטער, ווי געוועהנליך, גענומען ריידען וועגען זיך, און דערצו נאָך אין אַ טאָן פון דער טיפסטער זעלבסטפאַראַכטונג. ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער פאַרמאָגט ניט קיין טאַלאַנט, נאָר אַ פאַרשטאַנד, דערפאַר אָבער אַ גרויסען פאַרשטאַנד. באַזונדערס שטאַרק האָט ער פאַרדאַמט אין זיך די ווידערשפּרוכען, פון וועלכע,

ווי ער האָט נוט געוואוסט, ניט נאָר ער, נאָר אַלע ארומיגע אין נאָהנטע האָבען געליטען. ער איז געווען הארציג און סענטימענטאַל, לייכט־זיניג אין פינסטער, עמפינדליך אין אומערבארמליך, ניט אויסצוקו־מען און דאָך צונעבונדען צו מענשען... ווענינסטענס צייטענווייז. א סוביעקט מיט אזעלכע איינענשאַפטען וואָלט פאר זיין עקזיסטענץ־בארעכטיגונג געדארפט באשאַפען עפּעס גאָר מערקווירדיגס; און ווען דאָס גרויסע ווערק, וואָס ער מוז ארויסברענגען אויף דער וועלט, וועט ניט באלד ערשיינען, איז זיין פליכט צו דערשיסען זיך, ווי אַן אַנשטענדיגער מענש. אָבער ער איז ניט קיין אַנשטענדיגער מענש... דאָס איז דאָך די גאַנצע צרה.

נעאָרג האָט א קלער געטאָן: „געוויס וועסטו זיך ניט דערשיסען, הויפּטזעכליך דערפאר, וואָס דו ביזט צו פייג דאָס צו טאָן".

אין דער הויך האָט ער, נאַטירליך, דאָס ניט געזאָגט. פאַרקערט, ער איז געווען זעהר פריינדליך, האָט גערעדט וועגען די שטימונגען ביי אַלע קינסטלער, און האָט אין א פריינדליכען טאָן אָנגעפרעגט וועגען די אויסערליכע באדינגונגען פון היינריכ'ס לעבען. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז זיינע געשעפטען זיינען גאָר ניט אזוי שלעכט. נעאָרג'ן האָט נאָך זיינע ווערטער אויסגעוויזען, אז זיין לעבען איצט איז געוואָרען לייכטער ווי פריהער. די עקזיסטענץ פון דער מוטער און שוועסטער איז געזיכערט געוואָרען אויף די ערשטע צייט דורך א קליינע ירושה; ניט קוקענדיג אויף די פיינדליכע באציהונג צו איהם, אין זיין באריהמטקייט געוואַקסען פון טאָג צו טאָג; די אומגליקליכע פארהעלטניס מיט דער אַקטריסע איז, ווייזט אויס, גע־ווען געענדיגט, און די נייע, אַנגענעם לייכטע באציהונג צו א יונגער דאַמע האָט אריינגעטראָגען אין זיין לעבען אפילו א געוויסע פרעה־ליכקייט. און די אַרבייט איז אויך געגאַנגען גוט. דער ערשטער אַקט פון דעם אָפּערא טעקסט איז שוין געווען כמעט אינגאַנצען פאַר־ענדיגט, און פאר דער פּאָליטישער קאָמעדיע האָט ער שוין געמאַכט א סך עטיודען. ער האָט גערעכענט אָנצוהויבען באַזוכען די זיצונגען פון פּאַרלאַמענט און מיטינגען, האָט זיך געקליבען, כאָטש ער האָט געהאַלטען דעם פּלאַן פאר א גאַנץ פאַנטאַסטישען, אריינצוטרעטען אין די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי, געווינען דעם צוטרוי פון די פיהרער, אויב מעגליך, ווערען אפילו א טעטיגער פיהרער פון א וועל־

כער׳עס איז אָרגאַניזאַציאָן, — און דאָס אַלץ נאָר מיט דעם צוועק צו באַ[illegible]גן זיך נאָהנטער מיט דעם אינערליכען פּאַרטיי לעבען. פֿאַר איהם איז דאָך גענוג צו ריידען מיט אַ מענשען פינף מינוט, צו קענען איהם אויף אויסווענינ. עפּעס אַ וואָרט, די באַדייטונג פון וועלכען יעדער אַנדערער האָט אפילו ניט באַמערקט, קען ארונטערדרייכען פאַר איהם, ווי אַ שטורעמווינט, דעם פאָרהאַנג פון אַ מענשליכער נשמה. זיין טרוים איז געווען ארויסצואווייזען זיך אין אָפּערא טעקסט פאַר אַ מייסטער אויפ׳ן געביט פון פאַנטאַזיע, אין דער קאָמעדיע, — פאַר אַ מייסטער אין רעאַליזם, און אויף אַזאַ אופן באַווייזען דער וועלט, אַז ער איז פונקט אַזוי היימיש אויפ׳ן הימעל, ווי אויף דער ערד. ביי איינעם פון די נעקסטע באַגעגנישען האָט גענאָרג איהם געבעטען איי־בערלעזען, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעשריבען פאַר דעם ערשטען אַקט ; ער האָט געפונען, אַז די פערזען זיינען זעהר זינגבאַר, און האָט געבעטען ביי היינריכ׳ן די ערלויבניש צו ווייזען דעם מאַ־נוסקריפּט אַנאַ׳ן. אָבער אַנאַ׳ן איז ניט געפעלען געוואָרען דאָס, וואָס גענאָרג האָט איהר פאָרגעלעזען. גענאָרג האָט דאַן גענומען באַ־ווייזען איהר, — איבריגענס, אָהן פעסטער איבערצייגונג, — אַז זי פיהלט אויך אַ לייד̤ענשאַפטליכע שטרעבונג אין די פערזען צו ווערען פאַרקערפּערט אין טענער, און דאָס ווייזט איהר אויס ווי אַ פעהלער.

ווען גענאָרג איז אַריינגעקומען אין צימער צו היינריכ׳ן, איז יענער געזעסען אין מיטען צימער, פאַר אַ גרויסען טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט בריף און בויגענס פּאַפּיר. אויפ׳ן פּיאַנינאָ און אויפ׳ן דיוואַן זיינען אויך געלעגען פאַרשריבענע בלעטער. ווען גע־אָרג איז אַריינגעקומען, האָט היינריך זיך אויפגעהויבען, האַלטענדיג אין האַנט אַ פאַרגעלט בלעטעל.

— נו, וואָס הערט זיך אין דאָרף ? — האָט ער געפרעגט גע־אָרג׳ן נאָך דער באַגריסונג.

מיט די ווערטער פלעגט ער געוועהנליך אָנפרעגען וועגען אַנאַ׳ס געזונט, און יעדעס מאָל איז די פראַגע אויסגעקומען געאָרג׳ן צו אינטים.

— אַ דאַנק, זעהר גוט, — האָט ער געענטפערט. — איך קום גראָד איצט פרעגען אייך, צי איהר וואָלט ניט געפאָהרען אַהין מיט מיר.

— די זאַך איז נאָר די, וואָס איך ברענג גראָד איצט אין אָרדנונג פאַרשידענע פּאַפּירען. איך וואָלט געקענט פאַרען נאָר אין צווייען, אַרום זיעבען אַזייגער. איז דאָס באַקוועם פאַר אייך?

— געוויס, — האָט געאָרג געזאָגט, — אָבער מיר דוכט, אַז איך שטער אייך, — האָט ער צוגעגעבען, אָנווייזענדיג אויפ'ן טיש, וואָס איז איינגאַנצען געווען פאַרלייגט מיט פּאַפּירען.

— איהר שטערט מיר דורכאויס ניט, — האָט היינריך געענט־פערט. — איך ברענג נאָר אַלץ אין אָרדנונג. דאָס זיינען פּאַפּירען, וואָס זיינען געבליבען פון פאָטער. אָט זיינען בריף צו איהם. און אָט איז עפּעס ענהליכעס צו אַ טאָגבוך, וואָס ער האָט געפיהרט, ווען ער איז געווען אין פּאַרלאַמענט. איך פאַרזיכער אייך, מען ווערט געריהרט, ווען מען לעזט דאָס. ווי דער מענש האָט דאָס געליעבט זיין פאָטערלאַנד! און ווי מען האָט איהם דאָס פאַר דעם אָפּגע־דאַנקט! איהר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, אויף וואָס פאַר אַ ראַפינירטער אַרט מען האָט דאָס איהם אַרויסגעשטופּט פון זיין פּאַר־טיי. אַ מערקווירדיג קאָמפּליצירטער געמיש פון שלויקייט, באַ־שרענקטקייט, גראָבקייט... מיט איין וואָרט, אויף דעם עכט דייטשען שטייגער.

געאָרג איז געוואָרען אויפגעבראַכט ביי די ווערטער. „און ער איז נאָך אין כעס אויף די אַנטיסעמיטען! — האָט ער אַ קלער גע־טאָן. — איז ער דען בעסער פון זיי? גערעכטער? האָט ער דען פאַרגעסען, אַז איך בין אויך אַ דייטש?...“

היינריך האָט גערעדט ווייטער:

— איך וועל אָבער אָט דעם מענשען אייפשטעלען אַ דענקמאַל,— האָט ער געזאָגט — ער, און ניט קיין אַנדערער, וועט זיין דער העלד פון מיין פּאָליטישער דראַמע. ער איז גראָד יענע טראַגי־קאָמישע פי־גור, וואָס האָט מיר געפעהלט.

געאָרג'ס אינערליכער פּראָטעסט איז אַלץ געשטיגען. איהם האָט זיך זעהר געוואָלט אָנהויבען פאַרטיידיגען דעם אַלטען בערמאַנ'ען אַנטקעגען זיין זוהן.

— אַ טראַגי־קאָמישע פיגור? — האָט ער ווידערהאָלט כמעט אין אַ פּיינליכען טאָן.

— יע, — האָט מיט זיכערהייט געענטפערט היינריך. — אַ איד,

וואָס ליעבט זיין פּאָטערלאַנד... אַזוי ווי מיין פאָטער האָט געליעבט, מיט אַ געפיהל פון סאָלידאַריטעט, מיט אַ דינאַסטישען ענטוזיאַזם, איז דורכאויס אַ טראַגי־קאָמישע פיגור. דאָס הייסט... ער וואָלט געקענט זיין טראַגי־קאָמיש אין דער ליבעראַליזירענדער צייט פון די זיבעציגער און אַכציגער יאָהרען, ווען אפילו קלוגע מענשען פלעגען ארונטערפאַלען אונטער'ן איינפלוס פון דעם טומעל פון פראזען אין זייער צייט. אין אונזער צייט וואָלט אַזאַ מענש געווען נאָר קאָמיש. יע, ווען ער וואָלט זיך אפילו אויפגעהאַנגען אויף דעם ערשטען בעסטען נאָגעל, וואָלט איך אַנדערש ניט געקענט זיך בעציהען צו זיין ישיקזאל.

— דאָס איז ביי אייך אַ מאַניע, — האָט געאָרג געענטפערט.— אמאָל ווייזט ווירקליך אויס, אַז איהר ווערט בכלל ניט זיין אימשטאַנד צו זעהן אויף דער וועלט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר אַלעמאָל און אין אַלין די אידישע פראַגע. ווען איך וואָלט געווען אַזוי אינהעפליך, ווי איהר זייט אַמאָל, וואָלט איך געזאָגט... איהר ווערט מיר שוין מוזען ענטשולדיגען... אַז איהר לײדט פון פאַרפאָלגונגס משוגעת.

— פאַרפאָלגונגס משוגע... — האָט היינריך שטיל ווידערהאָלט און האָט אַ קוק געטאָן צו דער וואַנט. — הייסט דאָס, איהר רופט דאָס אָן פאַרפאָלגונגס משוגעת?... נו, זאָל זיין אַזוי.

און פּלוצלונג האָט ער צוגעדריקט די צייהן און שאַרף געזאָגט:

— איך וואָלט געוואָלט אייך עפּעס פרעגען, געאָרג, אויף'ן געוויסען.

— איך הער.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגען געאָרג'ן און האָט זיך איינגעגעסען אין איהם מיט די אויגען.

— דענקט איהר, — האָט געאָרג געזאָגט, — אַז אויף דער וועלט וועט זיך געפינען כאָטש איין קריסט, מעג ער זיין דער איידעלסטער, געבילדעטסטער, אויפריכטיגסטער מענש, כאָטש איינער, וואָס וועט אין אַ מאָמענט פון כעס, שלעכטער שטימונג, בייזקייט ניט פאַרוואַרפען די אידישע אָבשטאַמונג זיין בעסטען פריינד, זיין געליעבטער, זיין פרוי, ווען זיי זאָלען זיין אידען אָדער פון אידישער אָבשטאַמונג?

ניט וואַרטענדיג אויף געאָרג'ס ענטפער האָט ער גערעדט ווייטער:

— אזעלכע זיינען ניטאָ, איך פאַרזיכער אייך, — האָט ער געזאָגט. — איהר קענט, איבריגענס, מאַכען נאָך אַן עקספּערימענט. לעזט, צום ביישפּיעל, איבער די בריף פון אַ באַריהמטען, גאַנץ קלוגען און גוטען מענשען און באַמערקט די ערטער, וואו ער רעדט איראָניש אָדער פיינדליך וועגען זיינע צייט־גענאָסען. אין ניין און ניינציג פאַלען האַנדעלט עס זיך וועגען מענשען, וועמעס אָבשטאַמונג און רעליגיאָן שפּיעלען ניט קיין ראָל, אָבער אין דעם הונדערטסטען פאַל, ווען דער מענש, וועגען וועמען מען רעדט אזוי שלעכט, האָט דאָס אונגליק צו זיין אַ איד, וועט דער אויטאָר פון בריף ניט פערפעהלען צו דערמאָנען אָט דעם פאַקט. אזוי איז דאָס, איהר קענט דאָ גאָר ניט העלפען. און דאָס, וואָס איהר, ליעבער געאָרג, האָט ליעב אָנצורופען פאַרפאָלגונגס משוגעת, איז אין דער אמת'ן ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַ שטענדיג וואַכענדע, זעהר אינטענסיווע געפיהל און בעוואוסטזיין פון דער לאַגע, אין וועלכער מיר, אידען, געפינען זיך. און אַנשטאַט צו רעדען וועגען משוגעת פון פאַרפאָלגונג, וואָלט מען גיכער געקענט רעדען וועגען משוגעת פון רוהיגקייט, משוגעת פון זיכערהייט, וואָס איז אפשר אַ קראַנקהייט, וואָס וואַרפט זיך ניט אזוי שטאַרק אין די אויגען, דערפאַר אָבער איז זי אַ געפעהרליכע קראַנקהייט. מיין פאָטער האָט פון איהר געליטען, ווי אַ סך מענשען פון זיין דור. אמת, ער האָט זיך אזוי גרינדליך אויסגעהיילט, אז ער איז פון זינען אראָב.

טיפע קנייטשען האָבען זיך באַוויזען אויף היינריכ'ס שטערן, און ער האָט ווידער געקוקט צו דער וואַנט, פאַרביי געאָרג'ן, וואָס האָט זיך געזעצט אויפ'ן האַרטען, שוואַרצען, לעדערנעם דיוואַן.

— אויב איהר האַלט זיך ביי אזא איבערצייגונג, — האָט געענטפערט געאָרג, — וואָלט איהר געדאַרפט צושטעהן צו לעאָ גאָלאָווסקי'ן.

— און פאָהרען מיט איהם אין פאַלעסטינאַ? דאָס מיינט איהר? אויף אַ פּאָליטיש־סימוואָלישער אַרט, אָדער טאַקי אין דער אמת'ען, ווי? — ער האָט זיך צולאַכט. — האָב איך דען געזאָגט, אז איך וואָלט ליעבער געוואָלט לעבען אויסשליסליך אין אַ אידישער סביבה? דאָס וואָלט געווען, וועניגסטענס פאַר מיר, אינגאַנצען אַן איבערפלעכליכע לעזונג פון אַ טיפען אינערליכען פּראָבלעם.

— דאָס דענק איך אייגענטליך ניט. און גראַד דערפאַר, דעם

אמת זאָגענדיג, פאַרשטעה איך אַלץ וועניגער, וואָס איהר ווילט, היינ־ריך. פאָריגען הערבסט, ווען איהר האָט זוכגען דעם דיספּוטירט מיט לעאָ גאָלאָווסקי'ן, האָב איך באַקומען דעם איינדרוק, אַז איהר קוקט אויף די אַלע זאַכען אָפּטימיסטישער.

— אָפּטימיסטישער? — האָט היינריך ווידערהאָלט אַביסעל באַ־ליידיגט.

— יע. דאַן האָט מען געקענט מיינען, אַז איהר גלויבט אין די מעגליכקייט פון א גראַדענווייזער אַסימילאַציאָן.

היינריך האָט געמאַכט א פּאַראַכטליכע גרימאַסע.

— אַסימילאַציאָן... דאָס איז נאָר א וואָרט... יע, ווען עס איז ווערט זי ווערען מעגליך... אָבער נאָך א לאַנגער, לאַנגער צייט. זי וועט ניט זיין אַזוי, ווי איינציגע ווילען, און ניט אַזוי ווי אַנדערע האָבען מורא... דאָס וועט אפילו גאָר קיין אַסימילאַציאָן ניט זיין... נאָר עפּעס אַנדערש, וואָס איז, אַזוי צו זאָגען, די נשמה פון דעם וואָרט. ווייסט איהר, וואָס וועט, וואַרשיינליך, מיט דער צייט קלאָר ווערען? אַז מיר, — מיר, אידען, זאָג איך, — זיינען ביז א געוויסען גראַד געוועזען א פערמענט פאַר דער מענשהייט. יע, דאָס וועט אפשר קלאָר ווערען אין טויזענד אָדער צוויי טויזענד יאָהר ארום. איז דאָס נאָך אייער מיינונג א טרייסט?

ער האָט זיך ווידער צולאַכט.

— ווער ווייס, — האָט געאָרג געזאָגט פאַרקלערט, — אפשר וועט איהר אויך זיין דער גערעכטער אין טויזענד יאָהר ארום. און ביז דאַן?

— ביז דאַן, ליעבער געאָרג, בלייבט דאָס פּראָבלעם אונלעזבאַר. אין אונזער צייט דאָס לעזען איז אונמעגליך, אין דעם בין איך פעסט איבערצייגט. עס איז יעדענפאַלס ניטאָ קיין אַלגעמיינע לעזונג. עס זיינען גיכער מעגליך הונדערט טויזענד פאַרשידענע לעזונגען, ווייל יעדערער דאַרף דאָס לעזען פאַר זיך, ווי ער קען. יעדערער מוז אליין פאַר זיך געפינען אַן אויסוועג פאַר זיין באַליידיגונג, אָדער פאַרצווייפ־לונג, אָדער עקעל און געהן פריי אָפּצואָטעמען. אפשר זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס מוזען פאַר דעם צוועק זיך דורכשפּאַצירען אין ירושלים... איך האָב נאָר מורא, אַז דערגרייכענדיג דעם ניט ריכטיגען ציעל, וועלען זיך א סך אַרומזעהן, אַז זיי האָבען זיך גענאַרט, ניט אַנגע־

קומען, וואוהין מען האָט געדאַרפט. איך גלייב בכלל ניט, אַז אין אַ מענגע קען מען געהן צו פרייהייט... די וועגען אהין פיהרען ניט איבער דער ערד, נאָר הורך אונז אליין. יעדערער באַזונדער מוז דורכגעהן זיין אינערליכען וועג. פאַר דעם, פאַרשטעהט זיך, מוז מען וואָס קלאָרער אַריינקוקען אין זיך אליין, באַלויכטען די פאַרבאַרגענסטע ווינקלען אין זיך. מען דאַרף האָבען דעם מוט צו זיין, וואָס מען איז. נאָר ניט אַראָפּגעהן פון אייגענעם וועג. אָט וואָס וואָלט געדאַרפט זיין דאָס אַלטעגליכע געבעט פון יעדען אָנשטענדיגען מענשען: ניט אַראָפּגעהן פון וועג.

נעאָרג האָט געקלערט: „וואוהין איז ער שוין ווידער פאַרקראָכען! ער איז פונקט אַזוי קראַנק, ווי זיין פאָטער. מען קען דאָך אָבער ניט זאָגען, אַז ער אַליין האָט געהאַט ביטערע איבערלעבונגען. און ער האָט נאָך אַמאָל פאַרזיכערט, אַז ער פיהלט ניט קיין אָנגעהעריגקייט צו וועמען ניט איז. אָבער דאָס איז דאָך ניט אמת! ער פיהלט זיין צובונד צו אַלע אידען, און צו דעם לעצטען צווישען זיי איז ער דאָך נעהנטער, ווי צו מיר“.

אין דער צייט, ווען אָט די געדאַנקען האָבען זיך דורכגעטראָגען ביי איהם אין קאָפּ, איז זיין בליק געפאַלען אויף אַ גרויסען קאָנווערט אויפ'ן טיש, און ער האָט איבערגעלעזען די ווערטער, וואָס זיינען געווען אָנגעשריבען אויפ'ן קאָנווערט מיט גרויסע בוכשטאַבען: „ניט פאַרגעסען, קיינמאָל ניט פאַרגעסען וועגען דעם“.

היינריך האָט אויפגעכאַפּט געאָרג'ס בליק. ער האָט גענומען אין האַנט דעם קאָנווערט, אויף דער אַנדערער זייט פון וועלכען עס זיינען געווען דריי גרויסע גרויע שטעמפּלען, דאַן האָט ער צוריק אַ וואָרף געטאָן דעם קאָנווערט אויפ'ן טיש, האָט ווי מיט פעראַכטונג אַראָפּגעלאָזען די אונטערשטע ליפּ און געזאָגט:

— אָט די געשיכטע האָב איך היינט אויך געבראַכט אין אָרדנונג. עס זיינען פאַראַן טעג פון אַזאַ אַלגעמיינער ריינִיגונג. אַנדערע וואָלטען דאָס פאַרברענט. אָבער נאָך מיין מיינונג דאַרף מען דאָס ניט טאָן. אפשר וועל איך אַמאָל דאָס אַלץ מיט פאַרגניגען איבערלעזען נאָכאַמאָל. אין אָט דעם קאָנווערט ליגען די אַנאָנימע בריף, וועגען וועלכע איך האָב אייך דערצעהלט.

נעאָרג האָט געשוויגען. היינריך האָט איהם נאָך אַ וואָרט ניט

געזאָגט וועגן דעם, ווי זיינע באַציהונגען מיט דער אַקטריסע האָבען זיך געענדיגט. נאָר אין איין בריף, געשיקט אין לוגאַנאָ, איז געווען אַן אָנדייטונג, אַז ער האָט ווידער געזעהן זיין געוועזענע געליעבטע און האָט דערביי דערפיהלט אַן אינערליכען שרעק. כמעט געגען זיין אייגענעם ווילען האָט געאָרג פּלוצלונג געזאָגט:

— איהר ווייסט דאָך געוויס די געשיכטע פון נירענבערגער'ס שוועסטער, וואָס איז באַגראָבען אויפ'ן בית עולם אין קאַרענאַביא?

היינריך האָט געענטפערט, אַז ער ווייס, און האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס האָט איהר זיך דערמאָנט וועגען איהר?

— איך האָב באַזוכט איהר קבר אַ פּאָר טעג פאַר מיין אָפּפאָהרען.

ער איז אויף אַ ווייל אַנשווייגען געוואָרען. היינריך האָט אויף איהם געקוקט מיט אַן איינגערעגט פרעגענדען בליק, וואָס האָט איהם געצוואונגען צו ריידען ווייטער.

— און שטעלט אייך פאָר, ווי זאָנדערבאַר דאָס איז. פון דאַן אָן האָבען אין מיין זכרון זיך צונויפגעגאָסען אָט די צוויי פרויען, פון וועלכע איך האָב איינע קיינמאָל ניט געזעהן, און די אַנדערע געזעהן נאָר צופעליג און פון דער ווייטען, אין טעאַטער, ווי איהר ווייסט, — דאָס הייסט, נירענבערגער'ס שוועסטער און... אָט די אַקטריסע.

היינריך איז בלייך געוואָרען ביז צו די ליפּען.

— איהר זייט אַבערגלויביג? — האָט ער געפרעגט אין אַ שפּאָטישען טאָן, אָבער געקלונגען האָט דאָס, ווי ער וואָלט זיך אַליין געפרעגט.

— דורכאויס ניט, — האָט געאָרג געענטפערט, — און וואָס פאַר אַ שייכות קען דאָס האָבען צו אַבערגלויבען?

— איך וויל אייך נאָר זאָגען, אַז מיר איז טיף צואווידער אַלץ, וואָס האָט עפּעס צו טאָן מיט מיסטיק. ריידען וועגען זאַכען, וועגען וועלכע מען קען גאָרניט וויסען, דער עצם פון וועלכע באַשטעהט אין דעם, וואָס מען קען קיינמאָל גאָרנישט אויסגעפינען וועגען זיי, דאָס, דיכט מיר, איז פון אַלע סאָרטען פּלאַפּלעריי, וואָס ווערען אויף דער ערד אַרויסגעגעבען פאַר וויסענשאַפט, דער אונערטרעגליכסטער.

„זאָל זי זיין געשטאָרבען, די אַקטריסע?" — האָט געאָרג אַ קלער געטאָן.

פּלוצלונג האָט היינריך ווידער אַ כאַפּ געטאָן דעם קאָנווערט און

האָט געזאָגט אין אַ טאָן, וואָס ער האָט ליעב געהאַט אָנצונעמען גראָדאַן, ווען ער איז געווען אַם טיפּסטען געריהרט:

— וואָס איך האָב דאָ אָנגעשריבען אָט די ווערטער איז איינפאַך אַ קינדער שפּיעל, אָדער אַפעקטאַציאָן, אויב איהר ווילט. איך וואָלט געקענט אָנשרייבען דאָס, וואָס דאָדע האָט אָנגעשריבען אין זיין ראָמאַן „סאַפאָ“: „מיינע זיהן, ווען זיי וועלען אַלט ווערען צוואַנציג יאָהר“... צו נאַריש, איינגענטליך. ווי עמיצען וואָלט געטויגט די ערפאַהרונג פון אַן אַנדער מענשען. די ערפאַהרונג פון איינעם קען אויסווייזען אַן אַנדערען אַמאָל אַמוזאַנט, אפּשר צוטומלענד, אָבער קיינמאָל ניט באַלעהרענד... און ווייסט איהר, פאַרוואָס ביי איך אין קאָפּ מישען זיך צונויף די צוויי געשטאַלטען? איך וועל אייך זאָגען. נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב אין איין בריף צו אייך אָנגערופען מיין געוועזענע געליעבטע אַ שאָטען. אָט ווי די נעהיימניספולע צונויפמישונג ערקלערט זיך.

— דאָס איז מעגליך, — האָט געאָרג געזאָגט.

פון ערגעץ האָט זיך ניט קלאָר דערטראָגען אַ שלעכט שפּיעלען אויפ׳ן קלאַוויר. געאָרג האָט אַרויסגעקוקט דורכ׳ן פענסטער. אויף דער געלער וואַנט האָבען געשפּיעלט די שטראַהלען פון דער זוהן. אַ סך פענסטער זיינען געווען אָפען. אויף איינעם פון זיי איז געזעסען אַ אינגעל, אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן פענסטערברעט, און האָט געלעזען אַ בוך. פון אַן אַנדערען האָבען צוויי יונגע מיידלאַך אַראָפּגעקוקט אונטען אין גאָרטען. אַ קלאַפּען פון געשיר האָט זיך געהערט. געאָרג׳ן האָט זיך פאַרוואָלט זיין וואָס שנעלער אויף דער פרישער לופט, זיצען אויף זיין באַנק, ביים ראַנד פון וואַלד. אָבער ער איז נאָך אַ ווילע געבליבען.

— איהר ווייסט, היינריך, — האָט ער געזאָגט, — אייערע פערזען זיינען אַנאַ׳ן אויך זעהר געפעלען. האָט איהר געשריבען ווייטער?

— אַביסעל.

— עס וואָלט געווען זעהר גוט, ווען איהר ברענגט היינט מיט אַלץ, וואָס איז פאַרטיג פון דעם טעקסט, און לעזט דאָס אונז פאָר.

ער איז געשטאַנען ביים פּיאַנינאָ און האָט גענומען אַ פּאָר אַקאָרדען.

— וואָס איז דאָס? — האָט היינריך געפרעגט.

— א טעמא, — האָט געענטפערט געאָרג, — וואָס איז מיר איינגעפאַלען פאַר דעם צווייטען אקט. דאָס זאָל באגלייטען דעם מאָמענט, ווען דער מערקווירדיגער פרעמדער באווייזט זיך אויפ'ן שיף.

היינריך האָט פארמאכט דאָס פענסטער. געאָרג האָט זיך אוועקגעזעצט און גענומען שפּיעלען ווייטער. פּלוצלונג האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר, און היינריך האָט ניט ווילענדיג אויסגערופען: „קומט אריין!"

א יונגע דאַמע איז אריינגעקומען אין א העלען טוכענעם קלייד און א רויטער זיידענער בלוזע, מיט א קליינעם גאָלדענעם קרייץ אויף א ווייסען סאַמעטענעם באַנד אַרום האַלז. א פלאָרענטינער הוט, באַציערט מיט רויזען, האָט ארומגענומען דאָס קליינע בלייכע געזיכט, פון וועלכען צוויי גרויסע שוואַרצע אויגען האָבען ארויסגעקוקט.

די אומבאקאַנטע האָט ארויסגערעדט די באַגריסונג אין א נידריגער שטים, וואָס האָט געקלונגען צו דערזעלבער צייט אי העזה'דיג, אי צומישט.

— ענטשולדיגט, הער בערמאַן, — האָט זי געזאָגט, — איך האָב ניט געוואוסט, אז איהר האָט געסט.

און זי האָט נייגעריג א קוק געטאָן אויף געאָרג'ן, וועלכער האָט זי גלייך דערקענט. היינריך איז בלייך געוואָרען, און קניטשען האָבען זיך איהם געלעגט אויפ'ן שטערן.

— איך האָב גאָר ניט ערוואַרט... — האָט ער אָנגעהויבען. דאַן האָט ער פאָרגעשטעלט געאָרג'ן און האָט געזאָגט דער דאַמע:

— זעצט זיך, איך בעט אייך.

— א דאַנק, — האָט זי בייז געענטפערט און איז געבליבען שטעהן. — איך וועל בעסער אריינקומען שפּעטער...

— ניין, ניין, — האָט זי געאָרג אונטערבראָכען. — איך האָב גראָד איצט זיך געקליבען אוועקצוגעהן.

ער האָט געזעהן, ווי דער אקטריסעס בליק האָט געוואַנדערט איבער'ן צימער, און האָט געפיהלט א באזונדערען מיטלייד צו איהר, ווי מען פיהלט מיטלייד אין שלאָף צו טויטע, וואָס ווייסען ניט, אז זיי זיינען געשטאָרבען. דאַן האָט ער באמערקט, ווי היינריכ'ס בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַן אומפארשטענדליכער גרויזאמקייט אויף דעם בלייכען קליינעם געזיכט. ער איז ארויסגעגאַנגען. איצט האָט ער

זיך זעהר דייטליך דערמאָנט, ווי ער האָט זי געזעהן אויף דער ביהנע מיט די רויטליכע האָר, וואָס זיינען איהר אראָפּגעפאַלען אויפ'ן שטערן, און וואַנדערענדע אויגען. „אזוי זעהען ניט אויס פרויען, — האָט ער געקלערט, — וואָס זיינען באַשטימט צו ליעבען נאָר איינעם. און ווי אַזוי האָט היינריך, וואָס איז געווען אַזוי זיכער אין זיין קענטניש פון מענשען, דאָס ניט געפיהלט? וואָס זשע אייגענטליך האָט ער פון איהר פאַרלאַנגט? איהם מאַטערט נאָר זיין אייגענליעבע, ניט מעהר.

געאָרג איז געגאַנגען אויפ'ן גאַס אין אַ שטיקענדער היץ. די ווענט פון די הייזער האָבען אומגעקערט דער לופט די וואַרימקייט, וואָס זיי האָבען אין זיך אריינגענומען. געאָרג איז מיט דער פערד־באַהן געפאָהרען איבער בערגלאַך און וועלדער און האָט פרייער אָפּ־געאָטעמט, ווען די שטאָדט איז געבליבען הינטער איהם. לאַנגזאַם איז ער געגאַנגען פאַרביי גאָרטענס און ווילאַס, פאַרביי אַ בית עולם. דאַן איז ער ארויף אויף אַ ווייסען וועג, וואָס איז ביסלעכווייז געשטי־גען ארויף. דער וועג האָט געטראָגען דעם שעהנעם נאָמען „דער וועג פון זומערדיגע לאָנקעס", און איצט, אין דער הייסער פאַרנאַכטי־גער שעה איז אויף איהם קיינער כמעט ניט געווען. די באַוואַלדטע בערגלאַך פון לינקס האָבען נאָך ניט געוואָרפען קיין שאָטען; פון דאָרטען האָט זיך נאָר דערטראָגען דאָס צערטליכע וועהען פון אַ ווינ־טעל, וואָס האָט געדרעמעלט אין די בלעטער. רעכטס איז געווען אַ מישופּע'דיגער גרינער אָפּהאַנג צו אַ טאָל, וואָס האָט זיך געצויגען אין דער לענג, וואו צווישען די שפּיצען בוימער און צווייגען האָבען ארויס־געקוקט די דעכער פון הייזער. ווייטער, הינטער די גאָרטענצוימען, האָבען זיך דערהויבען וויינגערטנער, פעלדער, לאָנקעס און אָפּהאַנגען, באַדעקט מיט נידריגע בוימלאַך. איבער'ן פעלד האָט, אָפּטמאָל פאַר־לירענדיג זיך, זיך געדרעהט אַ שמאָל שטעגעל, און געאָרג האָט איבער איהם אַמאָל ליעב געהאַט צו וואַנדערען, אין זיין אויג האָט געזוכט יע־נעם אָרט ביים ראַנד פון וואַלד, וואו זיין באַליעבטע באַנק איז גע־שטאַנען. זיין בליק האָט גערוהט אויף לאָנקעס און וואַלד הויכקייטען ביים עק פון טאָל, און אין דעם שפּיגעל פון דער לופט האָבען אין דער אָווענט ווייטקייט זיך געפיהלט אנדערע טאָלען און בערגלאַך.

אַט די לאַנדשאַפט איז געווען געאָרג'ן נאָהנט און ליעב, און

דער געדאַנק, אַז זיין באַרוף און זיין ווילען רופען איהם אין דער פרעמד, האָט שוין איצט אָנגעוועהט אויף זיינע איינזאַמע שפּאַצירען די שטימונג פון אַפּשיד, און וועלכער עס איז געווען מעהר בענקשאַפט ווי טרויער. אין דערזעלבער צייט האָט זיך אין איהם אויפגעהויבען אַ פאַרגעפיהל פון אַ פולערען לעבען. איהם האָט אויסגעוויזען, אַז אין זיין נשמה הויבט זיך אויף עפּעס אַזוינס, וואָס מען דאַרף ניט שטערען מיט זאָרגען ; און אין די ווייטע ווינקלען פון זיין נשמה, וואוהין ער האָט נאָך ניט געקענט אַריינקוקען, האָבען שוין געקלונגען מעלאָדיען פון צוקונפטיגע טעג. דערביי אָבער האָט ער זיך קלאָר פאָרגעשטעלט זיין נאָהנטע צוקונפט. אין דעטמאָלד האָט ער געשיקט אַ העפליכען דאַנק בריף, און וועלכען ער האָט ערקלערט, אַז ער איז גרייט צו דיענען דעם אינטענדאַנט פאַר דעם קומענדען הערבסט ; ער האָט אויך אויפגעזוכט דעם אַלטען פּראָפעסאָר וויבינגער, האָט אויפגעדעקט פאַר איהם זיינע פּלענער און איהם געבעטען צו דערמאָנען ביי אַ געלעגענהייט זיין געוועזענעם שילער. אויב אָבער ער זאָל, געגען יעדער ערוואַרטונג, ניט געפינען אין הערבסט קיין שטעלע, האָט ער באַשלאָסען אָוועקצופאָהרען פון וויען און זיך באַזעצען ערגעץ אין אַ קליינעם שטעדטעל אָדער אַ דאָרף און פאָרטזעצען זיין אַרבייט אין רוהיגקייט. אין וואָס פאַר פאָרמען זיינע באַציהונגען צו אַנאַ'ן וועלען זיך ביי אַזעלכע אומשטענדען אויסגיסען, האָט ער זיך ניט אָפּגעגעבען קיין קלאָרע רעכנונג ; ער האָט נאָר געוואוסט, אַז אָט די באַציהונגען קענען זיך קיינמאָל ניט ענדיגען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער און אַנאַ וועלען באַזוכען איינער דעם אַנדערען און וועלען פון צייט צו צייט אַרומפאָהרען צוזאַמען ; דאַן וועט זי, נאַטירליך, אַריבערפאָהרען אַהין, וואו ער וועט וואוינען און אַרבייטען. אָבער ער האָט געהאַלטען פאַר אומנויטיג צו פאַנאַנדערקלייבען זיך אין דעם אויספיהרליך, ביז זיין שיקזאַל וועט ניט קלאָר ווערען, וועניגסטענס אויף די נעקסטע עטליכע יאָהר.

דער וועג האָט געפיהרט אין וואַלד, און געאָרג איז געגאַנגען איבער דעם ברייטען שאָסיי, וואָס האָט אין דעם אָרט אַ קער געטאָן זיך אָן אַ זייט, איבערקרייצענדיג דעם טאָל. אין עטליכע מינוט אַרום איז ער שוין געווען אויף יענער גאַס, ביים עק פון וועלכער, נאָהנט צום וואַלד און לעבען באַשיידענע איינשטאָקיגע הייזלאַך, איז גע־

שטאנען די קליינע ווילא, וואו אנא האט געוואוינט. די ווילא האט נאר מיט דער באלקאן מאנסארדע זיך דערהויבן איבער די אנדערע הייזלאך. ער איז דורכגעגאנגען דאס פארגארטענדעל, וואו דער קליי־נער בלויער ליימענער מלאך אויף א פיערעקיגען פאסטאמענט האט איהם געגריסט אינמיטען די גראזפעלדער, צווישען בלומענבייטען; דאן איז ער דורכגעגאנגען א שמאלען קארידאר, פארביי די קיך, דורך א לערען מיטעלסטען צימער, וואו די שטראהלען פון זון האבען זיך דורכגעשלאגען דורכ'ן צוריסענעם פארהאנג און האבען געשפיעלט אויפ'ן דיל, און ער איז ארויסגעקומען אויף א ווערענדא. ער האט זיך א קער געטאן לינקס און האט אריינגעקוקט דורכ'ן אפענעם פענס־טער אין אנא'ס צימער, וואס איז געווען לער. דאן איז ער געגאנגען אין גארטען, פארביי די בושען פון פלידער און וויינפערלאך, און האט שוין פון ווייטען באמערקט אנא'ן; זי איז געזעסען אין איהר ברייטען בלויען קלייד אויף דער ווייסער באנק אונטער דעם בארענבוים. זי האט געשיינט צו זיין פארזונקען אין איהרע געדאנקען און האט איהם ניט געזעהן אנקומען. ער האט זיך לאנגזאם דערנעהנטערט. זי האט נאך אלץ ניט אויפגעהויבען די אויגען. ער האט זי זעהר ליעב געהאט אין אזעלכע מאמענטען, ווען זי האט געמיינט, אז קיינער באטראכט זי ניט, און אויף איהר קלארען שטערן האט זיך אפגעשפיגעלט איהר נאטירליכע גוטסקייט און רוהיגקייט. די בליקען פון דער זון האבען געציטערט אויפ'ן זאמד ביי איהרע פיס. אנטקעגען איהר, אויפ'ן גראז, איז געשלאפען די פרעמדע בערנארדינער צויג. זי האט די ערשטע ערוואכט און באמערקט געארג'ן און גענומען מיט אומגע־לומפערטע טריט געהן איהם אנטקעגען. איצט האט איהם אנא אויך באמערקט, און א גליקליכער שמייכעל האט באלויכטען איהרע געזיכטס־צוגען. „פארוואס קום איך אהער אזוי זעלטען? — האט ער א קלער געטאן. — פארוואס ארבייט איך ניט דא אויבען, אויפ'ן באלקאן, אונ־טער'ן דאך, פון וואנען עס עפענט זיך אזא אויסזיכט אויפ'ן וועג?“ זיין שטערן איז געווען באדעקט מיט שוויים, אזוי האט נאך געברענט די זון פאר'ן אונטערגעהן.

ער איז צוגעגאנגען צו אנא'ן, האט זי א קוש געטאן אין די ליפען און אויגען און האט זיך געזעצט לעבען איהר. די צויג האט זיך צוגעשלעפט און זיך אויסגעצויגען ביי זיינע פיס.

— ווי פיהלסטו זיך, טייערע ? — האָט ער געפרעגט, ארומנעמי־דיג זי.

אנא האָט זיך געפיהלט זעהר גוט, ווי געוועהנליך, און היינט איז נאָך געווען א באזונדערס אנגענעמער טאג. פון אין דער פריה איז זי געווען אינגאנצען אליין, ווייל פריי גאָלאָווסקי האָט געמוזט ווידער אריבערפאָהרען אין שטאָדט צו זעהן איהר פאמיליע. אנא האָט איינגעזעהן, אז אמאָל איז ניט שלעכט צו בלייבען אינגאנצען אליין, מען קען דאן אונגעשטערט טרוימען. די טרוימען זיינען געווען די־זעלביגע וואָס פריהער, אָבער אזוי אנגענעם, אז זיי האָבען ניט מיד געמאכט. זי האָט געטרוימט וועגען איהר קינד. ווי שטארק זי האָט עס ליעב געהאט שוין איצט, איידער עס איז נאָך נעבאָרען געוואָרען ! זי וואָלט דאָס פריהער קיינמאָל ניט געגלויבט.

— דו פארשטעהסט דאָס, געאָרג ? — האָט זי געפרעגט.

צושטריינ האָט ער צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, אָבער זי האָט ענערגיש פּראָטעסטירט : ניין, ניין.. א מאַן וועט דאָס ניט פאר־שטעהן אפילו דער בעסטער, דער פריינדליכסטער. זי האָט דאָך שוין געפיהלט, ווי א קליין באשעפעניש ריהרט זיך אין איהר, ווי זיין צארט הערצעל קלאפּט, זי האָט געפיהלט אין זיך דעם אטעם פון אָט דער נייער אומפארשטענדליכער נשמה, פונקט ווי דאָס וואקסען און אויפ־בליהען פון א נייעם יונגען קערפּער. און געאָרג האָט זיך געפיהלט ווי פארשעמט, וואָס זי נעמט אויף דאָס, וואָס דערנעהנטערט זיך, מיט ריי־נערע געדאנקען ווי ער. ער האָט דאָך ניט געפיהלט יענע טיפע אויפ־רעגונג, וואָס האָט איהם געדאַרפט ארומנעמען ביי דעם וואונדער, וואָס געשעהט איצט, אַז אָט דאָ גרייט זיך צום לעבען א נייע באשעפעניש, פון איהם געבאָרען, וועמען עס איז באשערט, פונקט ווי איהם אליין, ארויסצוהיפען נאָך נייע באשעפענישען צום לעבען. אין דעם גע־בענשטען לייב פון אָט דער פרוי, נאָך וועלכען ער האָט שוין לאנג ניט געפיהלט קיין פארלאַנג, איז געוואַקסען נאָך די אייביגע געזעצען א ניי לעבען, וואָס קיינער האָט נאָך מיט א יאָהר צוריק ניט פאַרדעכטיגט, ניט געוואָלט, און וואָס האָט איצט געשטרעבט צו ליכט, ווי עפּעס, וואָס איז געווען פאַראויסבאַשטימט פון אייביג אָן. און ער אליין איז איצט אויף אַן אומפאַרמיידליכע אַרט אריינגעשפּאַרט געוואָרען אין די געשלאָסענע קייט, וואָס ציהט זיך פון אורעלטערען צו אוראייניקלאָך...

אין ערנסטער ווי געוועהנליך האָבען זיי גענומען ארומרײדען דאָס, וואָס וועט געשעהן, נאָכדעם ווי דאָס קינד וועט געבאָרען ווערען. די ערשטע וואָכען וועט אנא, פארשטעהט זיך, עס לאָזען ביי זיך, דאַן וועט מען עס נאַטירליך מוזען אָפּגעבען צו פרעמדע מענשען, אָבער ניט אנדערש ווי ערגעץ וואו נאָהנט, אז אנא זאָל עס קענען באזוכען צו יעדער צייט.

— און דו, — האָט זי פּלוצלונג גאַנץ איינפאַך געפרעגט, — וועסט אונז אמאָל באזוכען?

ער האָט אַ קוק געטאָן אין איהר כיטרע שמייכלענד פּנים'על, האָט זי אַנגענומען פּאר ביידע הענט און אַ קוש געטאָן.

— טייערע, וואָס זאָל איך טאָן, זאָג אַליין? — האָט ער געזאָגט.

— דו קענסט זיך פאָרשטעלען, ווי שווער מיר וועט זיין. אָבער וואָס דען בלייבט מיר צו טאָן. אָן אָנהויב מוז געמאַכט ווערען. איך האָב ז'אָך דיר שוין געזאָגט, — האָט ער האסטיג צוגעגעבען, ווי וועלענדיג מיט דעם אָפּשניידען יעדען מעגליכען צוריקטריט, — אז מיר האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון דער וואוינונג. פעליציאַן וועט ווארשיינליך פאָהרען אין אַטען. פארשטעהט זיך, ווען איך וואָלט געקענט דיך מיטנעמען, וואָלט דאָס געווים געווען זעהר גוט. דאָס איז אָבער צום באדויערען אונמעגליך. פריהער פון אַלץ מוז זיין אַ געוויסע זיכערהייט, דאָס הייסט, וועניגסטענס די זיכערהייט, אז איך וועל אַ געוויסע צייט בליי־בען אויף איין אָרט...

זי האָט איהם אויסגעהערט מיט אַן ערנסטער אויפמערקזאַמקייט. דאַן האָט זי איבערלעגט און ערנסט גענומען ריידען וועגען איהר נייער אידעע. זאָל ער ניט מיינען, האָט זי געזאָגט, אז זי וועט אויף איהם אַליין ארויפוואַרפען אַלע זאָרגען. זי האָט באשלאָסען, אַזוי שנעל ווי דאָס וועט נאָר זיין מעגליך, צו עפענען אַ מוזיק שול. אויב ער וועט נאָך אויף לאַנג זי פארלאָזען אַליין, וועט זי עפענען די שול אין וויען; אויב אָבער ער וועט באַלד קומען נאָך איהר, וועט די שול זיין דאָרט, וואו זיי וועלען וואוינען. און ווען זי וועט זיך שטע־לען אויף די אייגענע פיס, וועט זי אויך דאָס קינד נעמען צו זיך, צי זי וועט ווערען זיין פרוי, צי ניט. ער ווייס דאָך, אז זי שעמט זיך ניט, אז זי איז גיכער שטאָלץ... יע, שטאָלץ מיט דעם, וואָס זי וועט ווע־רען מוטער.

ער האָט גענומען איהרע הענט אין זיינע און האָט זיי געקושט.

— אַלץ וועט זיין גוט, — האָט ער געזאָגט, אַביסעל געדריקט.

ער האָט זיך פּלוצלינג דערזעהן אין אַ געוועהנליכער בירגערליכער היים, זיצענדיג ביים קאַווענטבהויט אונטער דעם ווייכען ליכט פון אַ הענגלאָמפּ צווישען פרוי און קינד. און פון אָט דער פאַמיליען סצענע האָבען זאָרגען און לאַנגווייליגקייט געוועהט אויף איהם. ניין, עס איז נאָך צו פריה, ער איז נאָך צו יונג. וואָס זשע וועט זיין? איז דען מעגליך, אַז זי וועט זיין די לעצטע פרוי, וואָס ער וועט אַרומנעמען? אפשר וועט זי דאָס קענען ווערען שפּעטער, נאָך יאָהרען, אָדער מאָנאַטען... אָבער איצט נאָך ניט. אַריינטראָגען ליגען אין באַטרוג אין אַ גוט איינגעאָרדענטע היים, דאָס האָט אין איהם אַרויסגערופען עקעל. און דאָך, דער געדאַנק אַוועקצוגעהן פון אַנאַ'ן צו אַנדערע, ווען ער האָט באַגערט, און געפינען זי נאָכדעם אַזוי, ווי ער האָט זי איבערגעלאָזען, האָט איהם אי צוגעצויגען אי באַרוהיגט.

דער באַקאַנטער פייף האָט זיך דערהערט. די צוויג האָט זיך איינגעהויבען, האָט געלאָזען געאָרג'ן נאָך אַמאָל אַ גלעט טאָן זי איבער דעם געל געפלעקטען רוקען און האָט זיך טרויריג אַוועקגעשלעפּט.

— מיין גאָט, — האָט געאָרג געזאָגט, — איך האָב דאָך באַלד פאַרגעסען. היינריך קען אָנקומען יעדען אויגענבליק.

ער האָט דערצעהלט אַנאַ'ן וועגען זיין באַזוך און האָט אויך ניט פאַרשוויגען, אַז ער האָט אויף אַ מינוט געזעהן די אומגעטרייע אַקטריסע.

— איז איהר, הייסט דאָס, דאָך געלונגען? — האָט אויסגערופען אַנאַ, וואָס האָט ניט געהאַט קיין סימפּאַטיע פאַר דאַמען מיט וואַנדערענדע אויגען.

— איך גלויב ניט, — האָט געענטפערט געאָרג, — אַז זי האָט זיך עפּעס דערשלאָגען. היינריכ'ן איז, ווי מיר האָט אויסגעוויזען, איהר קומען געווען גאָר אומאַנגענעם.

— אפשר וועט ער זי נאָך מיטברענגען, — האָט אַנאַ געזאָגט מיט שפּאָט, — און דו וועסט ווידער האָבען מיט וועמען צו קאָקעטירען, ווי מיט דער מערדערין פון קעניגען אין לוגאַנאָ.

— אַ גאָט, — האָט געאָרג געזאָגט אין אַן אומשולדינגען טאָן און האָט ביילויפיג צוגעגעבען? — וואָס הערט זיך אגב מיט טערעזאַ'ן,

פארוואס קומט זי נאר ניט צו דיר? רעמעטער איז דאך שוין ניט אין וויען, זי וואלט געקענט געפינען צייט.

— זי איז דאך געווען מיט עטליכע טעג צוריק. איך האב דאך דיר דערצעהלט, מאך ניט קיין אנשטעל, אז דו האסט פארגעסען.

— איך האב ווירקליך פארגעסען, — האט ער אויפריכטיג גע־ענטפערט. — וואס זשע האט זי דיר דערצעהלט?

— אלערליי נייעס. די געשיכטע מיט רעמעטער'ן איז געענ־דיגט. איצט קלאפט שוין איהר הארץ ווידער פאר די ארימע און אומגליקליכע... ביז א נייעם צוריקרוף.

אין ווי דעם שטרענגסטען סוד האט איהם אנא פארטרויט טע־רעזא'ס פלענער פאר ווינטער. פארקליידט ווי אן ארימע פרוי, וועט זי וואנדערען איבער קיכען אין טיי אנשטאלטען און היימען פאר ארי־מע און ארבייטס הייזער, אום צו ווארפען ליכט אויף די פארבארגענ־סטע ווינקלען פון דעם אזוי גערהפענעם גאלדענעם הארצען פון וויען. זי ווייזט אויס צו זיין שטארק באשעפטיגט מיט דעם און האפט אפשר אייפצודעקען די שרעקליכסטע זאכען.

געארג האט געקוקט פאר זיך אין רוים. ער האט זיך פארגע־שטעלט די עלעגאנטע דאמע, וואס איז געשטאנען אין א ווייסען קלייד פאר דער געביידע פון דער פאסט אין ליגאנא, און וואס איז ווייט גע־ווען פון אלע ליידען אויף דער וועלט. „א זאנדערבארע באשעפעניש“, האט ער א קלער געטאן.

— זי וויל, נאטירליך, מאכען פון דעם א בוך, — האט אנא גע־זאגט. — איז זאג דאס קיינעם ניט אויס, אפילו ניט דיין פריינד בערמאנ'ען.

— איך קלער גאר ניט וועגען דעם. אבער הער, אנא, מען דארף אפשר עפעס צוגרייטען פאר איהם אויף אווענטברויט.

זי האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— קום, באגלייט מיך, איך וועל א קוק טאן, וואס ביי אונז איז פאראן, און וועל זיך בעראטען מיט מאריע'ן.. אויף וויפיעל דאס איז מעגליך.

זיי זיינען אויפגעשטאנען. די שאטענס זיינען געווארען לאנג. אין דערבייאינען גארטען האבען געליארעמט די קינדער. אנא האט גענומען דעם געליעבטען אונטער'ן ארעם און איז מיט איהם לאנגזאם

נעגאַנגען. זי האָט איהם דערצעהלט די נייעסטע ביישפּיעלען פון דער דיענסטס פאַבעלהאַפטער נאַרישקייט. „איך — אַ פאַרהייראַטער"‚— האָט געאָרג אַ מאָל געטאָן און האָט זיך גוטמוטיג צוגעהערט. ווען זיי זיינען דערגאַנגען צום הויז, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט געהן אַנטקעגען היינריכ'ן, האָט איבערגעלאָזען אַנאַ'ן און איז אַרויס אויפ'ן גאַס. גראָד דאַן איז צוגעפאָהרען אַן עקיפּאַזש. היינריך איז אַרויס־געשפּרונגען און האָט אָפּגעלאָזען דעם קוטשער. ער האָט באַגריסט געאָרג'ן.

— וואַרט איהר שוין אויף מיר? עס איז דאָך נאָך ניט שפּעט!

— געוויס ניט; איהר זייט זעהר פּינקטליך. איהר ווילט זיך דורכשפּאַצירען אַביסעל פאַר'ן אָוועטנברויט?

— מיט פאַרגניגען.

זיי זיינען געגאַנגען ווייטער, פאַרביי דעם געלען גאַסטהויז מיט דער רויטער וועראַנדאַ, און זיינען אַריין אין וואַלד.

— דאָ איז וואונדערליך שעהן, — האָט היינריך געזאָגט. — און אייער ווילאַ זעהט אויך אויס גאַנץ שעהן. פאַרוואָס אייגענטליך וואוינט איהר ניט דאָ?

— געוויס איז דאָס אַן אונזין, — האָט געאָרג געענטפערט אָהן ווייטערע ערקלערונגען. אַ ווייל'ע האָבען זיי געשוויגען.

היינריך האָט געטראָגען אַ העלגרויען זומער אַנצוג; אויפ'ן אָרעם האָט ער געהאַלטען זיין מאַנטעל, וואָס האָט אַביסעל זיך נאָכ־געשלעפּט אויף דער ערד.

— האָט איהר זי דערקענט? — האָט ער פּלוצלונג געפרעגט, ניט קוקענדיג אויף געאָרג'ן.

— יע, — האָט געאָרג געענטפערט.

— זי איז נאָר אויף אַ טאָג געקומען צו פאָהרען פון איהר זומער אַנגאַזשעמענט. היינט ביינאַכט פאָהרט זי צוריק. אַ משוגעת . . . אָבער אומזיסט האָט זי זיך געמיהט. עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען.

ער האָט זיך צולאַכט.

— פאַרוואָס זייט איהר אַזוי האַרט? — האָט געפרעגט געאָרג און האָט אַ קלער געטאָן וועגען דעם גרויסען קאָנוועדט מיט די גרויע זיגלען אין דער אומגעלומפּערטער אויפשריפט. — דאָס איז דאָך אייגענטליך ניט נויטיג. עס איז דאָך נאָר אַ צופאַל, וואָס זי האָט אויך

ניט באקומען קיין אנאָנימע בריוו, ווי איהר, היינריך. און ווער ווייס, ווען איהר וואָלט זי ניט געלאָזען אליין, גאָט ווייס צוליעב וואָס . . .

היינריך האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געקוקט אויף געאָרג'ן כמעט מיט מיטלייד.

— איהר מיינט אפשר, אז איך וויל זי באשטראָפען אָדער נעמען נקמה? אָדער אפשר האלט איהר מיך פאר איינעם פון יענע נארען, וואס רויבען אָן האָסען די גאנצע וועלט נאר דערפאר, וואס מיט זיי איז געשעהן עפּעס א גאנץ געוועהנליכע זאך, וואס איז געשעהן מיט טויזענדער מענשען פאר זיי און וועט געשעהן מיט טויזענדער נאך זיי? איהר מיינט, איך פאראכט די „אומגעטרייע" אָדער האס זי? מיר קומט דאָס אפילו אויפ'ן זין ניט ארויף. איך וויל ניט זאָגען מיט דעם, אז איך ערלויב זיך אמאל ניט קיין זשעסטען, וואס דריקען אוים צאָרן אָדער האס, דאס ווערט געטאָן נאר אום בעסער צו ווירקען אויף איהר. אין דער אמת'ן פארשטעה איך צו גוט דאס געשעהענע, אז...

ער האָט א ציה געטאָן מיט די אקסלען.

— אויב איהר פארשטעהט דאָס...

— אָבער מיין ליעבער פריינד, פארשטעהן העלפט דאָ גאָרניט. פארשטעהן איז פונקט אזא ספּאָרט ווי יעדער אנדערער. א זעהר חשוב'ער ספּאָרט און א זעהר קאָסטבארער. מען קען אויף דעם פאר־שווענדען די גאנצע נשמה און בלייבען א בעטלער. אָבער מיט אונזערע געפיהלען האָט דאָס פארשטעהן גאָרניט צו טאָן, פונקט ווי מיט אונזערע האנדלונגען. דאס פארהיט אינז ניט פון ליידען, ניט פון פאר־ניכטונג. דאָס פיהרט אונז ניט צו קיין זאך. דאָס איז א ווינקעל, פון וועלכען עס איז ניטאָ קיין אויסוועג. דאָס פארשטעהן באדייט אלעמאל א סוף.

שוויינענדיג און לאנגזאם, יעדערער פארטאָן אין זיינע געדאנקען, זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון וואלד מיט דעם שטעגעל, וואָס האָט זיך ביסלעכווייז געהויבען ארויף, און זיינען געבליבען אויף אן אָפענעם אָרט מיט א ברייטער אויסזיכט אראָפּצו. זיי האָבען געזעהן די שטאָדט און נאָך איהר דעם טאָל, וואָס האָט געאָטעמט מיט נעבעל און איבער וועלכען א שימערענדיגער טייך האָט געפלאָסען; ווייטער האָט זיך גע־צויגען א ליניע פון בערג, איינגעהילט אין א רינגעם רויך. דאָ זיינען

זיי געגאנגען ביים ווייכען ליכט פון דער פארנעהענדיגער זון צו געאָרג'ס באליעבטער באנק ביים ראנד פון וואַלד.

די זון איז פארגאנגען. געאָרג האָט דערזעהן אויף יענער זייט טאָל זיין באליעבטען וועג, וואָס האָט זיך געצויגען אין דער לענג פון באוואלדטע בערגלאך און וואָס איז געווען בלייך און איז ווי קאלט געוואָרען. ראן האָט ער אַ קוק געטאָן אראָפּצו. ער האָט געוואוסט, אז אונטער זיינע פיס געפינט זיך אין גאָרטען אַ בארענבוים, אונטער וועלכען ער איז דאָ ניט לאנג געזעסען מיט אַ געליעבטער פריי, וואָס טראָגט אונטער איהר הארצען זיין קינד. ער איז געווען געריהרט. צו די פרוייען, וואָס ערווארטען איהם אפשר ערגעץ אנדערשוואו, האָט ער געפיהלט איצט אַ שטילע פאראכטונג, דאָך האָט איהם געצויגען צו זיי. אינטען, איבער די שטענלאך צווישען די גאָרטענס און טאָלען, האָבען שפאצירט די זומער געסט. עפּעס אַ מיידעל האָט ארויפגע־בליקט און האָט וואָס געזאָגט אַן אנדערער שטיל אויפ'ן אויער.

— איהר זייט דאָ אַ פּאָפּולערע פערזאָן, — האָט באמערקט היינריך מיט שפּאָטיש אראָפּגעצויגענע מויל ווינקלען.

— איך האָב דאָס גאָר ניט געוואוסט.

— אָט די שעהנע מיידלאך האָבען פאראינטערעסירט געקוקט אויף איך. דאָס זיין אומפארהייראט בלייבט אלעמאָל פאר אנדערע אַן אומערשעפּליכער קוואל פון אָנרעגונגען. אָט פאר די אלע זומער געסט זייט איהר אַ מין דאָן זשואַן, און... און אייער פריינדין איז אַן אוועק־גערויבט און אַ פארפיהרט מיידעל. ניט אמת?

— איך ווייס ניט, — האָט געאָרג געענטפערט, וועלענדיג ענדערען דעם געשפּרעך.

— און וואָס וואָלט איך געקענט פאָרשטעלען מיט זיך פאר דער טעאטער וועלט פון אַ קליינעם שטעדטעל? — האָט היינריך ווייטער גערעדט. — ווארשיינליך אַן אָפּגענארטען ליעבהאָבער, דאָס הייסט אַ הורכאוים קאָמישע פיגור. און זי? מען קען זיך שוין פאָרשטעלען. פאר זייטיגע מענשען איז דאָך אלץ אזוי איינפאך. אָבער פון נאָהנטען ווערט יעדע געשיכטע גאָר אנדעריש אויס. אפשר אָבער קען מען גראָד פון דער ווייטען ריכטיג זעהן? אפשר רעדט זיך אַ מענש איין אלערליי זאכען, ווען ער דארף שפּיעלען אַ ראָל אין דער קאָמעדיע?

„ער האָט געמעגט בלייבען אין דער היים“, האָט געקלערט געאָרג.

אבער אזוי ווי אפשיקען איהם צוריק איז געוועזן אוממעגליך, האט ער האסטיג א פרעג געטאן, אום וועגינגסטענס צו ענדערען דעם געשפרעך:

— האט איהר גאר־ניט געהערט פון די עהרענבערגס?

— מיט א פאר טעג צוריק, — האט געענטפערט היינריך,—האב איך באקומען פון פריילין עלזא א טרויעריגען בריף.

— איהר קארעספאנדירט מיט איהר?

—ניין, איך קארעספאנדיר ניט מיט איהר. וועניגסטענס האב איך איהר נאך ניט געענטפערט.

— זי האט די געשיכטע מיט אסקאר'ן גענומען מעהר צום הארצען, ווי זי וויל זיך אליין צוגעבען, — האט געזאגט געארג. — איך האב איינמאל גערעדט מיט איהר אין סאנאטאריום. מיר זיינען דאן גאנץ לאנג געשטאנען אין קארידאר, פאר דער ווייסער טיר, הינטער וועלכער דער ארימער אסקאר איז געלעגען. מען האט דאן נאך מורא געהאט, אז ער וועט דאס צווייטע אויג אויך פארלירען. דאס איז אין דער אמת'ן א טראגישע געשיכטע.

— א טראגי־קאמישע, — האט היינריך פארבעסערט אין א הארטען טאן.

— איהר זעהט אומעטום טראגי־קאמיזם. איך וועל אייך זאגען פארוואס. ווייל איהר זייט א ראזצלאזער. אין דעם פאל איז ניטא קיין קאמיזם.

— איהר האט א טעות, — האט היינריך געענטפערט. — דער פאטש פון דעם אלטען עהרענבערג איז געוועזן ברוטאליטעט, און אסקאר'ס זעלבסטמארד איז געוועזן נארישקייט; דאס, וואס ער האט שלעכט געטראפען, האט ארויסגעוויזען זיין אונגעשיקטקייט. פון אזעלכע מאטיוועז קען קיין טראגיזם ניט ארויסקומען. איינפאך אן עקעלהאפטע געשיכטע, מעהר גארנישט.

געארג האט בייז געשאקעלט מיט'ן קאפ. זינט דאס אומגליק איז געשעהן, האט ער אויפריכטיג מיטגעפיהלט אסקאר'ן. עס האט איהם אויך וועה געטאן פאר דעם אלטען עהרענבערג'ן, וואס האט זינט דאן געוואוינט אין נייהאוז, פארגעסענדיג זיך אין דער ארבייט, און האט קיינעם ניט געוואלט זעהן. ביידע זיינען באשטראפט געווארען שווערער, ווי זיי האבען פארדיענט. קען דאס היינריך ניט זעהן און פיהלען, אזוי גוט ווי ער? זיי מאכען א מענשען וויר קליך נערוועז

ציטעגווייז, אָט די אידישע איבערקלוגע, אומרחמנות׳דיגע מענשען, בערמאַן און נירענבערגער. די הויפּט זאַך פאַר זיי איז ניט צו ווערען איבעראַשט פון קיין זאַך. גומסקייט, אָט וואָס זיי פעהלט. ערשט ווען זיי ווערען עלטער, ווערען זיי אביסעל מילדער. געאָרג האָט געקלערט וועגען דעם אַלטען דאָקטאָר שטאָובער, פרוי נאַלאָווסקי, דעם אַלטען אייכלער. אָבער אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען יונג, זיינען זיי שטענדיג אויף דער וואַך. נאָר ניט בלייבען די נאַרען, דאָס איז זייער הויפּט זאָרג. אַן אומבאַקוועמע געזעלשאַפט! געאָרג׳ן האָט זיך פאַרוואָלט זיין אין דער געזעלשאַפט פון פעליציאַן, סקעלטאָן, וואָס זיינען גענוג קלוג פאַר איהם... אפילו גווידאָ שענשטיין.

— ביי איהר גאַנצען טרויער אָבער, — האָט היינריך אין אַ ווייל ע אַרום געזאָגט, — שיינט פריילין עלזאַ דאָך צו אַמוזירען זיך גענוג. געסט קומען ווידער צו באַזוך אין אוהאָף. ניט לאַנג צוריק זיינען דאָרט געוועזן די וויינערס, זיסי און דזשיימס. דזשיימס איז געוואָרען דאָקטאָר אין קעמברידזש. ניט שלעכט, האַ?

דער נאָמען זיסי האָט געאָרג׳ן אַ שטאָך געטאָן, ווי אַ קינזשאַל. ער האָט פּלוצלונג איינגעזעהן, אַז אין עטליכע טעג אַרום וועט ער זיין ביי איהר, און האָט זיך אַליין געוואונדערט, ווי שטאַרק איהם האָט אַ ציה געטאָן צו איהר.

די זון איז אינגאַנצען פאַרגאַנגען. געאָרג און היינריך זיינען אויפגעשטאַנען, האָבען זיך אַראָפּגעלאָזען אונטען איבער דער לאָנקע און זיינען אַריין אין גאָרטען. דאָרט האָבען זיי דערזעהן אַנאַ׳ן, וואָס איז געגאַנגען נאָך מיט וועמען איבער דער מיטעלסטער אַלעע.

— דאָס איז דער אַלטער דאָקטאָר שטאָובער, — האָט געזאָגט געאָרג. — איהר קענט איהם דאָך?

אַלע האָבען זיך באַגריסט.

— מיך פרעהט זעהר, וואָס איך זעה אייך ענדליך ביי אונז, — האָט אַנאַ געזאָגט היינריכ׳ן.

„ביי אונז!“ האָט געאָרג ווידערהאָלט פאַר זיך אביסעל פאַרוואונדערט, באַלד אָבער האָט ער דעם געדאַנק פון זיך אָפּגעטריבען. ער איז אַוועק פאָראויס מיט דאָקטאָר שטאָובער. אַנאַ און היינריך זיינען לאַנגזאַם זיי נאָכגעגאַנגען.

— ווי געפינט איהר אַנאַ׳ן? — האָט געאָרג געפרעגט דעם דאָקטאָר.

— בעסער קען גאָר ניט זיין, — האָט שטאָובער געענטפערט. — זאָל זי גאָר וואָס מעהר ארומגעהן.

געאָרג האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט נאָך ניט געהאט קיין צייט אומצוקוקען איהם די ביכער, וואָס ער האָט ביי איהם גענומען, און האָט זיך ענטשולדיגט.

— ניטאָ וואָס צו אײלען זיך, — האָט געענטפערט שטאָובער.— איך האָף, אז די ביכער זיינען אײך צונוץ געקומען.

און ער האָט איהם גענומען אויספרעגען וועגען די איינדרוקען, וואָס ער האָט ארויסגעטראָגען פון דער צייט, וואָס ער האָט פארבראכט אין רוים. געאָרג האָט איהם דערצעהלט וועגען די וואנדערונגען איבער די אלטע קייזערליכע פאלאצען, וועגען די רייזען איבער קאמפאניא ביים אָוועטשיין, וועגען א שטיקענדער שעה פאר א שטורעם אין גאָרטען פון האדריאן. דאָקטאָר שטאָובער האָט איהם געבעטען אויפ־הערען דערצעהלען, ווייל אנדערש קען ער נאָך אמאָל אוועקוואָרפען אלע זיינע פאציענטען און אוועקפאָהרען אין די שטאָדט, וואָס איז איהם אזוי ליעב און טייער. דאן האָט געאָרג העפליך אָנגעפרעגט זיך וועגען דאָקטאָר בערטאָלד. איז דאָס אמת, אז ער וועט שוין נעקסטען ווינטער זיך ווידער פארנעמען מיט פאליטיק?

דאָקטאָר שטאָובער האָט א ציה געטאָן די אקסלען.

— ער קומט צוריק אין סעפטעמבער. דאָס איז פאָרלויפיג אלץ, וואָס איז זיכער. ביי פאסטער האָט ער זעהר פלייסיג געארביים, און דאָ אין פאטאָלאָגישען אינסטיטוט וויל ער ווייטער אָנגעהן מיט א גרויסער סערום ארביים, וואָס ער האָט אָנגעהויבען אין פאריז. ווען ער וואָלט מיר געפאָלגט, וואָלט ער זיך אויף אָט דער ארבייט אָפּגע־שטעלט. נאָך מיין אומקאָמפּעטענטער מיינונג איז דאָך דאָס, וואָס ער מאכט איצט, וויכטיגער פאר דער מענשהייט, ווי די שעהנסטע רע־וואָלוציאָן. עס פארשטעהט זיך, אז עס זיינען פאראן אלערליי טא־לאנטען, און געגען געלעגענטליכע שטאאטס ענדערונגען האָב איך נאָרניט וואָס איינצואווענדען. אָבער, צווישען אונז רעדענדיג, מיין זוהנס טאלאנט ליגט דאָך מעהר אויף דער וויסענשאפטליכער זייט. צו דער אנדער זייט ציהט איהם דאָך מעהר זיין טעמפעראמענט... אפשר זיין גאליגקייט. נו, מיר וועלען זעהן. און וואָס זיינען אייערע פלענער פאר דעם הערבסט? — האָט ער פלוצלונג א פרעג געטאָן און

האָט אַ קוק געטאָן אויף נעאָרג'ן מיט זיין גוטמוטיג־פּאַטערליכען בליק.
— וואוהין קלייבט איהר זיך צו פאָהרען מיט אייער טאַקט שטעקעל?
— ווען איך וואָלט דאָס נאָר אליין געוואוסט, — האָט געענט־
פערט געאָרג. ער האָט אין אלץ אַ וויכטיגערען טאָן גענומען דער־
צעהלען וועגען זיינע באַמיהונגען און אויסזיכטען דעם דאָקטאָר, וואָס
איז געגאַנגען לעבען איהם מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגען און אַ ציגאַר
אין מויל. ער האָט אָבער קלאָר געפיהלט, אַז דער אַלטער שטאובער
וועט דאָס אַלץ אָננעמען פאַר אַ פאַרזוך צו רעכטפערטיגען דאָס אָפּ־
לעגען פון זיין היראַט מיט אַנאַ'ן. ער האָט דערפיהלט אַ לייכטע
אויפרעגונג קעגען דער, וואָס איז געגאַנגען הינטער זיי, און האָט אפּש־
אין זיך געפּרעדט זיך, וואָס דאָקטאָר שטאובער הערט איהם ווי גע־
צוואונגען צו ענטפערען. ער האָט אבזיכטליך גענומען רעדען אַלץ
אין אַ לייכטערען טאָן, ווי זיינע פּערזענליכע פּלענער פאַר דער צוקונפט
וואָלטען גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט אַנאַ'ן; ענדליך האָט ער פרעהליך
ערקלערט:
— ווער ווייס, וואו איך וועל זיין נעקסטען יאָהר, אפּשר גאָר אין
אמעריקאַ.
— דאָס וואָלט געווען גאָר ניט שלעכט, — האָט רוהיג געענטפערט
דאָקטאָר שטאובער. — איך האָב דאָרט אַ קוזען, ער איז אַ וויאָלינישט
אין באָסטאָן, אַ געוויסער שוואַרץ; ער פאַרדיענט וועניגסטענס זעקס
מאָל אַזוי פיעל, ווי ער האָט דאָ געהאַט אין דער אָפּערא.
נעאָרג האָט ניט געוואָלט, מען זאָל איהם פאַרגלייכען מיט אַ
וויאָליניסט שוואַרץ, און האָט דעריבער ערקלערט מיט אַ זיכערקייט,
וואָס ער האָט אַליין געפיהלט ווי אַן איבערטריבענע, אַז אין אַנהויב
קלערט ער בכלל ניט וועגען פאַרדיענען געלט. פּלוצלונג — ער האָט
ניט געוואוסט, פון וואַנען דער געדאַנק איז געקומען צו איהם — האָט
ער אַ קלער געטאָן: „ווען אַנאַ וועט גאָר שטאַרבען?... ווען דאָס
קינד וועט פאַראורזאַכען איהר טויט?" ער האָט זיך שטאַרק דער־
שראָקען, ווי ער וואָלט מיט אָט דעם געדאַנק אַרייַנגעוואָרפען אויף זיך
אַ זינד. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַנאַ'ן אַ טויטע, פאַרדעקט מיט
אַ טוך ביז צום קין, אין דעם שיין פון טאָג און פון די ליכט איבער איהר
נעזיכט. ער האָט זיך אומגעקערט במעט מיט שרעק, ווי ער וואָלט זיך
געוואָלט איבערציינגען, אַז זי איז דאָ און לעבט. אין דער פינסטערניש

האָט מען ניט געזעהן איהר געזיכט, און דאָס האָט איהם געשראָקען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט'ן דאָקטאָר, און אנא און היינריך זיינען צוגעקומען צו זיי. ער איז געווען גליקליך, וואָס זי איז נאָהנט צו איהם.

— דו ביזט שוין מסתמא מיד, — האָט ער איהר געזאָגט אין דעם צערטליכסטען טאָן.

— וויפיעל מיר איז פאַרגעשריבען צו געהן, בין איך שוין היינט יעדענפאַלס אָפּגעגאַנגען, — האָט זי געענטפערט. — איבריגענס, — האָט זי אָנגעוויזען אויף די וועראַנדאַ, וואו אויף דעם געגרייטען טיש איז געשטאַנען אַ לאָמפּ אונטער אַ גרינעם פּאַפּירענעם אַבאַזשור, — באַלד ברענגט מען אָוועגטברויט. וועט איהר אפשר אויך בלייבען, העדר דאָקטאָר ?

— לייזער, מיין ליעבע קינד, איז דאָס פאַר מיר אוממעגליך. איך האָב שוין לאַנג געדאַרפט זיין צוריק אין שטאָדט. גריסט פריי גאַלאַווסקי פון מיר. אויף ווידערזעהן. אדיע, העדר בערמאַן. אינגיכען, — האָט ער צוגעגעבען, — וועלען מיר אפשר הערען אָדער לעזען עפּעס שעהנעס פון אייך ?

היינריך האָט געצוקט די אַקסלען, העפליך געשמייכעלט און גאָרניט געענטפערט. „פאַרוואָס, האָט ער געקלערט, ווערען אפילו וואויל ערצויגענע מענשען טאַקטלאָז, ווען זיי באַגעגענען זיך מיט וועמען עס איז פון אונז ? פרעג איך איהם דען וועגען זיינע געשעפטען ?“

דער אַרצט האָט נאָך אין עטליכע ווערטער אויסגעדריקט היינריכ'ן זיין מיטגעפיהל וועגען זיין פאָטערס טויט. ער האָט דערמאָנט זיין באַריהמט געוואָרענע רעדע געגען דער איינפיהרונג פון דער טשעכישער שפּראַך אין געוויסע בעצירק־געריכטען אין בעהמען. דאַמאָלסט האָט נאָר איין האָר געפעלט, אז דער אידישער פּראָווינציעלער אדוואָקאַט זאָל ווערען יוסטיץ מיניסטער. יע, די צייטען האָבען זיך געענדערט.

היינריך האָט זיך צוגעהערט. דאָס האָט איהם געקענט צוניץ קומען אין זיין פּאָליטישער קאָמעדיע.

דאָקטאָר שטאַובער האָט זיך געזעגענט. געאָרג האָט איהם באַגלייט צום עקיפּאַזש, וואָס האָט געוואַרט. ער האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגענהייט צו שטעלען דעם אַרצט עטליכע מעדיצינישע פראַגען. יענער האָט איהם בארוהיגט אין אלץ.

— א שאד נאָר, — האָט ער געזאָגט, — וואָס די אומשטענדען ערלויבען ניט אנא'ן אליין צו זויגען דאָס קינד.

געאָרג האָט זיך פארטראכט. „איהר קען דאס דאך ניט שאַדען?... העכסטענס דעם קינד. אָדער איהר אויך אפשר?...“ האָט ער געפרעגט דעם ארצט.

— צו וואָס ריידען וועגען דעם, ליעבער באראָן, ווען דאָס איז דאך סאי ווי אוממעגליך. זאָרגט ניט, — האָט ער צוגעגעבען, שטעלענדיג איין פיס אויפ'ן טרעפעל פון עקיפאזש, — עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען פאר א קינד פון אזעלכע עלטערען.

געאָרג האָט איהם פעסט געקוקט אין די אויגען און האָט געזאָגט:

— איך וועל יעדענפאלס זעהן, אז ער זאָל פארברענגען זיינע ערשטע יאָהרען אין געזונטער לופט.

— דאָס וועט זיין זעהר שעהן, — האָט ווייך געענטפערט דאָקטאָר שטאובער. — אָבער פאר קינדער איז בכלל ניטאָ קיין געזינטערע לופט אויף דער וועלט, ווי די לופט אין הייז פון די עלטערען.

ער האָט געגעבען געאָרג'ן די האנט, און דער עקיפאזש איז אָפגעפאָהרען.

געאָרג איז א ווײלע געבליבען שטעהן און האָט זיך געפיהלט שטארק אויפגערעגט געגען דעם ארצט. ער האָט זיך געגעבען דאָס וואָרט קיינמאָל ניט אריינצוגעהן מיט איהם אין געשפרעכען, וואָס וואָלטען אין א געוויסער מאָס געגעבען יענעם דאָס רעכט צו געבען איהם אומגעבעטענע עצות אָדער אפילו פארמאסקירטע פאָרוואורפען. וואָס האָט אָט דער אלטער געקענט וויסען? וואָס האָט ער כוף כל כוף פארשטאנען אין דער גאנצער געשיכטע? געאָרג'ס אויפרעגונג איז אלץ געשטיגען. „ווען איך וועל וועלען“, האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, „וועל איך מיט איהר הייראטען. און פארוואָס זאָל זי ניט איבערלאָזען ביי זיך דאָס קינד? האָט זי דען ניט געזאָגט אליין, אז זי וועט זיין שטאָלץ מיט דעם, וואָס זי האָט א קינד. איך אליין קלייב זיך דאָך אויך ניט אָפצוזאָגען זיך פון איהם. און אלץ, וואָס איך וועל נאָר קענען, וועל איך פאר איהם טאָן. אין אפשר, שפּעטער, ווען עס איז... אָבער איך וואָלט באגאנגען אן אומרעכט קעגען מיר אליין, קעגען אנא'ן און קעגען קינד, ווען איך וואָלט שוין איצט זיך ענט-

שלאָסען אויף עפּעס, פאַר וואָס עס איז נאָך יעדענפאַלס צו פריה.“

ער איז לאַנגזאַם געגאַנגען אין דער לענג פון דער שמאָלער זייט פון הויז צום גאָרטען. אויף דער וועראַנדאַ זיינען געזעסען אַנאַ און היינריך. פון הויז איז נאָך וואָס אַרויסגעקומען מאַריע מיט אַ זעהר רויטען געזיכט און האָט געשטעלט אויפ׳ן טיש אַ וואַרימע שיסעל, פון וועלכער דאַמף איז געגאַנגען. „ווי רוהיג אַנאַ זיצט דאָרט, האָט אַ קלער געטאָן געאָרג, בלייבענדיג אין דער פענסטער, זי איז אַזוי זאָרגלאָז, ווי זי וואָלט איינגאַנצען זיך געקענט פאַרלאָזען אויף מיר. ווי אויף דער וועלט וואָלט ניט געווען קיין טויט, קיין אָרימקייט, קיין בעטרוג... ווי איך וואָלט זי געליעבט אַזוי ווי זי פאַרדיענט דאָס!...“ און ווידער האָט ער זיך דערשראָקען. „ליעב איך זי דען ניט גענוג? קען זי דען ניט פאַרלאָזען זיך אויף מיר? ווען איך זיץ דאָרט אויבען אויף דער באַנק ביים ראַנד פון וואַלד, פיהל איך אַזוי פיעל צערטליכקייט צו איהר. פאַרוואָס אָבער פיהל איך דאָס ניט איצט?“

ער איז געווען איינגאַנצען עטליכע טריט פון איהר, האָט געזעהן, ווי זי פאַרטיילט דאָס עסען. דאַן האָט זי געווענדט איהר בליק אין די פינסטערניש, פון וואַנען ער האָט געדאַרפט אַרויסקומען, און איהרע אויגען האָבען פּלוצלונג גענומען לייכטען, ווען ער איז אַריינגעקומען אין ליכט. „איינציגע געליעבטע!“ האָט ער געקלערט. ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט אַנאַ געזאָגט:

— דו האָסט מיט דעם דאָקטאָר געהאַט אַזאַ לאַנגע קאָנפערענץ.

— גאָר ניט קיין קאָנפערענץ, מיר האָבען געפּלוידערט. ער האָט מיר אויך דערצעהלט וועגען זיין זוהן, וואָס קומט באַלד צוריק.

היינריך האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען בערטאַלד׳ן. דער יונגער מאַן האָט איהם אינטערעסירט, און ער האָט זעהר געהאָפט צו באַקענען זיך מיט איהם נעקסטען ווינטער. די רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען מיט אַ יאָהר צוריק וועגען דעם פאַל פון טערעזאַ גאָלאָווסקי, און דאַן זיי אָפענער בריף צו זיינע וועהלער, אין וועלכען ער גיט אָן די גרונדען פאַר זיין צוריקציהען זיך, — דאָס זיינען געווען זאַכען פון אַ הויכען ווערט... נאָך מעהר, דאָקומענטען פון דער צייט.

אויף אַנאַ׳ס געזיכט האָט אויף אַ ווייל זיך באַוויזען אַ לייכטער, כמעט שטאָלצער שמייכעל. זי האָט אַראָפּגעלאָזען די אויגען צו איהר טעלער און האָט זיי דאַן שנעל אויפגעהויבען צו געאָרג׳ן. געאָרג האָט

אײַ געשמייכעלט, ניט פיהלענדיג אין זיך קיין שפּור פון אייפערזוכט. ווייס בערטאַלד? געוויס. קיידט ער?... ווארשיינליך. וועט ער קענען פארציייהען אנא'ן? וואָס איז דאָ פאראַן צו פארצייהען! נאריש!

מען האָט אריינגעבראַכט א געריכט פון שוואָמען, און היינריך האָט זיך ניט געקענט איינהאלטען פון פרעגען, צי זיי זיינען אמאָל ניט גיפטיג. געאָרג האָט זיך צולאַכט.

— לאַכט ניט, — האָט געזאָגט היינריך. — ווען איך וואָלט גע־קלערט וועגען אומברענגען זיך, וואָלט איך פאר דעם ניט אויסגעקליבען ניט קיין גיפטיגע שוואָמען, ניט קיין פארדאָרבענע וואורשט, נאָר אָן איידעלערען און שנעלערען גיפט. מען קען זיין איבערצייגט מיט לעבען, אָבער קיינמאָל ניט מיט געזונט, אפילו אין דער לעצטער־פערטעל שעה פון דער עקזיסטענץ. אויסערדעם, אייסערדעם איז שרעק־קעדיגקייט די געזעצליכסטע, אָבער אויך א שענדליכען אופן פארלייקענטע טאָכטער פון פארשטאַנד. וואָס רופט מען אָן שרעקעדיגקייט? דאָס איז די פעהיגקייט צו נעמען אין באטראַכט אלע מעגליכקייטען, וואָס קומען ארויס פון א געוויסער האַנדלונג, ווי די גוטע, אזוי אויך די־שלעכטע. און וואָס איז מוט? איך מיין, נאַטירליך, דעם אמת'ן, וואָס קומט ארויס זעלטענער, ווי מען דענקט? וועגען דעם אַפּעק־טירטען, אָדער באַפוילענעם, אָדער סוגעסטירטען מוט איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידען. דער אמת'ער מוט שטעלט פאָר מיט זיך ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אָן אויסדרוק, אזוי צו זאָגען, פון דער מעטאַפּי־זישער איבערצייגונג אין דער אייגענער איבערפליסיגקייט.

„דו איד", האָט געאָרג געטראַכט אָהן קיין פיינדליכען געפיהל. און דאַן: „אפשר איז ער גאָר ניט אזוי אומגערעכט".

דאָס ביער איז געווען אזוי געשמאַק, אז מען האָט געשיקט מאַריע'ן אין גאַסטהויז נאָך א צווייטען קרוג. אַנאַ האָט ניט געטרונקען. אלע זיינען געקומען אין א גוטע שטימונג. געאָרג האָט ווידער דערצעהלט פון זיין רייזע: וועגען די זוניגע טעג אין לוגאַנאָ, וועגען דעם אי־בערפאָהר דורך דעם מיט שניי באדעקטען ברענער, וועגען דער וואַנ־דערונג דורך די דעכערלאָזע שטאָדט, וואָס איז ארויסגעקומען אין ליכט נאָך א צוויי־טויזענדיעהריגער נאַכט; ער האָט ווידער דערמאָנט, ווי זיי ביידע, ער און אנא, זיינען געווען דערביי, ווען ארבייטער האָבען

מיט מיה און פֿאַרזיכטיגקייט אַרויסגעגראָבן אַ סטאַטוע פֿון אַש. היינריך האָט נאָך איטאַליען ניט געזעהן. ער האָט זיך אַהין געקליבן פֿאָהרען נעקסטען פֿריהלינג. ער האָט געזאָגט, אַז ציינווייטיג מאַטערט איהם אַ בענקשאַפֿט, אויב ניט נאָך איטאַליען, איז נאָך דער פֿרעמד, נאָך ווייטע לענדער. אַמאָל, ווען ער פֿלעגט הערען רעדען וועגען רייזען, פֿלעגט זיין האַרץ נעמען קלאַפּען, ווי ביי אַ קינד, איידער עס ווערט געבאָרען. דעריבער דענקט ער, אַז איהם איז אפשר ניט באַשערט צו ענדיגען זיין לעבען אין דער היים. עס קען אָבער אויך זיין, אַז נאָך יאָהרעלאַנגע וואַנדערונגען וועט ער זיך אומקערען צוריק צו ענדיגען פֿריעדליך דעם רעשט פֿון לעבען אין אַ קליינעם דאָרפֿישען הויז. ווער ווייס, — עס טרעפֿען דאָך אַזעלכע וואונדערליכע צופֿאַלען!

— צי איהם איז גאָר ניט פֿאַראויסבאַשטימט צו ענדיגען זיינע טעג גראַד אין דעם הויז, וואו ער איז איצט אַ גאַסט, און וואו ער פֿיהלט זיך איצט אַזוי גוט, ווי ער האָט שוין לאַנג ניט געפֿיהלט. אַנאַ האָט געטראַכט, ווי זי וואָלט געוועזן ווירטין ניט נאָר אין אָט דער ווילאַ, נאָר אין דער גאַנצער אונענדליך שטילער וועלט....

אין דער טונקעלקייט פֿון גאָרטען האָט זיך באַוויזען אַ מילד ליכט, פֿון די גראָזען אין בלומען האָט זיך געהויבען אַ פֿייכטער און וואַרימער דופֿט. די לענגליכע לאָנקע, וואָס האָט זיך געצויגען ביז צום פֿלויט, איז אַרויסגעשוואומען אין לבנה־ליכט, אין די ווייסע באַנק אונטער דעם באַרענבוים האָט געשימערט, ווי פֿון זעהר ווייט. אַנאַ האָט געזאָגט היינריכ'ן עטליכע גוטע ווערטער וועגען די פּערזען פֿון דעם אָפּערא מיוזיקבט, וואָס געאָרג האָט איהר ניט לאַנג פֿאָרגעלעזען.

— יע, ריכטיג, — האָט באַמערקט געאָרג, פֿאַרלענענדיג באַקוועם אַ פֿוס איבער אַ פֿוס און רויכערענדיג אַ ציגאַר. — האָט איהר אונז געבראַכט עפּעס נייעס?

היינריך האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— ניין, גאָרנישט.

— אַ שאַד, — האָט געזאָגט אַנאַ און האָט פֿאָרגעשלאָגען, אַז היינריך זאָל דערצעהלען אין אָרדנונג און אויספֿיהרליך דעם גאַנג פֿון דער האַנדלונג. זי האָט דאָס שוין לאַנג געוואָלט. פֿון געאָרג'ס ווערטער האָט זי ניט געקענט באַקומען קיין קלאָרע פֿאָרשטעלונג.

זיי האָבען זיך דורכגעוואָרפֿען מיט אַ בליק. פֿאַר זיי איז אויפֿ־

נעיטונגען יענע מונקעלע, זיסע שעה, ווען זיי האָבען גערוהט בריסט אויף ברוסט אין טונקעלען צימער; פאַר די פענסטער האָט א וועלענ־ארטיגער שניי פאָרהאַנג באַדעקט די גרויע קירך, און פארשטיקטע ארגעל קלאַנגען האָבען זיך אריינגעריסען אין צימער. יע, איצט האָבען זיי געוואוכס, וואו דאָס הויז איז געשטאַנען, אין וועלכען זייער קינד האָט געדאַרפט געבאָרען ווערען! איך און אַנדער הויז, האָט געאָרג געקלערט, שטעהט שוין אפשר ערגעץ וואו, אין וועלכען דאָס קינד, וואָס איז נאָך ניט געבאָרען געוואָרען, וועט ענדיגען זיין לעבען, ער־וואקסען, אָדער אַלט, אָדער... אך, וואָס פאַר געדאַנקען... אוועק, אוועק...

היינריך האָט ערקלערט, אז ער איז גרייט צו ערפילען אנא׳ס פאַר־לאנג, און איז אויפגעשטאַנען פון אָרט.

— דאָס וועט אפשר זיין ניצליך פאַר מיר אליין, — האָט ער געזאָגט, ווי ענטשולדיגענדיג זיך. — איך וועל זיך דערוייל אליין אין אלץ פאַנאַנדערקלייבען.

— גיט אָבער אכטונג, איהר זאָלט פלוצלונג ניט אריינפאַלען אין אייער פּאָליטישע טראַגיקאָמעדיע, — האָט געזאָגט געאָרג. און ווענ־דענדיג זיך צו אנא׳ן, האָט ער ערקלערט: — ער שרייבט איצט א פּיעסע, וואו דער הויפּט העלד, א נאציאָנאַליסטישער סטודענט, פאַר־נעמ׳ט זיך מיט שוואָמען, פון פארצווייפלונג איבער דער עמאַנציפּאַציאָן פון אידען.

היינריך האָט אָפּגעשלאָגען:

— איין גלאָז ביער וועניגער, און איהר וואָלט דעם וויץ ניט געזאָגט.

— קנאה, — האָט געאָרג געענטפערט. ער איז געווען אין אַן אומגעוועהנליך גוטער שטימונג, ווייל ער האָט פעסט באַשלאָסען אי־בערמאָרגען אוועקצופאָהרען. ער איז געזעסען גאָר נאָהנט צו אנא׳ן, האָט געהאַלטען איהר האַנט אין זיינער און האָט זיך צוגעהערט, ווי אין זיין נשמה האָבען געקלונגען אומקלאָרע מעלאָדיען פון צו־קונפטיגע ווערק.

היינריך האָט זיך פלוצלונג אָפּגעשטעלט אין גאָרטען פאַר דער וועראַנדא, זיך איבערגעבויגען איבער׳ן פּאַרענטש, גענומען זיין מאַנטעל פון שטול און האָט איהם ראָמאַנטיש אָנגעטאָן אויף זיך.

— איך הויב אָן, — האָט ער געזאָגט. — ערשטער אקט.

— צוערשט די אָוועטורע אין דע־מאָל, — האָט געאָרן איהם איבערבראָכען. ער האָט דורכגעפּיפּט אַ פייערליכע מעלאָדיע, אינ־גאַנצען עטליכע טענער, און האָט געענדיגט: — און אַזוי ווייטער.

— דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, — האָט געזאָגט היינריך. — אַ פעסט אין קעניגליכען גאָרטען. נאַכט. אויף מאָרגען דאַרף די פרינצעסין חתונה האָבען מיט דעם הערצאָג העליאדאר, פאַרלויבּינג רוף איך איהם העליאדאר, ער וועט ווארשיינליך אנדערש הייסען. דער קעניג פארגעטערט זיין טאָכטער און קען ניט פארטראָגען העליאדאר'ן, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַ נאַר, וואָס ווערט משוגע פאַר קייזערליכע גרויסקייט. אויפ'ן פעסט, וואָס דער קעניג האָט געמאַכט הויפּטזעכליך צו ערגערען העליאדאר'ן, זיינען פאררופען ניט נאָר דער גאַנצער אדעל פון לאַנד, נאָר אויך די יוגענד פון אַלע שטאַנדען, אויף וויפיעל זייער שעהנקייט גיט זיי אויף דעם אַ רעכט. און די פרינצעסין מעג דעם אָווענט טאַנצען מיט יעדען איינעם, וואָס געפעלט איהר. זי שיינט צו זיין באַזונדערס באַצויבערט פון איינעם עגידיוס. מעהר פון אַלעמען פרעהט דאָס דעם קעניג. העליאדאר'ס אייפערזוכט. דעם קעניגס פארגניגען שטייגט. ערקלערונגען צווישען העליאדאר'ן און דעם קעניג. שפּאָט, פיינדשאַפט. פּלוצלונג געשעהט עפּעס אומערוואַרטעס. עגידיוס הויבט אויף אויפ'ן קעניג אַ קינזשאַל; ער וויל איהם טויטען. אָט דער מאָרד־פּאַרזוך וואָלט געדאַרפט, נאַטירליך, זיין זעהר גרינדליך מאָטיווירט, ווען איהר, געאָרג, וואָלט ניט געוועזען אַזוי גוט און ניט אי־בערגעגעבען די געשיכטע אין מוזיק. דעריבער וועט דאָ זיין גענוג אָנצודייטען, אַז דער יונגער מאַן האָסט טיראַנען און איז אַ מיטגליד פון אַ געהיימער געזעלשאַפט; ער איז אפשר אַ משוגע'נער אָדער אויף זיין אַרט אַ העלד, דאָס איינענטליך ווייס איך נאָך ניט. דער פערזוך פאַלט דורך. מען אַרעסטירט עגידיוס'ן. דער קעניג וויל בלייבען מיט איהם אַליין. דועט. דער יונגער מאַן איז שטאָלץ, רוהיג, גרויס, דער קעניג איז איבערלעגען, גרויזאַם, אומערגרינדליך. אַזוי אומ־געפעהר שטעל איך מיר איהם פאָר: ער האָט שוין אַ סך מענשען גע־שיקט צום טויט, האָט געזעהן אַ סך שטאַרבען; אָבער ביי זיין אומ־געהויערער אינערליכער קלאָרקייט האָט איהם אויסגעוויזען, אַז אַלע מענשען געהען איבער אין אַן אַנדער וועלט אין אַ האַלב באַוואוסט־

זינגען צווישנאנד, איז אזא איבערגאנג פאר זיי ניט קיין אנדער זאך, ווי נאר דאס איבערגעהן פון דעמערונג אין פינסטערניש. אין דעם איצטיגען פאל האט אזא סוף אידם איסגעוויזען צו מילד אדער צו באנאל. מיט דעם יונגען מאן האט דער קעניג געוואלט ארויפווארפען אין די שרעקליכסטע פינסטערניש פון אזא טאג, וואס קיין שטערבליכער האט נאך ניט געהאט. מיט דאס געהט איהם דורך אין געדאנק. צי ער זאגט ארויס אדער זאגט א סך פון דעם, ווייס איך נאטירליך ניט. עגידיוס'ן, נאך אלעמענס מיינונג א פאראורטיילטען צום טויט, פיהרט מען אוועק, און דערצו נאך אויף דאסזעלביגע שיף, אויף וועלכען העליאדאר און די פרינצעסין דארפען אין אוועט אנהייבען זייער רייזע. דער פארהאנג פאלט. דער צווייטער אקט קומט פאר אויפ'ן דעק פון שיף. דאס שיף איז אין פולען גאנג. א כאר. איינצעלנע פיגורען טיילען זיך אויס. זייער ראל ווערט קלאר ערשט שפעטער. מארגענרויט. עגידיוס'ן פיהרט מען ארויס פון געפענגניס, — ווי ער מוז, פארשטעהט זיך, מיינען, — צו דער הינריכטונג. עס קומט אבער ארויס אנדערש. זיינע קייטען פאלען אראפ, און אלע נייגען זיך פאר איהם, ווי פאר א פירשט. די זון געהט אויף. עגידיוס באמערקט, אז ער געפינט זיך אין דער בעסטער געזעלשאפט. שעהנע פרויען, אדעליגע. א ווייזער, א זינגער און א נאר זיינען באשטימט פאר וויכטיגע ראלען. פון דעם פרויען־כאר טרעט ארויס ניט קיין אנדערע, ווי די פרינצעסין אליין, וואס געהערט עגידיוס'ן, ווי אלץ אויפ'ן שיף.

— א פריגיביגער פאטער און קעניג, — האט געזאגט געארג.

— צוליעב א גייסטרייכען איינפאל איז קיין זאך איהם ניט צו טייער, — האט היינריך ערקלערט, — דאס איז שוין זיין נאטור. א הערליכער דועט צווישען עגידיוס'ן און דער פרינצעסין, דאן זעצט מען זיך צום טיש. נאכ'ן עסען טאנצט מען. א געהויבענע שטימונג. עגידיוס, פארשטעהט זיך, מוז מיינען, אז ער איז געראטעוועט. ער וואונדערט זיך ניט זעהר, ווייל זיין האס צום קעניג איז אלעמאל געוועזען צוזאמען מיט באוואונדערונג. דער אוועט קומט אן. פלוצלינג ערשיינט א פרעמדער לעבען עגידיוס'ן. קען זיין, אז ער איז שוין לאנג דא געוועזען. איינער צווישען א סך, אומבאמערקט, שטום. ער דארף זאגען עגידיוס'ן א פאר ווערטער. דער פעסט און די טענץ געהען דערווייל אן. עגידיוס און דער פרעמדער. „דאס אלץ איז אייערס,—

זאָגט דער פרעמדער. — איהר קענט טאָן מיט אַלץ וואָס איהר ווילט, אומבריינגען, שינדען, ווי אייך וועט איינפאַלען. אָבער מאָרגען... אָדער אין צוויי טעג אַרום, אָדער אין אַ וואָך, אין אַ יאָהר, אין צעהן, אָדער־נאָך שפּעטער וועט דאָס שיף אָנקומען צו אַן אינזעל, אין ביים ברעג, אויף אַ פעלז שטעהט דאָרט אַ מאַרמאָרנער פּאַלאַץ. און דאָרט וואַרט אויף אייך דער טויט! אייער מערדער איז מיט אייך אויפ'ן שיף. אָבער נאָר דער, וואָס איז באַשטימט צו זיין אייער מערדער, ווייס וועגען דעם. קיין אַנדערער ווייס פון דעם ניט. און בכלל פאַרדעכטיגט נאָר קיין אַנדערער ניט דאָ אויפ'ן שיף, אַז איהר זייט פאַראורטיילט צום טויט. האַלט דאָס בסוד. ווייל אויב איהר וועט אויף וואָסערען ניט איז אופן אַרויסווייזען, אַז איהר אַליין ווייסט וועגען אייער שיקזאַל, וועט איהר באַלד געטויט ווערען".

היינריך האָט די ווערטער אַרויסגערעדט מיט אַפעקטירטען פּאַטאָס, ווי צו פאַרבאָרגען זיין פאַרלעגענהייט. ער האָט ווייטער גערעדט אין אַן איינפאַכערען טאָן:

„דער פרעמדער פאַרשווינדט. איך וועל איהם אפשר אַרויסזעצען אויפ'ן ברעג צוזאַמען מיט צוויי שווייגענדיגע באַגלייטער. עגידיוס בלייבט צווישען הונדערטער מענער און פרויען, איינער פון וועלכע דאַרף זיין זיין מערדער. ווער? דער ווייזער? דער נאַר? דער אַסטראָלאָג? איינער פון די, וואָס באַהאַלטען זיך אין דער פינסטער? וואָס גנב'ענען זיך דאָרט ביים פאַרענטש? איינע פון די טענצערינס? די פּרינצעסין אַליין? זי טרעט ווידער צו צו איהם, זי איז זעהר צערטליך, אפילו ליידענשאַפטליך. איז זי פאַלש? איז זי אַ מערדערין? ליעבט זי? ווייס זי? יעדענפאַלס איז זי זיינע. דאָס אַלץ איז נאָך היינט זיינס. נאַכט אויפ'ן ים. שרעק. גליק. דאָס שיף שווימט לאַנגזאַם ווייטער, צו יענעם ברעג, וואָס איז אָפּגעטיילט דורך אַ נעבעל פון שעה'ן אָדער יאָהרען. די פּרינצעסין רוהט ביי זיינע פיס. עגידיוס שטאַרט אין די נאַכט און וואַרט".

היינריך האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט אַליין געוועזן אויפ־געדעגט. אין נעאָרג'ן האָבען געקלונגען מעלאָדיען. ער האָט געהערט די מוזיק פון דער סצענע, ווען דער אומבאַקאַנטער פאַרשווינדט צו־זאַמען מיט די צוויי באַגלייטער, און ווי דער רויש פון פעסט דער־גרייכט ביסלעכווייז דעם פאָדערגרונד פון דער ביהנע. ניט נאָר אין

ז מעלאָדיע, נאָר אין דער גאַנצער פילקייט פון אינסטרומענטירונג האָט
ט די סצענע געקלונגען אין איהם. האָבען זיך ניט געהערט פלייטען,
אַבּאָען, קלאַרנעטען? האָבען ניט געזונגען טשעלאָס און פידלען?
האָט זיך ניט געהערט א לייכט פּויקען אין ווינקעל פון אָרקעסטער?
ער האָט ניט ווילענדיג אויפגעהויבען די רעכטע האַנט, ווי דיריזשי־רענדיג.

— און דער דריטער אקט? — האָט געפרעגט אנא, ווייל היינריך האָט נאָך אלץ געשוויגען.

— דער דריטער אקט, — האָט ווידערהאָלט היינריך אין א פאַר־שטיקטער שטים, — דער דריטער וועט פאָרקומען וואַרשיינליך אין דעם שלאָס צווישען פעלזען. ער וואָלט זיך געדאַרפט אָנהויבען פון א געשפּרעך צווישען דעם קעניג און דעם אומבאַקאַנטען. אָדער פון א כאָר. ניין, אויף אומבאַוואוינטע אינזלען זיינען ניטאָ קיין כאָרען. יעדענפאַלס איז דאָרט פאַראַן דער קעניג, און דאָס שיף שווימט צו. איבריגענס, פאַרוואָס זאָל דער אינזעל זיין אומבאַוואוינט?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— ווייטער, — האָט געאָרג געזאָגט אומגעדולדיג.

היינריך האָט ארויפגעלייגטביידע הענט אויפ׳ן פּאַרענטש פון דער וועראַנדאַ.

— איהר ווייסט, וואָס איך וואָלט אייך געזאָגט? דאָס איז קיין אָפּערא ניט...

— וואָס מיינט איהר?...

— עס איז דאָך פאַראַן אן אורזאַך, פאַרוואָס איך בין געבליבען שטעהן אויף דעם אָרט און קען ווייטער ניט געהן. דאָס איז וואַר־שיינליך א טראַגעדיע. אָבער איך האָב ניט קיין מוט זי אָנצושרייבען. איהר ווייסט, וואָס מען האָט אייגענטליך געדאַרפט איבערגעבען? די אויסערליכע ענדערונג אין עגידיום׳ן. דאָס איז, ווייזט אויס, דאָס שווערסטע און שעהנסטע אין סוזשעט. מאַכען פון דעם אן אָפּערא, הייסט אויסמיידען די שווערקייט.

ער איז אנשוויגען געוואָרען.

— אָבער יעדענפאַלס, — האָט אנא געזאָגט, — דאַרפט איהר אונז דערצעהלען דעם סוף, ווי איהר האָט איהם געפּלאַנט פאַר דער אָפּערא. איך בין זעהר געשפּאַנט.

היינריך האָט אַ ציה געטאָן מיט די אַקסלען און האָט מיר גע־ענטפערט:

— נו, דאָס שיף קומט צום ברעג. עגידיוס געהט אַרויס, מען וויל איהם אַריינוואַרפען אין ים.

— ווער? — האָט געפרעגט אַנאַ.

— איך ווייס ניט, — האָט היינריך געענטפערט ליידענד. — פון דעם אָרט אָן ווייס איך בכלל גאָרנישט.

— איך האָב געמיינט, אַז די פּרינצעסין וועט זיין די, וואָס וועט... — האָט געזאָגט אַנאַ און האָט אין דער לופט געמאַכט אַ טויט אָנזאָגענדע באַוועגונג.

היינריך האָט מילד געשמייכעלט.

— איך האָב, נאַטירליך, אויך אַזוי געמיינט, אָבער... — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט פּלוצלונג גענומען קוקען געשפּאַנט צום נאַכטיגען הימעל.

— אין ערשטען פּלאַן, — האָט געאָרג באַמערקט אומצופרידען, — האָט דער סוף געזאָלט באַשטעהן אין אַ מין באַגנאַדיגונג. אָבער אַזאַ סוף טויג, נאַטירליך, נאָר פאַר אַן אָפּערא. איצט אָבער דאַרף מען, פאַרשטעהט זיך, אייער עגידיוס'ן, ווי אַ העלד פון אַ טראַגעדיע, אַריינוואַרפען אין ים.

היינריך האָט געהיימניספול אויפגעהויבען זיין אָנווייזענדען פינ־גער, און זיינע געזיכטסצוגען זיינען ווידער באַלעבט געוואָרען:

— מיר דוכט, אַז מיר איז עפּעס אַנדערש געקומען אין קאָפּ. אָבער איך בעט אייך, לאָמיר וועגען דעם איצט ניט ריידען. עס איז אפשר גוט, וואָס איך האָב דערצעהלט דעם אָנהויב.

— אָבער אויב איהר מיינט, אַז איך וועל אייך שרייבען אַנטראַקט מוזיק, האָט איהר אַ טעות, — האָט געזאָגט געאָרג.

היינריך האָט געשמייכעלט מיט דעם גלייכגילטיגען געפיהל פון זיין שולד, און די גוטע שטימונג איז פאַרשוואונדען. אַנאַ האָט מיט אומצופרידענהייט דערפיהלט, אַז פון דעם גאַנצען פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרען. געאָרג האָט אַליין ניט געוואוסט, צי זאָל ער זיין בייז, וואָס נאָך איין האָפנונג איז פאַרשוואונדען, אָדער ער זאָל זיך פרעהען, וואָס ער האָט זיך באַפרייט עפּעס פון אַ פליכט. און היינריכ'ן האָט אויס־געוויזען, ווי זיינע איינענע בילדער וואָלטען אוועקגעגאַנגען פון איהם

אין אומאָרדנ'נג, מיט שפּאָט, ניט זעגנענענדיג זיך, ניט צוזאָגנענדיג, אַז ווי וועלען זיך אומקערען. ער האָט זיך געפיהלט איינזאם, פאַרלאָזען אין א טרויעריגען גאָרטען, און דער געזעלשאַפט פון א ליעבליכען אַלטען באַקאַנטען אין א יונגער דאַמע, וואָס איז איהם גאָרניט אָנגעגאַנגען. און פּלוצלונג האָט זיך איהם דערמאָנט א יונגע פרוי, וואָס איז גראָד איצט געפאָהרען אנטקעגען די טונקעלע בערג אין א שוואַך באַלויכטענעם קופּע, מיט פאַרוויינטע אויגען און מורא האָבענדיג צו פאַרשפּעטיגען מאָרגען אין דער פריה צו דער פּראָבע. איצט האָט ער ווידער דערפיהלט: פון זינט דאָס האָט זיך געענדיגט, געהט אלץ ביי איהם אַראָפּ באַרג. ער האָט מעהר גאָרנישט און קיינעם ניט געהאַט. די ליידען פון דער אומגליקליכער, און פיין געהאַסטער פרוי זיינען געוועזען אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. און ווער ווייס, אפשר וועט זי שוין מאָרגען שמייכלען מיט איהרע פאַרוויינטע אויגען צו אַן אַנדערען, מיט פיין און בענקשאַפט אין הארצען און דאָך מיט א נייער לעבענסלוסטינקייט אין בלוט.

אויף דער וועראַנדאַ האָט זיך באַוויזען פרוי גאַלאָווסקי, וואָס האָט זיך אביסעל פאַרשפּעטיגט, אין א הוט און מיט א שירעם אין האַנט. זי האָט געבראַכט פון שטאָדט גרוסען פון טערעזאַ'ן, וואָס האָט, נאָך איהרע ווערטער, געוואָלט די טעג ווידער קומען צו אַנאַ'ן. געאָרג, אָנגעשפּאַרט אָן הילצערנעם פאַרענטש פון דער וועראַנדאַ, האָט זיך געווענדט צו פרוי גאַלאָווסקי מיט א געמאַכטער העפליכקייט, וואָס ער האָט איהר אַלעמאָל ארויסגעוויזען:

— וועט איהר אפשר פאַרשלאָגען פריילין טערעזאַ'ן אין אונזער נאָמען צו פאַרברייננגען דאָ עטליכע טעג? די מאַנסאַרדע אויבען איז גרייט פאַר איהר. איך וועל אוועקפאָהרען אויף א קורצע צייט אין די בערג, — האָט ער צוגעלעגט, ווי ער וואָלט ביז דאַן שטענדיג געוואוינט אין דעם קליינעם צימער אויבען.

פרוי גאַלאָווסקי האָט באַדאַנקט. געאָרג האָט א קוק געטאָן אויפ'ן זיינער און האָט געזאָגט, אַז עס איז צייט צו פאָהרען. דאַן האָבען ער און היינריך זיך געזעגענט. אַנאַ האָטביידען באַגלייט ביז צו דער טיר פון גאָרטען, איז דאָרט געבליבען א ווײַלע שטעהן און האָט זיי נאָכגעקוקט, ביז זיי זיינען געוועזן אויף דער הויכקייט, וואו דער וועג פון די זומער לאָנקעס האָט זיך אָנגעהויבען.

דאָס קליינע שטעדטעל טיף אין טאָל איז געשוואומען אין לבנה שיין. די טונקעל געוואָרענע בערגלאַך האָבן אויסגעוויזען ווי רינגע וועגנס. דער וואַלד האָט געאָטעמט מיט פינסטערניש. אין דער ווייט האָבן געגלאַנצט טויזענדער פייערען פון דעם נאַכטיגען זומערדיגען לעבען, וואָס האָט איינגעהילט די שטאָדט. געאָרג און היינריך זיינען שווייגענדיג געגאַנגען איינער לעבן אַנדערען, און זייער אָפּגעפרעמדקייט איז אַלץ געוואַקסען. געאָרג האָט זיך דערמאָנט זייער שפּאַציר איבער פּראַטער פאָריגען הערבסט, ווען אַן אָפענהערציגער געשפּרעך האָט זיי צום ערשטען מאָל דערנעהנטערט. נאָכדעם זיינען געווען נאָך אַ סך אַזעלכע אינטימע געשפּרעכען. אָבער זיינען זיי דען ניט צוטראָגען געוואָרען ווי פון אַ ווינט? געאָרג האָט נאָך אַלץ ניט געקענט שווייגענדיג געהן מיט היינריכ'ן אין דער פינסטער, ווי פריהער אַמאָל מיט גווידאָ'ן, און מיט לאַבינסקי'ן, און ער זאָל אינערליך ניט אָוועקגעהן פון איהם. דאָס שווייגען האָט איהם געדריקט. ער האָט גענומען רעדען וועגען דעם ערשטען, וואָס איהם איז געקומען אין קאָפּ, וועגען דעם אַלטען שטאַובער'ן, לויבענדיג זיין געוויסנהאַפטיגקייט און פילזייטיגקייט. היינריך האָט איהם ניט געליעבט, האָט איהם גע־האַלטען אַביסעל באַרוישט פון זיין אייגענער גוטסקייט, ווייזהייט און ליכטיגקייט. ער האָט אויך געהערט צו יענע אידען, וועמען היינריך האָט ניט געקענט פאַרטראָגען: די זעלבסטצופרידענע. דער געשפּרעך איז איבערגעגאַנגען אויף דעם יונגען שטאַובער'ן, מיט וועמעס שוואַנקונגען צווישען פּאָליטיק און וויסענשאַפט היינריך האָט סימפּאַטיזירט. דאַן האָבן זיי גענומען ריידען וועגען דער צוזאַמענשטעלונג פון פאַרלאַמענט, וועגען די צאַנקערייען צווישען די דייטשען און טשעכען, וועגען די אָנפאַלען פון די קלעריקאַלען אויף דעם מיניסטער פון אונטעררריכט. זיי האָבן גערעדט עפּעס מיט אַ געמאַכטער אָנגעשטרענגטקייט, ווי מען רעדט וועגען גאַנץ גלייכגילטיגע זאַכען. דאַן האָבן זיי אויפגענומען די פראַגע, צי דער מיניסטער קען נאָך בלייבען אין אַמט אָדער ניט, נאָך דער צווייפעלהאַפטער ראָל, וואָס ער האָט געשפּיעלט אין דער פראַגע וועגען ציוויל הייראַט, און ענדליך האָבן זיי אפילו ניט געוואוסט, ווער פון זיי איז געווען פאַר דעמיסיאָן און ווער נעגען. זיי זיינען געגאַנגען פאַרביי דעם בית עולם. איבער דער וואַנט האָבן זיך געהויבען צלמים און שטיינער, באַגאָסען מיט

לבנה שיין. דער וועג האָט גענומען אראָפּלאָזען זיך צום שאָסע. זיי האָבען זיך געאײלט, ניט צו פאַרזאַמען די לעצטע פערד־באַהן, און שטעהענדיג אויף דער פּלאַטפאָרם, זיינען זיי שנעל געפאָהרען אין דער נעבעלדיגער, שטיקענדיגער נאַכט צו דער שטאָדט. געאָרג האָט געזאָגט, אז ער וויל מאַכען דעם ערשטען טייל פון זיין רייזע אויף א וועלאָסי־פּעד. איהם איז פּלוצלונג איינגעפאַלען צו פרעגען, צי היינריך וואָלט ניט מיטגעפאָהרען. היינריך האָט איינגעשטימט, און אין א פּאָר מינוט ארום האָבען זיי שוין מיט ענטוזיאַזם גערעדט וועגען דער רייזע. ביים שאַטענטויער זיינען זיי ארויסגעגאַנגען, האָבען געפונען די נאָהנטסטע קאַפע און האָבען מיט דער הילף פון ספּעציעלע קאַרטען, וואָס זיי האָבען געפונען אין א לעקסיקאָן, באַשטימט געגוי עטליכע ליניען אויפ'ן וועג. ווען זיי האָבען זיך געזעגענט, איז נאָך דער פּלאַן ניט געווען אינגאַנצען קלאָר, אָבער זיי האָבען שוין געוואוסט, אז מאָרגען וועלען זיי ארויספאָהרען און וועלען אין לאַמבאַך זיך זעצען אויף די וועלאָסיפּעדען.

געאָרג איז לאַנג אָפּגעשטאַנען ביים אָפענעם פענסטער פון שלאָף־צימער. ער האָט געקלערט וועגען אַנאַ'ן, מיט וועלכער ער וועט מאָרגען מוזען זיך זעגענען אויף עטליכע טעג, און האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי זי דרימעלט דאָרט אין דאָרף אין דער בלייכער פאַרטאָגיגער שעה. אָבער ער האָט געהאַט דאָס זאָנדערבאַרע געפיהל, ווי אָט דאָס בילד וואָלט גאָר קיין צוזאַמענהאַנג ניט געהאַט מיט זיין שיקזאַל, נאָר וואָלט געהאַט א שיכות מיט עפּעס אַן אומבאַקאַנטען, וואָס וויים נאָך אליין ניט וועגען דעם.

אין אז אין אָט דער באַשעפעניש שלאָפט נאָך טיפער און גע־היימניספולער אַן אַנדער לעבען, זיין קינד, דאָס האָט ער גאָר ניט געקענט באַגרייפען. איצט, ווען די ניכטערקייט פון מאָרגען האָט איהם כמעט פיינליך ארומגענומען, האָט די גאַנצע איבערלעבניש איהם אייסגעוויזען ווייט און אימוואַרשיינליך, ווי קיינמאָל ניט. אלץ העלער זיינען באַלויכטען געוואָרען די דעכער און טורעמס, אָבער די שטאָדט האָט נאָך אלץ ניט ערוואַכט. די לופט איז געווען אינגאַנצען אומ־באַוועגליך. פון די ביימער פון פּאַרק האָט זיך ניט דערטראָגען דער קלענסטער ווינטעל. דער לייכטסטער דופט פון די אָפּגעבליהטע בייטען. אין געאָרג איז געשטאַנען ביים פענסטער אָהן מ־ייד און אָהן פאַר־שטענדנים.

# זיבעטער קאַפּיטעל.

נעאָרג איז לאַנגזאַם אַרויפגעקומען פון דער קאַיוטע אויפ'ן דעק, איבער אַ שמאָלער, מיט אַ טעפּיך באַדעקטער טרעפּ, צווישען לאַנגע קרומע שפּיגלען. איינגעהילט אין אַ לאַנגען טונקעל־גרינעם פּעלער, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט, איז ער אַרומגעגאַנגען הין און צוריק אויפ'ן לערען דעק אונטער דעם שטערענדיגען הימעל. ביים רודער, אומבאַוועגליך ווי אַלעמאָל, איז געשטאַנען לאַבינסקי און געדרעהט דאָס ראָד און געקוקט אין אָפּענעם ים. „אַ מערקווירדיגע קאַריערע! — האָט נעאָרג אַ קלער געטאָן. — צוערשט אַ טויטער, דאַן אַ מיניסטער, דאַן אַ קליינער אינגעל מיט אַ מיה און איצט נאָר אַ רודערער. ווען ער וואָלט געוואוסט, אַז איך בין אויך פאַראַן אויפ'ן שיף, וואָלט ער מיך זיכער צוגערופען". — „היט זיך!" — האָבען הינטער געאָרג'ן נעזאָגט צוויי באַקאַנטע יונגע מיידלאַך, וואָס האָבען געוואוינט אין איין האָטעל מיט איהם. ער איז שוין אָבער געפלויגען אַראָפּ, איינגעהילט אין פּעלער, און האָט געהערט, ווי איבער זיין קאָפּ האָבען געפּאַטשט מיט די פליגלען צוויי ווייסע מעוועס. באַלד נאָכדעם איז ער שוין געזעסען אונטען אין סאַלאָן, ביי אַ טיש, וואָס איז געוועזען אַזוי לאַנג, אַז די מענשען, וואָס זיינען געזעסען ביים צווייטען עק, האָבען אויסגעוויזען גאָר קליין. עפּעס אַ הערר, וואָס איז געזעסען לעבען איהם און איז געוועזען עהנליך צום אַלטען גריל־פּאַרצער, האָט בייז באַמערקט: „אָט דאָס שיף פאַרשפּעטיגט אַלעמאָל: מיר האָבען שוין לאַנג געדאַרפט זיין אין באָסטאָן". דאָ איז אויף געאָרג'ן אָנגעפאַלען אַ גרויסער שרעק. ווייל אויב ער וועט אַראָפּגעהן און וועט ניט קענען ווייזען דריי פּאַרטיטורען אין אַ גרינעם איינבאַנד, וועט מען איהם באַשולדיגען אין היכפּאַרראַט. אָט דערפאַר טאַקי קוקט אויף איהם אַזוי דער פּרינץ, וואָס איז אומגעפאָהרען הין און צוריק אויפ'ן דעק אויף אַ וועלאָסיפּעד. און צו פאַרשטאַרקען נאָך מעהר דעם פאַרדאַכט, איז ער געזעסען ביים טיש אָהן אַ ראָק, ווען אַלע מאַנסבילען, ווי אַלעמאָל אויף שיפען, האָבען געטראָגען מונדירען פון גענעראַלען, און די דאַמען

—רויטע סאַמעטענע קליידער. „באַלד זיינען מיר אין אַמעריקאַ, — האָט געזאָגט אַ היזעריגער סטיואַרד, וואָס האָט באַרטייקט ספּאַרגע, —נאָך איין סטאַנציע. — „די איבעריגע קענען, נאַטירליך, רוהיג בלייבען אויף זייערע ערטער, — האָט געאָרג אַ קלער געטאָן, — זיי האָבען ניט וואָס צו טאָן, אָבער איך מוז גלייך שווימען אין טעאַטער”. און אין דעם גרויסען שפּיגעל אנטקעגען איהם האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט דער ברעג: אַלץ הייזער אָהן דעכער, וואָס האָבען זיך געהויבען ווי טע־ראַסען; און נאָר אויבען, אין אַ ווייסען קיאָסק מיט אַ דורכגעבראָ־כענעם קופּעל, האָט אומגעדולדיג געוואַרט דער אָרקעסטער. דער גלאָק איפּ׳ן דעק האָט גענומען קלינגען, און געאָרג מיט זיין גרינעם פּלעד און צוויי סאַקוואָיאַזשען אין די הענט האָט זיך געשלעפּט אַרויף די טרעפּ צום גאָרטען. אָבער ער איז געקומען ניט אין דעם ריכטיגען גאָרטען, דאָס איז גאָר געווען דער שטאָדט פּאַרק אין וויען. אויף אַ באַנק איז געזעסען פעליציאַן, לעבען איהם אַן אַלטע דאַמע אין אַ מאַנטילע. זי האָט צוגעלעגט די פינגער צו די ליפּען און האָט זעהר הויך אַ פייף געטאָן. און אין אַן אויסערגעוועהנליכער שטים האָט פעליציאַן גע־זאָגט: קעמעלבאַך — איבס”. — „ניין, האָט געאָרג געטראַכט, — אַזאַ וואָרט וועט פעליציאַן ניט זאָגען...” האָט אויסגעריבען די אויגען און זיך אויפגעכאַפּט.

דער צוג האָט זיך גראַד אַ ריהר געטאָן נאָך אַן אָפּשטעל. פאַר דעם פאַרמאַכטען פענסטער אין קופּע האָבען געלויכטען צוויי רויטע לאַמטערנען. דאַן האָט זיך פאַרבייגעטראָגען די שטילע שוואַרצע נאַכט. געאָרג האָט זיך פעסטער איינגעהילט אין זיין רייזע פּלעד און האָט גענומען קוקען אין לאָמפּ אויבען, וואָס איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ גרינעם פאָרהאַנג. „ווי גוט דאָס איז, — האָט ער אַ קלער געטאָן,—וואָס איך בין אַליין אין קופּע; איך האָב דאָך ווענינגסטענס פינף אָדער זעקס שעה אָפּגעשלאָפען פעסט. וואָס פאַר אַ זאָנדער־באַרער צומישטער חלום!” פריהער פון אַלץ האָט ער זיך דערמאָנט אָן די ווייסע מעווען. וואָס האָבען זיי געזאָלט באַדייטען? דאַן האָט ער אַ קלער געטאָן וועגען דער אַלטער אין דער מאַנטילע, וואָס איז איי־גענטליך ניט געווען קיין אַנדערע ווי פרוי אָבערבערגער. אָט וואָלט זי דאָס געוועזן געשמייכעלט. אָבער זי האָט דאָך ווירקליך אויסגעזעהן ווי אַן אַלטע, ווען ער האָט זי געזעהן מיט אַ פּאָר טעג צוריק אין דער

לאָזשע פון קליינעם ווייס־רויטען קאַזינאָ טעאַטער ביי רער זייט פון איהר גלענצענדען מאַן. און לאַבינסקי'ן האָט ער אויך געזעהן ווי אַ רו־דערער אין חלום, — ווי זאָנדערבאר! איהם אָבער האָבען זיך אויך גע'חלומ'ט די מיידלאך אין די בלויע קליידער, וואָס פלעגען אריינ־קוקען פון פארק אין פענסטער פון גאסט־צימער, ווען זיי פלעגען איהם הערען שפּיעלען. וואָס האָט איהם אָבער אַזוי געשראָקען אין דעם חלום? ניט די בלויע מיידלאך, ניט אפילו לאַבינסקי און ניט דער פרינץ פון גוואסטאלא, וואָס איז אויפ'ן וועלאָסיפּעד געפאָהרען איבער'ן דעק. ניין. געשרעקט האָט זיין אייגענע געשטאלט, ווען ער האָט גע־זעהן די טויזענדארטיגע אָפּשפּיגלונגען אין די קרומע שפּיגלען אויף ביידע זייטען.

ער האָט גענומען ציטערען פון קעלט. דורך דעם לופטשפּאַלט אויבען איז אריינגעקומען אין קופּע די קיהלע נאכט־לופט. די טיפע פינסטער־נייש דרויסען האָט זיך ביסלעכווייז פארוואנדעלט אין אַ גרויע האלב טונקעלקייט, און פּלוצלונג האָבען אין געאָרג'ס אויערען אָפּגע־קלונגען די ווערטער, וואָס די נידריגע פרויען שטים האָט מיט עטליכע שעה צוריק ארויסגערעדט; זיי האָבען ווידער געקלונגען שטיל און טרויעריג: „ווי שנעל דו וועסט מיך פארגעסען!...“ ער האָט ניט געוואָלט הערען די ווערטער, אָדער האָט געוואָלט, זיי זאָלען שוין ווערען אַ ווירקליכקייט; אין פארצווייפלונג האָט ער זיך גענומען אָנגע־שטרענגט דערמאָנען די איינצעלהייטען פון חלום. ווייזט אויס, דאָס שיף, אויף וועלכען ער האָט געמאכט זיין קאָנצערט רייזע אין אמעריקא, איז געווען דאָסזעלבע, וואָס האָט געפיהרט עגידיוס'ן צו זיין פינסטערען שיקזאל. און דער קיאָסק מיט דעם אָרקעסטער איז דער זאַל, וואו דער טויט האָט געוואַרט אויף עגידיוס'ן. ווי שעהן דער שטערענדיגער הימעל האָט זיך געשפּרייט איבער'ן ים! די לופט איז געווען אַזוי בלוי, די שטערען אַזעלכע זילבערנע, ווי ער האָט זיי נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אויפ'ן וואהר, אפילו אין דער נאכט, ווען ער איז געפאָהרען מיט גרייס פון פּאַלערמאָ אין נעאפּאָל. און ווידער האָט זיך פּלוצלונג אין דער פינסטער דערהערט די שטים פון דער געליעבטער פרוי: „ווי שנעל דו וועסט מיך פארגעסען!...“ און פּלוצלונג האָט ער זי דערזעהן אַזאַ, ווי ער האָט זי געזעהן מיט עטליכע שעה צוריק, מיט טונקעלע האָר, וואָס האָבען זיך שאוואָרפען איבער'ן קישען אַ בלייכע און ענטבלויזטע.

ער האָט וועגן דעם ניט געוואָלט קלערען, האָט ארויסגערופען פון די טיפען פון זיין זכרון אנדערע בילדער און האָט זיך געמיהט אָפּצושטעלען אויף יעדערען פון זיי זיין אויפמערקזאמקייט. ער האָט געזעהן, ווי ער געהט מיט גרייס אויפ'ן בית עולם איבער דעם צוגעהענגרען פעברואר שניי; האָט געזעהן, ווי ער טראָגט זיך מיט מאריאנא'ן ווינטער אין וואלד איבער דעם פארשנייטען וועג; ער האָט זיך געזעהן מיט'ן פאָטער אויף רינגשטראָסע שפּעט אין אָווענט; און ענדליך האָט זיך מיט א פייפעריי געדרעהט פאר איהם א קארוסעל, זיסי מיט שמייכלענדע ליפען און אויגען האָט זיך געשאָקעלט אויף א הילצערנעם ברוינעם פערד, עס'זא איז ווי א דאמע פון דער הויכער געזעלשאפט גראציעז געזעסען אין א רויטען וויעגעלע, און אנא האָט געריטען אויף אַן אראבער פערד, מיד אָפּלאָזענדיג די לייצעס. אנא! ווי יונג און גראציעז זי איז דאַן געווען! איז דאָס דען געווען דיזעלביגע פרוי, וואָס ער וועט דערזעהן אין עטליכע שעה ארום, און זיינען דען אינגאנצען פארגאנגען נאָר צעהן טעג, זינט זיי האָבען זיך געזעגענט? וועט ער דען ווידער דערזעהן אלץ, וואָס ער האָט איבערגעלאָזען מיט צעהן טעג צוריק: דעם קליינעם בלויען לייטענעם מלאך'ל צווישען די בייטען, דעם באלקאָן מיט דעם הילצערנעם פראָנטאָן, דעם שטילען גאָרטען מיט די בוימלאך פון פלידער און ווינפערלאך? דאָס האָט איהם אייסגעוויזען ווי אומבאגרייפליך. „זי וועט אויף מיר ווארטען אויף דער ווייסער באנק, אונטער דעם בארענבוים, — האָט ער געקלערט. — און איך וועל קושען איהרע הענט, ווי קיין זאך וואָלט ניט געשעהן. „וואָס מאכסטו, געאָרג? — וועט זי מיך פרעגען, — ביזט מיר ניט געווען אומטריי?" ניין, זי וועט דאָס ניט פרעגען. זי שטעלט קיינמאָל ניט אזעלכע פראגען. אָבער אָהן פראגען און אָהן ענטפערען וועט זי דערפיהלען, אז איך בין געקומען צוריק ניט דער, וואָס איך בין אוועקגעפאָהרען. ווען זי וואָלט דאָס אליין דערפיהלט! ווען איך וואָלט ניט געדארפט זאָגען איהר ליגען!" און ער האָט זיך דערמאָנט אָן די בריף, וואָס ער האָט איהר געשיקט פון לאנדזעע, בריף, וואָס זיינען געווען פול מיט צערטליכקייט און בענקשאפט; אָט די בריף זיינען געווען ליגען. און ער האָט געקלערט וועגען דעם, ווי מיט א קלאפענדיגען הארצען, צולעגענדיג דעם אויער צו דער טיר, האָט ער געווארט, ביז אלץ אין האָטעל וועט ווערען שטיל, ווי ער האָט זיך

גע'גנב'עט איבער'ן קאָרידאָר צו יענער, דער אנדערער, וואָס איז גע־
לעגען אַ בלייכע און ענטבלויזטע מיט אָפענע טונקעלע אויגען, ארומ־
געוועהט מיט די דופטען און דעם בלויליכען גלאַנץ פון איהרע האָר.
ער האָט זיך דערמאָנט, ווי איינמאָל ביינאַכט, ווי באַרוישט פון לוסט
און געוואַגטקייט, זיינען ער און זי אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן באַלקאָן,
אונטער וועלכען דאָס וואַסער האָט פאַרפיהרעריש גערוישט. ווען
אויפ'ן לאַנדזעע וואָלט ווער געווען אין יענער פינסטערער שעה, וואָלט
ער געזעהן, ווי ווייסע קערפּערס לויכטען אין דער נאַכט. געאָרג האָט
ביי דער עראינערונג אַ ציטער געטאָן. „מיר זיינען דאָן מישוגע גע־
וואָרען, — האָט ער אַ קלער געטאָן. — ווי לייכט וואָלט דאָס געקענט
געשעהן, אַז איך זאָל איצט ליגען זעקס פוס אונטער דער ערד מיט אַ
קויל אין האַרצען. אָבער די געפאַהר איז נאָך ניט פאַראיבער. אַלע
ווייסען דאָך. פריהער פון אַלין האָט זיך דערוואוסט עלזאַ, כאָטש זי
איז פון אוהאַף קיינמאָל ניט אַרונטערגעקומען אין דאָרף. איהר האָט
געוויס דערצעהלט דזשיימס וויינער, וואָס האָט מיך געזעהן אין אָווענט
מיט דער אומבאַקאַנטער אויפ'ן בריק. וועט עלזאַ הייראַטען מיט
איהם? איך פאַרשטעה, אַז ער געפעלט איהר, ער איז שעהן. דאָס
אָפּגעטאָקט געזיכט, די קאַלטע גרויע אויגען, וואָס קוקען אַזוי קלוג
און פעסט אויף די וועלט, — אַ יונגער ענגלענדער. און ווען ער
וואָלט געוואוינט אין וויען, וואָלט פון איהם אפשר אַרויסגעקומען אַן
אָסקאַר עהרענבערג." און געאָרג האָט זיך דערמאָנט, וואָס עלזאַ
האָט איהם דערצעהלט וועגען ברודער. אין סאַנאַטאָריום האָט ער
געאָרג'ן אויסגעוויזען אַזוי רוהיג, גייסטיג רייף. און איצט אין
אַסטענדע האָט ער, ווי מען האָט דערצעהלט, געפיהרט אַ צולאָזען
לעבען, געשפּיעלט און פאַרקערט אין דער ערגסטער געזעלשאַפט, ווי
ער וואָלט באַשלאָסען אינגאַנצען זיך אומצוברענגען. ווייזט דען הײנ־
ריכ'ן נאָך אַלין אויס, אַז די געשיכטע איז טראַגיקאָמיש? פרוי עהרענ־
בערג איז אינגאַנצען גרוי געוואָרען פון צרות, און עלזאַ האָט איינמאָל
אין דער פריה אין פאַרק ביטער געוויינט פאַר געאָרג'ן. האָט זי גע־
וויינט נאָר צוליעב אָסקאַר'ן?

הינטער'ן פענסטער פון קופּע איז ביסלעכווייז טאָג געוואָרען.
געאָרג האָט געזעהן, ווי עס האָבען זיך געטראָגען און צוזאַמענגעפלאָכ־
טען אין איילענדיגע וועלען די טעלעגראַף דראָטען, און האָט אַ קלער

געטאָן וועגן דעם, אַז נעכטען בייטאָג זיינען איבער איין דראָט אַזוי געפלויגען זיינע פאַלשע ווערטער: „איך קום מאָרגען אין דער פריה; איך בענק נאָך דיר; דיין געאָרג...“ פון דער טעלעגראַף סטאַציאָן איז ער באַלד אַוועקגעגאַנגען צו דער פייערדיגער לעצטער אבשידס שעה מיט יענער אנדערער. און ער האָט איצט ניט געקענט זיך פאָר־שטעלען, אַז זי איז נאָך אַלץ געלעגען אין אָט דער שעה אין דעמזעלבען צימער מיט די פאַרמאַכטע לאָדען, געשלאָפען און געזעהן חלומות, אין דער צייט, ווען ער איז שוין אַ גאַנצע אייביגקייט געווען צושיידט מיט איהר. און היינט אָוועגט וועט זי זיין אין דער היים, ביי מאַן און קינדער, אַזוי דער היים — ווי ער אַליין. ער האָט געוואוסט, אַז אַזוי וועט זיין, און האָט דאָס ניט געקענט פאַרשטעהן. צום ערשטען מאָל אין לעבען איז ער געווען נאָהנט פון אָפּטאָן אַ זאַך, וואָס מענשען וואָלטען אָנגערופען משוגעת. נאָר איין וואָרט פון איהר, און ער וואָלט מיט איהר אַוועקגעגאַנגען, וואָלט אַלץ געוואָרפען, פריינד, די געליעבטע, זיין ניט געבאָרען קינד. ער איז איצט אויך גרייט געווען דאָס צו טאָן. און ווען ער וואָלט אַזוי געטאָן, וואָלט ער דען ניט געווען גערעכט? איז ער דען ניט געווען מעהר באַשאַפען פאַר אַזעלכע אַוואַנטורען, ווי פאַר אַ פריעדליכען פאַמיליען לעבען מיט שווערע פליכטען, וואָס ער האָט פאַר זיך אַליין אויסגעקליבען? איז עס דען ניט געווען זיכער זיין באַשטימונג צו לויפען איבער דער וועלט אומ־באַרעכנט און געוואַגט, ווי צו זיצען פעסט ערגעץ אויף אַן אָרט מיט ווייב און קינד, מיט דער זאָרג וועגען טעגליכען ברויט, וועגען אַ קאַ־ריערע, און העכסטענס וועגען אביסעל רוהם? אין אָט די טעג, נאָך וועלכע ער האָט זיך איצט אומגעקערט אַהיים, האָט ער געפיהלט, אפשר צום ערשטען מאָל, אַז ער לעבט. יעדער אויגענבליק איז געווען אַזוי רייך און פול, ניט נאָר ווען ער איז געווען אין איהרע אָרעמס. ער איז מיט אַמאָל ווידער יונג געוואָרען. די נאַטור האָט זיך רייכער צו־בליהט, דער הימעל האָט זיך ברייטער צושפּרייט, די לופט, וואָס ער האָט באַרוישט איינגעאָטעמט, איז געווען געווירצטער און קרעפטיגער. מעלאָדיען האָבען אין איהם געקלונגען מיט מעהר קראַפט. האָט ער ווען קאָמפּאָנירט אַ שענערע ליעד, ווי יענע פרעהליך פאַרוויגענדע באַרקאַראָלאַ אָהן ווערטער? אין געהיימניספול פון אומבאַקאַנטע טיפען איז פלוצלונג אַרויפגעקומען אָט די מעלאָדיע אויפ'ן ברעג פון

לאנדוינג, אין א שעה ארום נאכדעם, ווי ער האט צום ערשטען מאל דערזעהן אט די וואונדערליכע פרוי. איצט ווערט איהם שוין האפראט ווילט מעהר ניט האלטען פאר א דילעטאנט. פארוואס אבער האט ער א קלער געטאן גראד וועגען איהם? האבען דען איהם אנדערע פארשטאנען בעסער? האט דען איהם ניט אויסגעוויזען אמאל, אז אפילו היינריך, וואס האט פאר איהם געוואלט שרייבען א טעקסט פאר אן אפערא, איז אויך געווען צו איהם אומגערעכט? און ער האט זיך דערמאנט די ווערטער, וואס היינריך האט איהם געזאגט, ווען זיי זיינען אין דער פריה נעפאהרען איבער דעם באטויטען וואלד פון לאמבאך אין גמונדען: „איהר דארפט גאר ניט שאפען, צו זיין דאס, וואס איהר זייט! איהר דארפט ניט די ארבייט; נאר די אטמאספער פון אייער קונסט...“ און נאכדעם האט ער זיך דערמאנט אן אוועגט אין וואלד־הויז אין אלימזועע, וואו א דריי און זיבעציג יאהריגער יעגער האט געזונגען לוסטיגע ליעדלאך, און היינריך האט זיך געוואונדערט, ווי מען קען זיין פרעהליך אין אזא עלטער, ווען א מענש דארף זיך שוין פיהלען אויפ'ן שוועל פון קבר. דאן האבען זיי זיך געלעגט שלאפען אין א גרויסען זאל, וואו יעדעס ווארט האט הויך אפגעקלונגען, האבען נאך לאנג פילאסאפירט וועגען לעבען און טויט און זיינען פלוצלונג איינגע־שלאפען. אין דער פריה, אונטער דער קיהלער זון פון די בערג, האבען זיי זיך געזעגענט.

געארג איז נאך אלץ געלעגען, אומבאוועגליך אויסגעשטרעקט, און האט געקלערט, צי ער זאל עפעס דערצעהלען היינריכ'ן וועגען זיין באַ־געגנים מיט דער אקטריסע. ווי זי איז דאס בלייך געווארען, ווען זי האט איהם פלוצלונג דערזעהן! זי האט מיט א וואנדערענדען בליק אויסגעהערט זיין ערצעהלונג וועגען זיין רייזע איפ'ן וועלאסיפעד צו־זאמען מיט היינריכ'ן; דאן, אהן קיין שום איבערגאנג, האט זי גענומען דערצעהלען וועגען איהר מוטער און וועגען דעם קליינעם ברודער, וואס צייכענט אזוי גוט. און די קאלעגען האבען די גאנצע צייט ארויסגע־קוקט פון דער טיר פון ביהנע, באזונדערס איינער אין א יעגערישען הוט. אין דעמזעלבען אוועגט האט געארג זי געזעהן אויף דער ביהנע אין א פראנצויזישען פארס און האט געהערט, אז אט די שעהנע פרוי, וואס האט זיך אזוי אומגעצוואונגען נעדרעהט איבער דער ביהנע פון דעם קליינעם זומער טעאטער, האט דיים געקענט פיהלען אזא מיטן היי־

צווייפלונג, ווי היינדיק האָט זיך איינגערעדט. ניט נאָר איהם, נאָר אויך דזשיימס'ן און זיסי'ן איז זי זעהר נעפעלען. וואָס פאַר א פרעה־ליכער אָוועגט דאָס איז געווען! ווי אנגענעם דאָס אָוועגטברויט נאָכ'ן שפּיעלען איז געווען מיט דזשיימס'ן, זיסי'ן און פרוי וויינער און ווילי אייסלער! און אויף מאָרגען פריה דאָס פאָהרען אין דעם פּיער־גע־שפּאַנטען עקיפּאַזש פון באַראָן לעווענשטיין, וואָס איז אליין געווען קוטשער! ווענינער ווי אין א שעה זיינען זיי שוין געווען ביים לאַנד־זעע. דאָס שיפעל האָט זיך געטראָגען אין דער לענג פון ברעג אין שיין פון דער מאָרגען זון, און ביים רודער איז געזעסען די, וועמען ער האָט געליעבט, מיט א גרינעם, זיידענעם שאַל אויף די אַקסלען. ווי אזוי איז דאָס געשעהן, אז אויך זיסי האָט גלייך דערפיהלט די באַציהונג צווישען זיי? און דאַן דער פרעהליכער דינער אויבען אין אוהאַף ביי די עהרענבערגס! געאָרג איז געזעסען צווישען עלזאַ'ן און זיסי'ן, און ווילי האָט אומאויפהערליך דערצעהלט אַנעקדאָטען. און דאַן, ניט צוינופרעדענדיג זיך, נאָכ'ן מיטאָג, ווען די איבריגע האָבען גערוהט, האָבען געאָרג און זיסי זיך באַגעגענט אין פּאַרק, אין וואַרימען דופט פון מאָך און טאַנענבוימער, און האָבען דאָרט פאַרבראַכט א וואונדער־ליכע שעה, וואָס איז פאַרשוואונדען לייכט ווי א טרוים, אָהן טרייהייטס שבועות און דעם שרעק פון באַפרידיגונג. „ווי איך וואָלט דאָס גע־וואָלט אויגענבליק פאַר אויגענבליק דערמאָנען און ווידער דורכפיהלען דעם גאָלדענעם טאָג. איך זעה אונז ביידען, זיסי'ן און זיך, ווי מיר נעהען געאָרעמט צום טענים פלאַץ איבער דער לאָנקע. מיר דוכט, איך האָב אפילו געשפּיעלט דאַן בעסער, ווי ווען עס איז פריהער. און איך זעה ווידער זיסי'ן, ווי זי ליגט אין שטרויענעם שטול מיט א ציגאַ־רעט צווישען די ליפּען, און דעם אַלטען באַראָן לעווענשטיין לעבען איהר; און איהרע בליקען טראָגען זיך פייערדיג צו ווילי'ן. אין יענער מינוט האָב איך שוין פאַר איהר ניט עקזיסטירט. און דער אָוועגט! ווען נאָכ'ן זון אונטערגאַנג זיינען מיר מיט דזשיימס'ן און ווילי אייס־לער'ן ארויסגעקומען אויפ'ן לאַנדזעע, ווי דאָס וואַרימע וואַסער האָט אונז געצערטעלט. וואָס פאַר א גליק. און דאַן די נאַכט... די נאַכט...“

דער צוג האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט. עס איז שוין געוואָרען גאַנץ ליכטיג, אָבער געאָרג איז געבליבען ליגען אומבאַוועגליך. ער

האָט געהערט, ווי מען האָט אויסגעשריען דעם נאָמען פון דער סטאַ־
ציאָן, האָט געהערט די שטימען פון די לאָקעיען, קאָנדוקטאָרען, פּאַסאַ־
זשירען, האָט געהערט די טריט אויף דער פּלאַטפאָרם, אַלערליי סיג־
נאַלען, און האָט געוואוסט, אַז אין אַ שעה ארום וועט ער זיין אין
וויען.

ווען אנא זאָל זיך דערוויסען אַלץ, ווי היינריך האָט זיך פאָרינגען
ווינטער דערוואוסט ווענען זיין געליעבטער! ער האָט זיך ניט געקענט
פאָרשטעלען, אַז אנאַ זאָל איבער דעם ווערען פארצווייפעלט, אפילו
ווען זי זאָל אַלץ גלויבען. זי וועט אפשר וויינען, אָבער געוויס שטי־
לערהייט, פאַר זיך אַליין. ער האָט פּעסט באַשלאָסען ניט אויפצו־
וועקען אין איהר דעם מינדסטען פאַרדאַכט. דאָס איז דאָך אפילו
זיין פליכט. וואָס איז איצט וויכטיגער פאַר אַלץ? נאָר דאָס, אַז
אנא זאָל פאַרברענגען די לעצטע וואָכען רוהיג, אָהן אויפרעגונג, און
אויף דער וועלט זאָל געבאָרען ווערען אַ געזונט קינד. נאָר דאָס. דאָס
האָט איהם שוין לאַנג געזאָגט דאָקטאָר שטאובער... ווי נאָהנט די
שעה איז געוועז! „אַ קינד..."—האָט ער ווידער געקלערט,—אָבער
אויסער אָט דעם וואָרט האָט ער ווענען קיין זאַך ניט געקענט קלערען.
ער האָט ענדליך געפּרואווט זיך פאָרשטעלען אַ לעבעדינגע קליינע באַ־
שעפעניש. אָבער ווי אַ שפּאָט איבער איהם, האָבען זיך איהם פאָר־
געשטעלט אַלץ קליינע קינדער, וואָס זיינען ווי פון אַ בילדערבוך
ארויסגענומען,—געצייכענט בורלעסק און אין צו שרייענדיגע פאַרבען.
„וואו וועט עס פאַרברענגען זיינע ערשטע יאָהרען? — האָט ער אַ
קלער געטאָן. — ביי בויערען אויפ'ן לאַנד, אין אַ הויז מיט אַ קליינעם
גאָרטען. אָבער איין שעהנעם טאָג וועלען מיר נאָך איהם קומען און
נעמען עס צו זיך אין הויז. אנדערש קען דאָך ניט זיין... קומט אָן
אַ בריף: „אייער הויכוואוילגעבאָרען", איך האָב די עהרע מיטצוטיילען,
אַז דאָס קינד איז ערנסט קראַנק..." אדער אפילו... צו וואָס קלערען
ווענען אַזעלכע זאכען? ווען מיר לאָזען עס אפילו איבער ביי זיך,
וואָלט עס דאָך אויך געקענט קראַנק ווערען און שטאַרבען. יעדענפאַלס
דאַרף מען עס אָפּגעבען צו זעהר פאַרלעסליכע מענשען. איך וועל
דאָס אַליין באַזאָרגען".

איהם האָט אויסגעוויזען, ווי פאַר איהם וואָלטען אויפגעשטאַנען
נייע אויפגאַבען, צו וועלכע ער איז אינערליך ניט דערוואַקסען. די

גאַנצע געשיכטע האָט זיך פאַר איהם ווי פון דאָס ניי אַנגעהויבען. ער האָט זיך אומגעקערט פון א וועלט, וואו ער האָט וועגען די אַלע זאַכען ניט געדאַרפט קלערען, וואו אַנדערע געזעצען האָבען געווירקט, ניט די, וועלכע ער האָט איצט געמוזט פאָלגען. און עס האָט אויסגעוויזען, ווי אַלע אנדערע וואָלטען אויך דערפיהלט, אז ער איז ניט אזוי ווי זיי; ווי זיי אַלע וואָלטען דורכגעדרונגען געוואָרען פון א געפיהל פון אכטונג, פון עהרפורכט פאַר דער מאַכט און הייליגקייט פון א גרויסער ליידענשאַפט, וואָס זיי האָבען דערפיהלט לעבען זיך. ער האָט זיך דערמאָנט אָן איין אָוועגט, ווען די געסט פון האָטעל זיינען איינער נאָכ'ן אנדערען פאַרשוואונדען פון קלאַווירצימער, ווי זיי וואָלטען געהאַלטען פאַר זייער פליכט צו לאָזען איהם אַליין מיט איהר. ער האָט זיך געזעצט צום קלאַוויר און גענומען פאַנטאַזירען. זי איז געבליבען זיצען אין א גרויסען פאָטעל אין האַלב טונקעלען ווינקעל. צוערשט האָט ער נאָך געזעהן איהר שמייכעל, דאַן נאָר דעם טונקעלען גלאַנץ פון איהרע אויגען, דאַן נאָר די קאָנטורען פון איהר פיגור און דאַן האָט ער בכלל ניט געזעהן מעהר גאָרניט. אָבער די גאַנצע צייט האָט ער געוואוסט, אז זי איז דאָ. אויפ'ן אנדערען ברעג האָבען אויפגעשיינט פייערלאַך. צוויי מיידלאַך אין בלויע קליידער האָבען אריינגעקוקט אין פענסטער און זיינען באַלד ווידער פאַרשוואונדען. ער האָט ענדליך אויפגעהערט שפּיעלען און איז שווייגענדיג געזעסען ביים קלאַוויר. דאַן איז זי לאַנגזאַם, ווי א שאָטען, ארויס פון איהר ווינקעל, איז צוגעקומען צו איהם און האָט געלעגט איהרע הענט איהם אויפ'ן קאָפּ. ווי אומגעוועהנליך שעהן דאָס איז געווען! און ווידער האָט זיך איהם דערמאָנט אַלץ, וואָס איז געשעהן: ווי זיי האָבען גערוהט אין שיפעל אויפ'ן לאַנדזעע, מיט אריינגעצויגענע רודערען, און ער האָט געלעגט זיין קאָפּ אין איהר שויס; ווי זיי זיינען אויפ'ן אנדערען ברעג געגאַנגען אויף דעם וואַלדיגען וועג צו דער באַנק אונטער א דעמב. דאָרט האָט ער איהר אַלץ דערצעהלט, ווי א פריינד, ניט באַהאַלטענדיג גאָרנישט. און זי האָט איהם פאַרשטאַנען אזוי, ווי קיין אַנדערע האָט איהם קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען. אפשר איז זי טאַקי די, וואָס ער האָט שוין לאַנג געזוכט, — א געליעבטע און א לעבענסבאַגלייטערין, מיט אַן ערנסטען קוק אויף די וועלט, און דאָך א געשאַפענע פאַר אַלע וואָהנזיניגקייטען, פאַר יעדען גליק. און נעכטיגער אָפּשיד... דער טונקעלער גלאַנץ פון

איהרע אויגען, דער בלויליך שוואַרצער שטראָם פון איהרע צוואַוואָרפענע האָר, דער דופּט פון איהר בלייכען, נאַקעטען לייב... איז דען מעגליך, אַז דאָס איז אויף אייביג געענדיגט און וועט קיינמאָל, קיינמאָל מעהר ניט קומען צוריק?...

אין אהנמעכטיגער בענקשאַפט האָט געאָרג געקנייטשט דעם פּלעד צווישען די פינגער און האָט פאַרמאַכט די אויגען. ער האָט ניט געקוקט אויף די צאַרטע ליניען פון די בערג, וואָס האָבען זיך פאַרביגעטראָגען אין מאָרגען שיין, און מיהענדיג זיך צו דערפיהלען די לעצטע רעשטען פון גליק, האָט ער געטרוימט וועגען דעם טונקעלען גליק פון דער אַפּשידס שעה. אָבער געגען זיין ווילען האָט איהם אַרומגענומען אַ מידקייט נאָך דער אומרוהיגער נאַכט אין צוג, און פון די בילדער, וואָס ער האָט אַליין אַרויסגערופען, איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ כאַאָס פון חלומות, איבער וועלכע ער האָט ניט געהאַט קיין מאַכט. ער איז געגאַנגען איבער'ן וועג אין אַ זאָנדערבאַרער האַלב טונקעלקייט, וואָס האָט איהם אָנגעפילט מיט אַ שטילען טרויער. וואָס איז דאָס געווען? מאָרגען? אָוונט? אָדער אַ טריבער טאָג? אָדער דער געהיימניספולער גלאַנץ פון אַ גרופּע שטערען איבער דער וועלט, וואָס האָט נאָך קיינעם אויכער איהם ניט געלויכט? פּלוצלונג האָט ער זיך דערזעהן אויף אַ גרויסער לאָנקע, איבער וועלכער היינריך בערמאַן איז אויפגערעגט אומגעלאָפען, פרעגענדיג: „איהר זוכט אויך דער דאַמעס שלאָס? איך וואַרט שוין לאַנג אויף איך." זיי האָבען זיך אויפגעהויבען אויף אַ געדרעהטער טרעפּ. געאָרג האָט נאָר געזעהן אַ ברעג פון מאַנטעל, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך היינריכ'ן, וועלכער איז געגאַנגען פאָראויס. אויבען, אויף אַ ריזיגער טעראַסע, פון וואַנען מען האָט געזעהן די שטאָדט און דאָס לאַנדזעע, איז אַ גאַנצע געזעלשאַפט געווען פאַרזאַמעלט. לעאָ האָט אָנגעהויבען זיין פאָרטראַג איבער מאָל־אַקאָרדען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווען געאָרג איז אַריינגעקומען, איז אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרם און האָט איהם פערזענליך צוגעפיהרט צו אַ פרייען שטול, וואָס איז געשטאַנען לעבען אַנאַ'ס שטול אין דער ערשטער רייה. אַנאַ האָט גליקליך געשמייכעלט, ווען געאָרג האָט זיך באַוויזען. זי איז געווען יונג און האָט געשטראַלט אין אַ הערליכען דעקאָלטירטען אָוונט טואַלעט. הינטער איהם איז געזעסען אַ קליינער אינגעל מיט בלאָנדע לאָקען, אין אַ מאַטראָזען

י צוג מיט זי ברייטען ווייסען קראגען, און אנא האט געזאגט: „דאס איז ער". געאָרג האָט איהר געמאכט א צייכען צו שווייגען, ווייל דאָס האָט געזאָלט בלייבען א געהיימניס. אין דערזעלבער צייט האָט לעאָ, צו אילוסטרירען זיין טעאָריע, גענומען שפּיעלען שאַפּענ'ס צים־מאל נאָקטורן, און הינטער איהם, ביים וואנט, א לאַנגער, דארער און גוטמוטיגער, איז געשטאנען אָנגעשפּארט אָן וואנט דער אַלטער בעזענדאָרפער אין א געלען מאַנטעל. אלע האָבען מיט טומעל גענומען פארלאָזען דעם קאָנצערט זאל. געאָרג האָט אנא'ן אויף די אקסלען ארויפגעוואָרפען דעם טעאטער מאַנטעל און האָט שטרענג א קוק געטאָן אויף די ארומיגע. דאַן האָט ער זיך מיט איהר אריינגעזעצט אין אַן עקיפּאזש, האָט זי געקושט, געפיהלט זיך אין דער צייט זעהר גליקליך און געקלערט: „ווען דאָס וואָלט אלעמאָל געווען אזוי!" פּלוצלונג זיינען זיי געבליבען שטעהן פאר'ן הויז אין מאַריאהילף. אויבען ביים פענסטער האָבען שוין געוואַרט א סך שילער און האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּ. אנא איז ארויסגעגאנגען, האָט מיט א שלויען אויסדרוק אויפ'ן געזיכט געזעגענט זיך מיט געאָרג'ן און איז פארשוואונדען הינטער דער טיר, וואָס האָט מיט ליאַרם זיך צוגעמאַכט הינטער איהר.

— אין צעהן מינוט ארום! — האָט ווער געזאָגט. געאָרג איז אויפגעשפּרונגען. אין טיר איז געשטאַנען דער קאָנדוקטאָר און האָט ווידערהאָלט: — אין צעהן מינוט ארום זיינען מיר אין וויען.

— א דאַנק, — האָט געזאָגט געאָרג און איז אויפגעשטאַנען מיט א נעבעל אין קאָפּ.

ער האָט געעפענט דאָס פענסטער און האָט זיך געפרעהט איבער דעם שעהנעם וועטער. פארביי איהם האָבען זיך געטראָגען געלע ווענט, וואַך ביידלאַך, קליינע גאָרטענס, טעלעגראַף סלופּען, און ענדליך האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט. אין עטליכע מינוט ארום איז געאָרג געפאָהרען אין אָן אָפענעם פיאַקער אהיים, האָט געזעהן די ארבייטער, פארקויפערינס, קאנטאָר אָנגעשטעלטע, וואָס האָבען געאיילט צו זייערע טעגליכע באַשעפטיגונגען; האָט געהערט, ווי מען האָט מיט טומעל אויפגעהויבען א ראָל לאָד; און ניט קוקענדיג אויף די זאָרגען, וואָס האָבען איהם ערוואַרט אין דער היים, און אויף די בענקשאַפט, וואָס האָט איהם געצויגען אנדערשוואו, האָט ער דאָך געפיהלט א פרייד, וואָס ער קומט ווידער אהיים. ווען ער איז אריין צו זיך אין

צימער, האָט ער זיך דערפיהלט ווי געשיצט פון אַל דאָס בייז. אַלץ האָט איהם אַזוי הארציג געגריסט, — דער אַלטער שרייב טיש, איבער־געצויגען מיט אַ גרינעם טוך, דאָס פרעס־פּאַפּיער פון מאַלאַכיט, די גלעזערנע אַש־שאַל מיט דעם איינגעב־ענטען רייטער, דער שלאַנקער לאָמפּ מיט דעם ברייטען אַבאַזשור פון מאַטען גלאָז, די בילדער פון די עלטערען אין שמאָלע ראַמען פון רויטען האָלץ, אין ווינקעל אַ רונדער מאַרמאָרנער טיש מיט אַ זילבערנעם שאַכטעל פאַר ציגאַרען, אויף דער וואַנט דער פּרינץ פון פאַלץ נאָך וואַן דיק, דער הויכער ביכערשראַנק מיט אָליווענפאַרביגע פאָרהאַנגען... און ווי גוט עס איז געוואָרען אויפ'ן הארצען פון אָט דער איינער, ליעבער, היימישער אויסזיכט איבער די שפּיצען פון די בוימער צו די טורעמס אין דעכער! פון אַלץ, וואָס ער האָט דאָ ווידער געפונען, האָט אַנטקעגען איהם ווי געשטראָמט עפּעס אַן אומבאַוואוסט גליק, און שווער איז איהם גע־וואָרען ביים געדאַנק, אַז אין עטליכע וואָכען אַרום וועט ער דאָס אַלץ מוזען פאַרלאָזען. ווי לאַנג אפשר וועט ער נאָך דאַרפען וואַרטען, ביז ער וועט ווידער האָבען זיין אייגענעם ווינקעל! ער וואָלט מיט פאַר־גניגען פאַרבראַכט עטליכע שעה אין זיין צימער, אָבער ער האָט קיין צייט ניט געהאַט. נאָך פאַרמיטאָג האָט ער געמוזט זיין ביי אַנאַ'ן.

ער האָט זיך אויסגעטאָן און האָט מיט פאַרגניגען זיך געשטעלט אונטער דעם שטראָם פון וואַרימען וואַסער אין דער ווייסער וואַנע. אום ניט איינצושלאָפען אין וואַנע, האָט ער אָנגעווענדט דעם מיטעל, וואָס ער פלעגט אָפט באַנוצען. ער איז דורכגעגאַנגען אין געדאַנק אַ פוגע פון באַך נאָטע נאָך נאָטע. „מען דאַרף מאַכען די איבונגען אויפ'ן קלאַוויר ווי געהעריג", — האָט ער אַ קלער געטאָן. און איז אפשר ניט געווען דאָס פאַרניפטיגסטע נאָך אַ יאָהר צו אַרבייטען, און ניט זוכען, נאָך מעהר, ניט אָננעמען קיין שטעל, וואָס וועט אפשר פאַלען שווער? בעסער בלייבען דאָ און אַרבייטען. בלייבען דאָ? אָבער וואו? זיי האָבען זיך דאָך שוין אָפּגעזאָגט פון דער קוואַרטיר. אויף אַ ווייל איז איהם געקומען אויפ'ן זין צו דינגען אַ קוואַרטיר אין דעם אַלטען הויז, אַנטקעגען דער גרויער קירך, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַזעלכע גליקליכע שעה'ן מיט אַנאַ'ן. דערביי האָט איהם אויסגעוויזען ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט אָן אַ לאַנג פאַרגאַנגענער געשיכטע, אַ

יוגענדליכער אוואַנטור, א פרעהליכער און אביסעל געהיימניספולער, וואָס האָט זיך שוין לאַנג געענדיגט.

אַ דערפרישטער און אין אַ גאַנץ נייעם אָנצוג, דעם ערשטען העלען, וואָס ער האָט אָנגעטאָן נאָכ'ן פּאָטערס טויט, האָט ער זיך אומגעקערט אין צימער. אויפ'ן שרייבטיש איז געלעגען אַ בריף, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען מיט דער מאָרגען פּאָסט, פון אנאַ'ן. ער האָט איבערגעלעזען. נאָר עטליכע ווערטער: „ביזט ווידער דאָ, געליעבטער! איך גריס דיך! בענק נאָך דיר. לאָז מיך ניט צו לאַנג וואַרטען. דיין אַנאַ“.

געאָרג האָט אויפגעהויבען די אויגען. ער האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס איהם האָט אַזוי גערירהרט אין דעם קורצען בריף. אנאַ'ס בריף, ביי זייער גאַנצער צערטליכקייט, זיינען אַלעמאָל געווען עפּעס איינגעהאַלטען, כמעט קאָנווענציאָנעל; אמאָל פלעגט ער זיי אין שפּאַס רופען „באַפעהלען“. אָט דער בריף אָבער איז געווען געשריבען אין אַזאַ טאָן, וואָס האָט איהם דערמאָנט דאָס ליידענשאַפטליכע מיידעל פון אמאָל, די געליעבטע, וואָס ער האָט כמעט פאַרגעסען; און אַ זאָנדערבאַרע אומרוהיגקייט האָט איהם ארומגענומען. ער איז איילענדיג אראָפּגעלאָפען פון די טרעפּ, האָט גענומען דעם ערשטען פיאַקער און איז געפאָהרען אין דאָרף. באַלד האָט ער מיט פאַרגניגען גענומען באַטראַכטען דעם אויסזעהן פון די מענשען אויף די גאַסען, וואָס זיינען איהם גאָר ניט אָנגעגאַנגען; און שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען ניט ווייט פון וואַלד, האָט איהם באַרוהיגט דער חן פון בלויען זומער טאָג. פּלוצלינג, שנעלער ווי געאָרג האָט ערוואַרט, האָט דער עקיפּאַזש זיך אָפּגעשטעלט פאַר'ן הויז. ניט ווילענדיג האָט געאָרג ווידער אַ קוק געטאָן אויבען, אויפ'ן באַלקאָן אונטער דעם פראָנטאָן. דאָרט איז געשטאַנען אַ קליין טישעל מיט אַ ווייסען טישטוך און אַ קערבעל. אך, יע, טערעזאַ האָט דאָ געוואוינט עטליכע טעג. ער האָט נאָר איצט זיך דערמאָנט וועגען דעם. טערעזאַ! ווי ווייט דאָס אַלץ איז געווען! ער איז ארויס פון עקיפּאַזש, האָט אָפּגעלאָזען דעם קוטשער און איז אריין אין פאָרגאָרטען, וואו דער בלויער מלאך איז געשטאַנען אויף אַ פּעדעסטאַל, צווישען בליהענדע ביימער. ער איז אריין אין הויז. אין דעם גרויסען מיטעלסטען צימער האָט מאַריע גראָד דאַן געגרייט צום טיש.

— די גנעדיגע פרוי איז אין גאָרטען, — האָט זי געזאָגט.

די טיר צו דער וועראַנדאַ איז געווען אָפען. די ברעטער פון דיל האָבען געסקריפּעט אונטער גינאָרג'ס פיס. דער שטיקענדער הופט פון גאָרטען האָט איהם אָנגענומען, דערזועלבינער אַלטער גאָרטען. די אַלע טעג, ווען גענאָרג איז געווען ווייט, איז ער געווען אַזוי ווי איצט. ער איז דערזועלביגער אין מאָרגען ליכט, אין שיין פון דער זון, אין די שאָטענס פון אָווענט, אין דער פינסטערניש פון נאַכט... דאָס מיט זאַמד באַשאָטענע שטעגעל האָט געפיהרט אַרויף, איבער די לאָנקע. קינדער־שטימען האָבען זיך געהערט פון יענער זייט פון די בושען, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט רויטע יאַגדעס. און דאָרט אויף דער ווייסער באַנק, אין אַ ברייטען בלויען מאָרגען קלייד, איז געזעסען אַנאַ, זעהר בלייך. יע, דאָס איז זי. איצט האָט זי איהם באַמערקט. זי האָט געוואָלט אויפשטעהן. ער האָט דאָס דערזעהן און באַמערקט אין דערזעלבער צייט, אַז איהר איז שווער אויפצוהויבען זיך. אָבער פאַר וואָס? פון אויפרעגונג? אָדער די שווערע שעה איז שוין געווען אַזוי נאָהנט? ער האָט איהר געגעבען אַ צייכען מיט דער האַנט, זי זאָל זיך ניט ריהרען פון אָרט. זי האָטווירקליך זיך צוריקגעזעצט, נאָר די הענט אויסגעשטרעקט ליכט צו איהם אַנטקעגען. איהרע אויגען האָבען געלויכטען מיט גליק. גענאָרג איז געגאַנגען זעהר שנעל, געהאַלטען זיין ווייכע גרויע הוט אין האַנט און איז באַלד צוגעקומען צו איהר.

— ענדליך! — האָט זי געזאָגט, און איהר שטים האָט אָפּגעשלונגען ווי פון דער ווייט, ווי די ווערטער פון איהר בריף היינט אין דער פריה. ער האָט גענומען איהרע הענט, האָט זיי געדריקט עפּעס אַזוי אומגעשיקט, האָט געפיהלט, ווי עפּעס קומט איהם אַרויף אין האַלז, האָט אָבער נאָך אַלץ קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידען, נאָר צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געשמייכעלט. און פּלוצלונג האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזען אויף די קניה פאַר איהר אויפ'ן זאַמד, איהרע הענט אין זיינע, זיין קאָפּ אין איהר שויס, און האָט דערפיהלט, ווי זי האָט ליכט אַרויסגעצויגען איהרע הענט און האָט זיי געלעגט איהם אויפ'ן קאָפּ; און דאַן האָט ער דערהערט ווי ער וויינט שטיל, און ווי אין אַ זיסען אומקלאָרען טרוים, האָט איהם אויסגעוויזען, ווי ער ליגט, אַ איינגעל, ביי די פיס פון זיין מוטער, און אַט דער אויגענבליק איז שוין געווען אַ ווייטע און פיינליכע עראינערונג, ווען ער האָט איהם דורכגעלעבט.

# אכטער קאַפּיטעל

פרוי גאָלאָווסקי איז אַרויסגעקומען פון הויז. געאָרג האָט זי געזעהן גענן פון דעם איבערשטען עק גאָרטען צו דער וועראַנדאַ. אויפגערעגט איז ער געגאַנגען אַנטקעגען, אָבער דערזעהענדיג איהם פון דער ווייטען, האָט זי אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ.

— נאָך ניט? — האָט געפרעגט געאָרג.

— דער פּראָפעסאָר זאָגט, — האָט געענטפערט פרוי גאָלאָווסקי, —נאָך איידער עס וועט ווערען פינסטער.

— איידער עס וועט ווערען פינסטער, — האָט געזאָגט געאָרג, און אַ קוק געטאָן אויפ׳ן זייגער. — און איצט איז ערשט דריי.

זי האָט מיט מיטגעפיהל איהם אויסגעשטרעקט די האַנט, און געאָרג האָט אַריינגעקוקט אין איהרע גוטע, אַביסעל מידע אויגען. מען האָט נאָר וואָס אָפּגערוקט די דורכזיכטיגע ווייסע פאָרהאַנגען פון אַנאַ׳ס פענסטער. דער אַלטער דאָקטאָר שטאַובער האָט זיך באַוויזען אין דער עפענונג, האָט צוגעוואָרפען געאָרג׳ן אַ פריינדליך־באַרוהי־גענדען בליק און איז ווידער פאַרשוואונדען, פאַרציהענדיג די פאָרהאַנגען. אין דעם גרויסען מיטעלסטען צימער ביים רונדען טיש איז געזעסען פרוי ראָזנער. געאָרג האָט פון דער וועראַנדאַ געזעהן נאָר די קאָנטורען פון איהר פיגור; איהר געזיכט איז אינגאַנצען געבליבען אין שאָטען. פון דעם צימער, וואו אַנאַ איז געלעגען, האָט זיך ווידער דערהערט אַ שטילער געוויין, דאַן אַ קרעכץ. געאָרג האָט אַרויפגעקוקט צום פענסטער, האָט אַ ווײַלע געוואַרט, האָט זיך דאַן אומגעקערט און איז, צום הונדערטסטען מאָל היינט, געגאַנגען צום איבערשטען עק פון גאָרטען. „זי איז שוין, ווייזט אויס, צו שוואַך צו שרייען“, — האָט ער אַ קלער געטאָן, און איהם האָט אומענדליך וועה געטאָן פאַר איהר. צוויי טעג און צוויי נעכט איז זי שוין געלעגען אין וועהען; דער דריטער טאָג איז שוין באַלד פאַרגאַנגען, און איצט דאַרף זי נאָך וואַרטען ביז אָוועגט. שוין אין אָוועגט פון ערשטען טאָג האָט דאָקטאָר שטאַובער גערופען אַ פּראָפעסאָר, וואָס איז נעכטען געווען צוויי מאָל

און איז היינט אין הויז נאָך זינט טיטאָג צייט. אין דער צייט, ווען אַנאַ האָט זיך פֿאַרגעסען אויף עטליכע מינוט, און ביי איהר בעט איז געזעסען די וואַרטערין, איז ער מיט געאָרג׳ן געגאַנגען איבער׳ן גאָרטען און האָט געפּרואווט איהם ערקלערען אַלע באַזונדערהייטען פֿון אַנאַ׳ס צושטאַנד. דערוויילל איז נאָך ניטאָ קיין גרונד צו זיין אומרוהיג, מען קען דייטליך הערען דאָס קלאַפּען פֿון דעם קינדס האַרצען. דער פּראָפעסאָר איז געווען נאָך אַ גאַנץ יונגער מענש מיט אַ לאַנגער בלאָנדער באָרד, און זיינע ווערטער זיינען געפּלאָסען מילד און באַרוהיגענד, ווי טראָפּענס פֿון אַ שמערצען שטילענדען מעדיקאַמענט. מיט דער קראַנקער האָט ער גערעדט ווי מיט אַ קינד, האָט געפיהרט זיין האַנט איבער איהרע האָר און שטערן, האָט געגלעט איהרע הענט און גערופען זי מיט צערטליכע נעמען. פֿון דער וואַרטערין האָט געאָרג זיך דערוואוסט, אַז דער יונגער אַרצט איז פּונקט אַזוי געדולדיג אין גוט ביים בעט פֿון יעדער קראַנקער. „וואָס פֿאַר אַ שווערער באַרוף!“ — האָט אַ קלער געטאָן געאָרג, וואָס האָט אין די דריי שווערע טעג זיך איינמאָל אַרויסגעריסען אויף אַ פּאָר שעה אין וויען און האָט אפילו היינט ביינאַכט, ווען אַנאַ האָט זיך געדרעהט אין שמערצען, געקאָנט אָפּשלאָפען אויבען אין דער מאַנסאַרדע רוהיג און פעסט גאַנצע זעקס שעה.

ער איז געגאַנגען אין דער לענג פֿון די אָפּגעבליהטע בוישען פֿון פּלידער, האָט אַראָפּגעריסען די בלעטער און זיי געוואָרפען צו דער ערד. אויף דער אַנדערער זייט פֿון די נידריגע בוימלאַך, אין דעם אַנדערען גאָרטען, איז געגאַנגען אַ דאַמע אין שוואַרץ־וויים געשטרייפטען מאָרגען קלייד. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף געאָרג׳ן ערנסט און מיטפיהלענד. „אַך, יע, — האָט געאָרג אַ קלער געטאָן, — זי האָט וואַרשיינליך נעהערט אַנאַ׳ס געשרייען אייערנעכטען, נעכטען און היינט“. דאָס גאַנצע דאָרף האָט דאָך געוואוסט וועגען די געשעהענישען דאָ, אויף די יונגע מיידלאַך פֿון דער געשמאַקלאָזער גאָטישער ווילאַ, פֿאַר וועלכע ער איז פֿריהער געווען אַן אינטערעסאַנטער פֿאַרפיהרער. און קאָמיש איז געווען, ווי אַ פֿרעמדער הערר מיט אַ רייטליכער שפּיצינגער באָרד, וואָס האָט געוואוינט אין דעם דריטען הויז פֿון זיי, האָט נעכטען פּלוצלונג פּיעלבאַדייטענד און מיט אכטונג זיך פֿאַרנייגט פֿאַר איהם.

„מערקווירדיג, — האָט געאָרג געקלערט, — מיט וואָס מען קען

זיך האָבען באַליעבט ביי די מענשען". נאָר פרוי ראָזנער האָט גענעבען צו פיהלען, אז אויב זי האלט ניט געאָרג'ן פאר דעם הויפט שולדיגען אין דער שווערקייט פון דעם פאל, וואלט זי איהם דאך פאר א גאנץ הארצלאָזען מענשען. ער איז פאר דעם ניט געווען בייז אויף די גוטע, פון דעם אומגליקליך געדריקטע פרוי. זי האָט דאך ניט געקענט וויסען, ווי שטארק ער האָט געליעבט אנא'ן. נאָך גאָר ניט לאנג האָט ער דאָס אליין ניט געוואוסט.

יענעם מאָרגען נאָכ'ן אנקומען, ווען נאָך א לאנגען שטילען וויינען האָט געאָרג אויפגעהייבען זיין קאָפּ פון איהרע קניה, האָט זי איהם ניט געשטעלט קיין פראגען, אָבער נאָך איהרע טרויעריג פארוואונדערטע אויגען האָט ער דערזעהן, אז זי פארדעכטיגט דעם אמת. און ער האָט געקלערט, אז ער פארשטעהט, פארוואָס זי האָט גאָרניט געפרעגט. זי האָט דאך געדארפט פיהלען, אז ער האָט איצט איינגאנצען זיך אומגעקערט צו איהר, אז גראד איצט געהערט ער איהר מעהר, ווי ווען עס איז פריהער. און ווען ער האָט איהר שפּעטער דערצעהלט וועגען דער צייט, וואָס ער האָט פארבראכט ווייט פון איהר, און צווישען די אלערליי פרויען נעמען, וואָס ער האָט פארביילויפיג דערמאָנט, האָט אומ'רחמנות'דיג אָפּגעקלונגען יענער נייער פאטאלער נאָמען, האָט זי ווי געוועהנליך, א שמייכעל געטאָן מיט לייכטען שפּאָט, אָבער פּונקט אזוי, ווי ביים דערמאָנען עלזא'ן אָדער זיסי'ן, אָדער די מיידלאך אין בלייען, וואָס האָבען אריינגעקוקט אין פענסטער, ווען ער האָט געשפּיעלט.

שוין צוויי וואָכען ווי ער האָט געוואוינט אין דער ווילא און איז געווען אין א גוטער און ערנסטער ארבייטס שטימונג. אויפ'ן טישעל, וואו טערעזא'ס געהצייג איז דאָ נאָך ניט לאנג געלעגען, האָט ער יעדען מאָרגען צולעגט פּארטיטורען, טעאָרעטישע ווערק איבער מוזיק, נאָטען פּאַפּיר, און האָט זיך באשעפטיגט מיט לעזען אויפגאבען אין הארמאָניע און קאנטראפּונקט. אָפט איז ער געלעגען אויף א לאָנקע ביים ראנד פון וואלד, האָט געלעזען א באליעבט ביך, האָט זיך צוגעהערט צו מעלאָדיען אין איהם, גליקליך פון דעם רויש פון די בוימער און פון דעם גלאנץ פון דער זון. נאָך מיטאָג, ווען אנא האָט גערוהט, האָט ער איהר פאָרגעלעזען אָדער גערעדט מיט איהר. זיי האָבען אָפט גערעדט וועגען דעם קליינעם באשעפעניש, וואָס דארף באלד קומען אויף דער

וועט, האָבען גערעדט מיט צערטליכקייט און באַזאָרגטקייט, האָבען אָבער קיינמאָל ניט דערמאָנט וועגען זייער נאָהנטער אָדער ווייטער צוקונפט. אָבער ווען ער איז געזעסען ביי איהר בעט, אָדער איז גע־גאַנגען מיט איהר געאָרעמט איבער׳ן גאָרטען, אָדער איז געזעסען לעבען איהר אויף דער ווייסער באַנק, אונטער דעם בארענבוים, וואו די ליב־טענדע שטילקייט פון א זומערדיגען נאָכמיטאָג האָט גערוהט איבער זיי, האָט ער געוואוסט, אז איצט זיינען זיי אויף אייביג פאַראייניגט, אז אפילו די צייטווייליגע צושיידונג, וואָס איז זיי פאָרגעשטאַנען, האָט ניט געהאַט קיין מאַכט אַנטקעגען דעם זיכערען געפיהל, אז זיי געהערען איינע דעם אַנדערען.

ערשט ווען די וועהען זיינען איהר אָנגעקומען, האָט איהם אויס־געוויזען, ווי זי וואָלט זיך פון איהם דערווייטערט, וואוהין ער קען איהר ניט נאָכפאָלגען. נאָך נעכטען איז ער גאַנצע שעה׳ן געזעסען ביי איהר בעט און האָט געהאַלטען איהרע הענט אין זיינע. זי איז געווען געדולדיג, ווי אַלע מאָל, האָט באַזאָרגט געפרעגט, צי אַלץ אין הויז איז אין אָרדנונג, האָט איהם געבעטען ארבייטען, געהן שפּאַצירען, ווי פריהער, ווייל ער קען דאָך איהר ניט העלפען, און האָט פאַרזיכערט, אז זי ליעבט איהם נאָך מעהר פון זינט זי ליידט. און דאָך האָט נעאָרג געפיהלט, אז אין אָט די טעג איז זי ניט געווען די פריהערדיגע. באַזונדערס ווען זי פלעגט אויסשרייען, — ווי היינט פאַר מיטאָג, אין די שרעקליכסטע שמערצען, — פלעגט איהר נשמה זיין אזוי ווייט פון איהם, אז א שרעק פלעגט איהם דורכנעמען.

ער איז ווידער צוגעקומען צום הויז. פון אנא׳ס צימער, וואו די פאָרהאַנגען אויפ׳ן פענסטער האָבען זיך לייכט באַוועגט, איז ניט גע־קומען קיין קלאַנג. דער אַלטער דאָקטאָר שטאובער איז געשטאַנען אויף דער וועראַנדאַ. מיט א טרוקענעם האַלז האָט געאָרג געאיילט צו איהם.

— וואָס איז? — האָט ער האַסטיג געפרעגט.

דאָקטאָר שטאובער האָט איהם ארויפגעלעגט די האַנט אויפ׳ן אַקסעל:

— אַלץ געהט גוט.

פון צימער איז געקומען א קרעכץ, איז געוואָרען אַלץ העכער און איז איבערגעגאַנגען אין א ווילדען וואַהנזיניגען געשריי. געאָרג האָט

געפֿיהרט די האַנט איבער'ן פּייכטען שטערן און האָט געזונט צום דאָקטאָר מיט אַ ביטערען שמייכעל:

— דאָס הייסט, אַלץ געהט גוט ?

שטאָובער האָט אַ ציה געטאָן מיט די אַקסלען :

— עס שטעהט געשריבען, מיט שמערצען זאָלסטו...

נעאָרג האָט אינערליך פּראָטעסטירט. ער האָט קיינמאָל ניט געגלויבט אין דעם גאָט פון די קינדיש־פרומע, וואָס ענטפּלעקט זיך ווי דער אויספיהרער פון די עלענדע מענשליכע וואונשען, וואָס נעמט נקמה און פארגיט די מענשען זייערע קליינליכע זינד. יענעם, וואָס מען קען ניט אָנרופען, וואָס שטעהט איבער אַלע געפיהלען און יעדען פאַר־שטאַנד, האָבען געבעטען און לעסטערונגען געקענט אויסווייזען נאָר ווי אָרימע ווערטער פון מענשליכע ליפּען. ווען זיין מוטער איז גע־שטאָרבען אין אונזיניגע שמערצען, ווען, ווייזט אויס, גאָר אָהן ליידען, איז געשטאָרבען זיין פאָטער, האָט ער זיך דאָך ניט אָפּגעזאָגט פון דער זיכערהייט, אַז אין לויף פון דער וועלט באַדייט זיין אומגליק ניט מעהר, ווי דאָס פאַלען פון אַ בלאַט. ער האָט זיך ניט געבויגען אין פייגער געהאָרזאמקייט פאַר דעם אונערפאָרשליכען שיקזאַל און האָט ניט געקלאָגט זיך נאַריש אויף דעם גרויזאַמען אורטייל, וואָס איז גראַד אויף איהם געוועזען געווענדט. היינט האָט איהם צום ערשטען מאָל אויסגעוויזען, ווי ערגעץ אין די וואָלקענס וואָלט אָנגעגאַנגען אַן אומפאַרשטענדליכער שפּיעל מיט זיינע אינטערעסען. דער געשריי איז שטיל געוואָרען און נאָר קרעכצען האָבען זיך געהערט.

— און דאָס האַרץ־קלאַפּען ? — האָט געאָרג געפֿרעגט.

דאָקטאָר שטאָובער האָט געקוקט פאַרביי געאָרג'ן.

— מיט צעהן מינוט צוריק האָט מען דאָס געקענט הערען גאַנץ דייטליך.

נעאָרג האָט אָפּגעטריבען פון זיך דעם שרעקליכען געדאַנק, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען פון דער טיף פון זיין נשמה. ער איז געזונט, זי איז געזונט, צוויי יונגע, שטאַרקע מענשען... איז דאָס מעגליך ? דאָקטאָר שטאָובער האָט איהם ווידער ארויפגעלעגט די האַנט אויפ'ן אַקסעל :

— געהט זיך דורך, מיר וועלען אייך רופען, ווען מען וועט דאַרפען.

און ער האָט זיך אָפּגעקערט.

גנעאָרג איז נאָך א ווײלע געשטאַנען אויף דער װעראַנדאַ. ער האָט געזעהן, ווי פרוי ראָזנער איז אינגאַנצען אײנגעבױגען געזעסען אויפ׳ן סאָפאַ, ביים וואַנט, אין גרויסען צימער, וואָס איז ביסלעכווייז אײנגעהילט געוואָרען אין פאַרנאַכטיגע טונקעלקייט. ער איז אװעק, האָט אביסעל געוואַנדערט ארום הויז און איז דאַן ארויף איבער דער הילצערנער טרעפּ אין מאַנסאַרדע. ער האָט זיך א וואָרף געטאָן אויפ׳ן בעט, פאַרמאַכט די אויגען; דאַן אין עטליכע מינוט ארום איז ער אויפגעשטאַנען און האָט גענומען געהן איבער׳ן צימער, אז דער דיל האָט גענומען קראַכען. ער איז ארויס אויפ׳ן באַלקאָן. אויפ׳ן טיש איז געלעגען די געעפענטע פּאַרטיטור פון „טריסטאַן„. גנעאָרג האָט א קוק געטאָן אין די נאָטען. דאָס איז געווען די אואווערטור פון דריטען אקט. אין די אויערען האָט גענומען קלינגען די מעלאָדיע. די וועלען פון ים האָבען זיך מיט א פאַרשטיקטען געריייש אָפּגעשלאָגען אָן פעלזיגען ברעג, און פון דער וױיסטער ווייט האָט זיך געטראָגען א טרויעריגע מעלאָדיע פון דעם ענגלישען האָרן. ער האָט געקוקט איבער די בלעטער אין דעם זילבער־ווייסען גלאַנץ פון טאָג. זון איז געווען אומעטום, איבער דעכער, וועגען, גאָרטענס, בערגלאַך און וועלדער. טונקעל בלוי האָט זיך צושפּרייט דער הימעל, אין דער דופּט פון שניט איז ארויפגעשטיגען פון דער טיף. „וואָס איז מיט מיר געווען פאַר־איאָהרען? — האָט גנעאָרג א קלער געטאָן. — איך בין געווען אין וויען אינגאַנצען אליין. איך האָב נאָך גאָרניט פאַרדעכטיגט. איך האָב איהר געשיקט א ראָמאַנס... „זיך אונטערגעבען דיין בליק“... אָבער איך האָב כמעט גאָרניט געקלערט וועגען איהר... און איצט ליגט זי אונטען און האַלט ביים שטאַרבען“... ער האָט זיך זעהר דער־שראָקען. ער האָט געוואָלט קלערען: זי ליגט אין וועהען, און ארויס־געריסען האָט זיך ביי איהם: זי האַלט ביים שטאַרבען. אָבער פאַר־וואָס האָט ער זיך אזוי דערשראָקען? ווי קינדריש. ווי עס וואָלטען געווען אזעלכע פאַרגעפיהלען! און אייב עס וואָלט ווירקליך געווען א געפאַהר, און די ארצטען וואָלטען געדאַרפט ענטשיידען, וואָלטען זיי נאַטירליך פריהער פון אלץ געזעהן צו רעטען די מוטער. ערשט מיט עטליכע טעג צוריק האָט ראָקטאָר שטאַובער איהם דאָס קלאָר געמאַכט. וואָס איז אזוינס דאָס קינד, וואָס האָט נאָך ניט געלעבט? גאָרנישט.

ער האָט איהם געגעבען לעבען אין א מאָמענט, ווען ער האָט גאָר ניט געוואָלט, ניט געזעהן אפילו די מעגליכקייט צו ווערען פאָטער. האָט ער דען געוואוסט, צי ער איז געוואָרען פאָטער מיט עטליכע וואָכען צוריק, אין יענער טונקעלער שעה פון גליק, הינטער די פארמאכטע טאָרען.. און אויב ער איז געוואָרען, וועט ער וועגען דעם קיינמאָל זיך ניט דערוויסען.

געאָרג האָט דערהערט שטימען און האָט זיך אומגעקוקט: דעם פראָפעסאָרס קוטשער האָט אָנגענומען די דיענסט פאר'ן ערענבויגען, און איהר ווידערשטאנד איז געווען א לייכטער. „דאָס וועט אפשר אויך פיהרען צו א נייעם מענשליכען לעבען", — האָט א קלער געטאָן געאָרג און האָט זיך אָפגעקערט מיט עקעל. דאן איז ער ווידער אריין אין צימער, האָט זאָרגפעלטיג אָנגעפילט זיין פאָרטסיגאר מיט ציגארעטען פון דעם שאַכטעל, וואָס איז געשטאנען אויפ'ן טיש, און פלוצלונג איז זיין גאנצע אויפרעגונג איהם אויסגעקומען גאָר אומבאגרינדעט און עפּעס קינדיש. ער האָט געקלערט: „אזוי ווי איצט אנא, איז אמאָל דאָך מיין מוטער געלעגען, איידער איך בין געבאָרען געוואָרען. האָט מיין פאָטער אויך אזוי זיך געשראָקען, ווי איך? וואָלט ער דאָ איצט געווען מיט מיר, ווען ער וואָלט נאָך געלעבט?" געאָרג האָט זיך דער־מאָנט די שעהנע זאָרגלאָזע טעג אויפ'ן וועלדעזער לאנדזעע. אין זיין געדאנק איז אויפגעשטאנען דער באקוועמער צימער אין פאָטערס ווילא, און עפּעס אומקלאָר, אזוי ווי אין חלום, איז די מאנסארדע מיט דעם קרעכצענדיגען דיל, וואו ער איז איצט געווען, איהם אויסגעקומען ווי א בילד פון זיין איצטיגער עקזיסטענץ אין פארגלייך מיט דעם דאמאָלסדיגען זאָרגלאָזען לעבען, פריי פון אלע פליכטען. ער האָט זיך דערמאָנט דעם ערנסטען געשפרעך, וואָס ער האָט ניט לאנג געהאט מיט פעליציאנ'ען. באלד נאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט דעם גע־שפרעך מיט א דאָרפס פרוי, וואָס האָט איהם פאָרגעשלאָגען צו נעמען זיין קינד. זי און איהר מאן האָבען געהאט א קליין גוט ניט ווייט פון אייזענבאהן, אינגאנצען א שעה רייזע פון וויען, און מיט א יאָהר צוריק איז געשטאָרבען איהר איינענע טאָכטער. דעם קינד וועט זיין ביי איהר גוט, האָט זי צוגעזאָגט, אזוי גוט, ווי ער וואָלט גאָר ניט געוועןן ביי פרעמדע. אין ווען געאָרג האָט וועגען דעם געקלערט, האָט איהם פלוצלונג אויסגעוויזען, ווי זיין הארץ וואָלט זיך אָפגעשטעלט. נאָך

איידער עס וועט טונקל ווערן, וועט זיין א קינד, זיין קינד, אויף וועלכן עפּעס א פרעמדע פרוי האָט שוין געוואָרט, צו נעמען עס מיט זיך. ער איז געווען אזוי מיד פון די אויפרעגונגען פון די לעצטע טעג, אז די קניה האָבן איהם וועה געטאָן. ער האָט זיך דערמאָנט אן עהנליכע קערפערליכע עמפּינדונגען ביי איהם פריהער, אין אָוועגט פאר דעם מאטוריטעטס עקזאמען און ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן לאבינסקי'ס זעלבסטמאָרד. אין וואָס פאר א פריידיגער האָפנונגס־פולער שטימונג ער איז דאָס געווען מיט דריי טעג צוריק, איידער אנא'ס וועהען האָבן זיך אָנגעהויבען! איצט האָט ער גאָרנישט גע־פיהלט, אויסער זיין פארלאָזענקייט, און אלץ אומאנגענעמער איז איהם געווען די שטיקענדע לופט פון דער מאנסארדע. ער האָט פאררויכערט א ציגארעט און איז ווידער ארויס אויפ'ן באלקאָן. די ווארימע שטילע לופט האָט גוט געווירקט אויף איהם. אויפ'ן וועג פון די זומערדינגע לאַנקעס האָט נאָך געשיינט די זון, און פון בית עולם, איבער דער וואנט, האָט געגלאנצט א באנולטער קרייץ.

ער האָט דערהערט א טומעל אונטען. טריט? יע, טריט און שטימען. ער איז אוועק פון באלקאָן, דורכגעגאנגען דעם צימער, אראָפּגעלאָפען די קרעכצענדע טרעפּ. עפּעס א טיר האָט זיך געעפענט, טריט האָבען זיך דערהערט אונטען, אין פאָרהויז. אין א מינוט ארום איז ער שוין געווען אויפ'ן אינטערשטען טרעפּעל, אנטקעגען פרוי גאָ־לאָווסקי. זיין הארץ האָט אויפגעהערט קלאפּען. ער האָט געעפענט דאָס מויל, ניט פרעגענדיג.

— יע, — האָט זי צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, — א אינגעל!

ער האָט אָנגענומען איהרע ביידע הענט און האָט געפיהלט, ווי זיין גאַנצע געזיכט לאכט. א מעכטיגער און הייסער שטראָם פון גליק, ווי ער האָט דאָס נאָר קיינמאָל ניט ערוואַרט, איז דורכגעלאָפען זיין נשמה. פּלוצלונג האָט ער באמערקט, אז פרוי גאלאָווסקי'ס אויגען לייכטען ניט אזוי פריידיג, ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען. דער שטראָם פון גליק האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט. אין האלז האָט איהם גענומען שטיקען.

— וואָס? — האָט ער געפרעגט. און האָט כמעט אין א דרא־הענדען טאָן צוגעגעבען: — עס לעבט?

— עס האָט געאָטעמט... דער פראָפעסאָר האָפט...

נעאָרג האָט איבערגעלאָזען די פרוי און איז מיט א פּאָר טריט נעווען אין מיטעלסטען צימער, וואו ער איז געבליבען שטעהן א צו־געשמידטער צום אָרט. דער פּראָפעסאָר, אין א לאַנגען ווייסען קיטעל האָט געהאַלטען אין די אָרעמס א קליין באַשעפעניש און האָט עס האַסטיג געוויגט הין און הער. נעאָרג האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. דער פּראָפעסאָר האָט איהם צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט ווייטער געטאָן זיין ארבייט. ער האָט מיט א דורכדרינגליכען בליק געקוקט אויף דאָס קליינע באַשעפעניש, וואָס ער האָט געהאַלטען אין די אָרעמס. ער האָט עס אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש, אויף וועלכען א לײַלאַך איז געווען פאַרשפּרייט, און האָט גענומען מאַכען שנעלע באַוועגונגען מיט דעם קינדס גלידער, האָט איהם געריבען די ברוסט און דאָס געזיכט, דאַן האָט ער עס איבערגעוואָרפען עטליכע מאָל, און נעאָרג האָט געזעהן, ווי דעם קינדס קעפּעל איז יעדעס מאָל שווער אַראָפּגעפאַלען צו דער ברוסט. דער פּראָפעסאָר איז אויפגעשטאַנען, האָט אַוועקגעלעגט איין האַנט אויף דאָס קליינע קערפּערעל און מיט דער צווייטער פריינדליך צוגערופען נעאָרג'ן.

ניט ווילענדיג איינהאַלטענדיג דעם אָטעם, איז נעאָרג צוגעקומען נאָר נאָהנט. צוערשט האָט ער א קוק געטאָן אויפ'ן דאָקטאָר, דאַן אויף דאָס קליינע באַשעפעניש, וואָס איז געלעגען אויפ'ן ווייסען לײַלאַך. דעם קינדס אויגען זיינען געווען איינגעגלאַנצט אָפען; דאָס זיינען געווען מערקווירדיג גרויסע בלויע אויגען, עהנליך צו אַנאַ'ס. דאָס געזיכט איז געווען גאָר אַנדערש, ווי נעאָרג האָט ערוואַרט, ניט צוקנייטשט און העסליך, ווי ביי אַן אַלטען צווערג, ניין; דאָס איז געווען א מענשליך געזיכט, א שעהן, שטיל קינדעריש געזיכט; אין נעאָרג האָט נעוואַוסט, אַז אָט די צוגען זיינען געווען זיינע אייגענע.

דער פּראָפעסאָר האָט שטיל געזאָגט:

— שוין א שעה, ווי איך הער ניט דאָס האַרץ קלאַפּען.

נעאָרג האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דאַן האָט ער געפרעגט אין א הייזעריגער שטים:

— וואָס איז מיט איהר?

— זעהר גוט, אָבער איז־ר דאַרפט נאָך ניט אריינקומען, הערר באַראָן.

— ניין — האָט געזאָגט נעאָרג. ער האָט געקוקט אויפ'ן בלוי־

ליכען, באַוועגלאָזען קליינעם קערפּער און האָט געוואוסט, אַז ער שטערבט פאר דעם טויטען קערפּער פון זיין קינד. דאָך האָט ער נאָכ־אַמאָל געפרעגט דעם ארצט:

— מען קען גאָרנישט טאָן?

יענער האָט אַ ציה געטאָן מיט די אַקסלען.

געאָרג האָט זיך אָפּגעזיפצט, האָט אָנגעוויזען אויף די פארמאַכטע טיר פון שלאָפצימער און געפרעגט דעם אַרצט:

— ווייס זי שוין?

— נאָך ניט. זאָלען מיר פאָרלויפיג זיין צופרידען, וואָס אַלץ איז פאַרביי. די אָרימע האָט פיעל געמוזט ליידען. אַ שאָד נאָר, וואָס דאָס אַלץ איז געווען אומזיסט.

— איהר האָט דאָס ערוואַרט, הערר פּראָפעסאָר?

— איך האָב מורא געהאַט זינט היינט אין דער פריה.

— און פאַרוואָס?... פאַרוואָס?

דער אַרצט האָט געענטפערט אין אַ שטילער, ווייכער שטים:

— דאָס איז אַ זעהר זעלטענער פאַל, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט.

— איהר האָט מיר געזאָגט?...

— יע, איך האָב געפרואווט אייך ערקלערען, אַז די מעגליכ־קייט... דאָס קינד איז דערשטיקט געוואָרען פון דער נאָפּעלשנור. ווע־ניגער פון צוויי פּראָצענט פון אַלע געבורטען ענדיגען זיך אַזוי.

ער איז אַנשוויגען געוואָרען. געאָרג האָט ווידער גענומען קוקען אויף דאָס קינד. ריכטיג, דער פּראָפעסאָר האָט איהם שוין צוגעגרייט; ער האָט דאָס אָבער ניט גענומען ערנסט. פרוי ראָזנער איז געשטאַנען לעבען איהם מיט הילפלאָזע אויגען. געאָרג האָט איהר אויסגעשטרעקט די האַנט, און זיי האָבען אַ קוק געטאָן איינע אויפ'ן אַנדערען, ווי מענשען, וועמעס געמיינשאַפטליך אומגליק האָט זיי דערנעהנטערט. דאַן האָט פרוי ראָזנער זיך אַראָפּגעלאָזען אויף אַ שטול לעבען וואַנט.

דער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט צו געאָרג'ן:

— איך וועל איצט נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אויף די מוטער.

— די מוטער, — האָט געאָרג ווידערהאָלט און איהם אָנגעקוקט.

דער אַרצט האָט אָפּגעווענדט זיין בליק.

— איהר ווילט איהר זאָגען? — האָט געפרעגט געאָרג.

— ניין, ניט איצט. איבעריגענס, זי איז צו דעם צוגעגרייט. אין פארלויף פון טאָג האָט זי עטליכע מאָל געפרעגט, צי דאָס קינד לעבט נאָך. זי וועט ניט זיין אזוי פארצווייפעלט, ווי איהר האָט מורא, הערר באראָן... גראָד די ערשטע שעה'ן און טעג. איהר דארפט ניט פאר־געסען, וואָס זי האָט איבערגעטראָגען.

ער האָט געדריקט געאָרג'ס שלאף אראָפהענגענדע האנט און איז אוועקגעגאנגען. געאָרג איז געשטאנען אומבאוועגליך און האָט גע־קוקט אויף דאָס קליינע באַשעפעניש, און עס האָט איהם אויסגעוויזען, ווי א סטאטוע פון אומגעוועהנליכער שעהנקייט. ער האָט אָנגעריהרט די באקען, אקסלען, הענט, פינגער פון קינד. ווי געהיימניספול פאר־ענדיגט דאָס אַלץ איז געווען! און אָט איז עס געלעגען טויט, ניט האָבענדיג געלעבט, באשטימט דורכצוגעהן פון איין פינסטערניש אין אַן אנדערע דורך א זינלאָזע נישטיגקייט. אָט איז דאָס קליינע ליעבע לייב, וואָס איז געווען פארטיג צום לעבען און האָט זיך דאָך ניט גע־קענט באוועגען. אָט גלאַנצען די גרויסע בלויע אויגען, ווי וועלענדיג ליידענשאפטליך ארייננעמען דאָס ליכט פון הימעל, און דאָך זיינען זיי טויט בלינד, איידער זיי האָבען געזעהן איין שטראהל. אָט איז ווי פון דורשט אָפען דאָס קליינע רונדע מיילכעל, וואָס קען שוין קיינמאָל ניט טרינקען פון דער מוטערס ברוסט. אָט ליגט אַן אומבאוועגליך, בלייך קינדערש געזיכט, מיט פארענדיגטע מענשליכע צוגען, וואָס וועט קיינ־מאָל ניט וויסען פון א פאָטערס אָדער א מוטערס קושען. ווי האָט ער געליעבט אָט דאָס קינד! ווי האָט ער עס געליעבט איצט, ווען עס איז שוין געווען צו שפעט צו ליעבען! פון פארצווייפלונג האָט איהם געגומען שטיקען אין האלז. ער האָט ניט געקענט וויינען. ער האָט זיך אומגעקוקט. קיינער איז ניט געווען אין צימער, ארום איז געווען שטיל. ארייננגעהן אהין האָט ער ניט מורא געהאט, אָבער ער האָט אויך ניט געוואָלט; ער האָט נאָר געפיהלט, אז דאָס וואָלט ניט געהאט קיין זין. זיין בליק איז ווידער געפאַלען אויף דאָס קינד, און ער האָט פלוצלונג מיט שרעק א קלער געטאָן: קען דאָס זיין אמת? האָבען דען אַלע ניט געקענט א טעות האָבען? ער האָט צוגעלעגט זיין האנט צו די אָפענע ליפען פון קינד, און איהם האָט אויסגעוויזען, ווי א קיהלער אָטעם וואָלט פון דאָרטען געוועהט. דאן האָט ער געלעגט די האנט אויף דעם קינדס ברוסט, און ווידער האָט איהם אויסגעוויזען,

ווי א לייכט וועהען וואָלט ארויסגעקומען פון דעם קליינעם קערפּערעל. אָבער ער האָט געוואוסט, אז דאָס, וואָס ער האָט ביידע מאָל געפיהלט, איז ניט געווען דער אָטעם פון לעבען. דאַן האָט ער זיך ווידער אָנגעבויגען און האָט באריהרט מיט די ליפּען דעם קינדס קאַלטען שטערן. עפּעס זאָנדערבארעס, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט, האָט איהם דורכגענומען ביז'ן מאַרך פון די ביינער. איצט האָט ער געוואוסט: אַלץ איז געענדיגט, דאָס קינד איז טויט. ער האָט לאַנגזאַם איינגעהויבען דעם קאָפּ און איז געגאַנגען צו דער טיר. דער ליכטיגער גאָרטען האָט איהם געצווינגען צו דער לופט, ער איז ארויס אויף די וועראַנדאַ און האָט דערזעהן, אז אויף דער באַנק ביים וואַנט זיינען געזעסען דאָקטאָר שטאובער און פרוי ראָזנער. זיי האָבען שווייגענדיג א קוק געטאָן אויף איהם. ער האָט זיך אָפּגעקערט פון זיי, ווי פון אומבאַקאַנטע, און איז אַרויס אין גאָרטען. דער שאָטען פון הויז איז קרום געפאַלען אויפ'ן גראָז; די זון איז נאָך געווען הויך, אָבער עס האָט אויסגעוויזען, ווי זי וואָלט געוואָלט אָהנמעכטיג דורכצודרינגען די לופט מיט איהר ליכט. אָן וואָס האָט איהם געוואָלט דערמאָנען דאָס ליכט, וואָס איז געווען זון און האָט דאָך ניט געגלאַנצט, די בלויע ווייט, וואָס איז געווען הימעל און האָט איהם ניט געבענשט? אָן וואָס האָט דערמאָנט די שטילקייט פון דעם גאָרטען, וואָס האָט געדאַרפט זיין פאַר איהם א צערטליכער טרייסט און איז היינט פאַר איהם עפּעס, וואָס איז פרעמד און אומפריינדליך? ביסלעכווייז האָט ער זיך דערמאָנט, אז ניט לאַנג אין א חלום האָט איהם ארומגערינגעלט פּונקט אזא שווערע, קיינמאָל ניט געזעהענע האַלב טונקעלקייט, וואָס האָט אָנגעפילט זיין נשמה מיט אַן אומבאַגרייפליכען טרויער. „איז וואָס?“ —האָט ער זיך געפרעגט, האָט ניט געזוכט קיין ענטפער און האָט נאָר געוואוסט, אז עפּעס איז געשעהן, וואָס מען האָט ניט געקענט פאָראויסזעהן אָדער ענדערען און וואָס האָט אויף אייביג געמוזט ענדערען פאַר איהם דעם אָנבליק פון דער וועלט. ער האָט זיך דערמאָנט דעם טאָג, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבען. א ווילדער שמערץ האָט איהם דאַן ארומגענומען; דאָך האָט ער געקענט וויינען, און די ערד איז ניט געוואָרען מיט אמאָל טונקעל און לער. זיין פאָטער האָט דאָך געלעבט, איז אמאָל געווען יונג, האָט געאַרבייט, געליעבט, געהאַט קינדער, געהאַט פריידען און ליידען. און די מוטער, וואָס האָט איהם

נעבעקוירען, האָט ניט אומזיסט געליטען. און ווען ער אליין וואָלט היינט געווען געשטארבען, ווי פריהצייטיג דאָס וואָלט ניט געווען, האָט ער דאָך געהאַט הינטער זיך אַ לעבען, פול מיט ליכט און טענער, גליק און ליידען, האָפנונג און אנגסט, פול מיט אלע ערפאהרונגען פון דער וועלט. אין ווען אנא וואָלט היינט געשטאָרבען אין דער שעה, ווען זי האָט גע־באָרען אַ נייַ באַשעפעניש, וואָלט זי אויך ערפילט איהר שיקזאל, און איהר סוף וואָלט געהאַט זיין שרעקליכען, אָבער טיפען זין. אָבער דאָס, וואָס איז געשעהן מיט זיין קינד, איז געווען אונזיניג, העסליך, אַ שפּאָט פון ערגעץ וואו, וואו עס איז ניט מעגליך קיין פראגע און קיין ענטפער. צו וואָס, צו וואָס איז דאָס אלץ? וואָס פאר אַ זין איז געווען אין די אלע פּאָריגע מאָנאַטען, מיט אלע זייערע טרוימען, זאָרגען און האָפנונגען? איצט האָט ער פלוצלונג פארשטאַנען, אַז די ערוואַרטונג פון דער וואונדערליכער שעה, ווען דאָס קינד האָט געדאַרפט געבאָרען ווערען, האָט די גאַנצע צייט געלעבט טיף אין זיין נשמה אפילו אין די נישטיגסטע, לערסטע און לייכטזיניגסטע טעג; און ער האָט זיך געפיהלט פאַרשעמט, פאַראָרימט, עלענד.

ער איז געשטאַנען אויבען ביים צוים פון גאָרטען און האָט גע־קוקט צום ראַנד פון וואַלד, אין דער ריכטונג פון זיין באַנק, אויף וועל־כער ער האָט פריהער אָפט גערוהט. און איהם האָט אויסגעוויזען, ווי די באַנק, און דער טאָל, און דער וואַלד וואָלטען פריהער געווען זיין איינענטים, און איצט דארף ער זיך צושיידען מיט די אלע זאַכען, און מיט פיעלע אַנדערע. אין ווינקעל פון גאָרטען איז געשטאַנען אַ טונקעל גרוי, פאַרנאַכלעסיגט ביידעל, מיט דריי קליינע עפנונגען אין אַ שמאָלער מיר. ער האָט עס קיינמאָל ניט געליעבט און איז נאָר איינמאָל אריינ־געגאַנגען אויף עטליכע מינוט. היינט האָט איהם געצויגען אהין. ער האָט זיך געזעצט אויף די צובראָכענע באַנק און האָט זיך פלוצלונג דערפיהלט באַשיצט און באַרוהיגט, ווי אלץ, וואָס איז געשעהן, וואָלט אין אַן אומבאַגרייפליכער אָרט ניט געווען אינגאַנצען וואהר אָדער וואָלט געקענט ווערען אַנדערש. באַלד אָבער איז אויך די אילוזיאָן פאַרשוואונדען: ער האָט פאַרלאָזען דעם אומהיימליכען אָרט און איז ארוים אויף דער פרייער ליפט. „מען דאַרף איצט, נאַטירליך, זיך אומקערען אַהיים“, — האָט ער מיד אַ קלער געטאָן און האָט ניט גע־קענט באַגרייפען, אַז הינטער דער וועראַנדאַ, אין דעם טונקעלען

צימער, וואָס האָט פון דאַנען אויסגעוויזן ווי אָנגעפילט מיט אומ־דורכדרינגלעכער פינסטערניש, איז געלעגן דער טויטער קערפּער פון זיין קינד. ער איז דאַנקבאַר געגאַנגען אַהין. אויף דער וועראַנדע איז געשטאַנען אַנאַ'ס מוטער מיט עפּעס אַ העדר. געאָרג האָט דערקענט דעם אַלטען ראָזנער'ן. ער איז דאָרט געשטאַנען אין מאַנטעל, זיין הוט אויפ'ן טיש, האָט געפיהרט מיט אַ טאַשענטיכעל איבער'ן שטערן, און די דעקלאַך פון זיינע מיט בלוט פאַרלאָפענע אויגען האָבען גע־ציטערט. ער איז געגאַנגען געאָרג'ן אַנטקעגען און האָט איהם גע־דריקט די האַנט.

— ליידער איז ארויסגעקומען אַנדערש, ווי אַלע האָבען געהאָפט און געוואַרט, — האָט ער געזאָגט.

געאָרג האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דאַן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ביים אַלטען איז דאָס האַרץ די לעצטע צייט געווען ניט אין אָרדנונג, און ער האָט אָנגעפרעגט וועגען זיין געזונט.

— אַ דאַנק פאַר נאָכפרעגען, העדר באַראָן; איצט איז מיר אַביסעל בעסער, מעהר ניט אויף די טרעפּ איז שווער צו געהן.

געאָרג האָט באַמערקט, אַז די גלעזערנע טיר צום מיטעלסטען צימער איז געווען פאַרמאַכט.

— ענטשולדיגט, — האָט ער געזאָגט צום אַלטען ראָזנער, איז אוועק גלייך צום טיר, האָט זי געעפענט און באַלד פאַרמאַכט נאָך זיך. ניט ווייט פון טיש זיינען געשטאַנען פרוי גאָלאָווסקי און דאָקטאָר שטאובער און האָבען גערעדט. ווען ער איז צוגעגאַנגען, זיינען זיי פּלוצלונג אַנשוויגען געוואָרען.

— וואָס איז? — האָט ער געפרעגט.

דאָקטאָר שטאובער האָט געזאָגט:

— מיר האָבען גערעדט וועגען... פאָרמאַליטעטען. פרוי גאָ־לאָווסקי וועט זיין אַזוי גוט און אַלץ באַזאָרגען.

— אַ דאַנק, — האָט געזאָגט געאָרג און האָט געגעבען פרוי גאָ־לאָווסקי די האַנט. — „אַלץ, — האָט ער אַ קלער געטאָן, — דאָס הייסט, וועגען דעם ארון, דער לויה, דער מעלדונג צו דער אָרטיגער פּאָליציי: געבאָרען געוואָרען אַ זוהן ביי דער אומפאַ־הייראַטער אַנאַ ראָזנער, געשטאָרבען דעמזעלבען טאָג. קיין וואָרט ניט וועגען פאָטער, נאַטירליך". יע, זיין ראָל איז געענדיגט. אָבער ערשט היינט רען?

האָט זי זיך דען ניט געענדיגט יענעם מאָמענט, ווען ער איז צופעליג געוואָרען פאָטער?

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן טיש. דער קליינער קערפּער איז געווען פאַרדעקט מיט אַ ליילאַך. „ווי שנעל! — האָט ער געקלערט ערביטערט. — וועל איך איהם דען קיינמאָל מעהר ניט זעהן? נאָכ־אַמאָל אַ קוק טאָן קען מען, נאַטירליך". ער האָט אָפּגעדעקט דעם ליילאַך און האָט דערזעהן אַ בלייך קינדעריש געזיכט, וואָס איז איהם שוין לאַנג געווען באַקאַנט; מעהר ניט די אויגען האָט ווער פאַר־מאַכט דעם קינד. אין ווינקעל האָט געטיקט אַן אַלטער וואַנט זייגער. זעקס אזייגער. נאָך קיין שעה איז ניט אריבער, ווי זיין קינד איז געבאָרען געוואָרען און געשטאָרבען; און אָט דער פאַקט איז שוין געווען אזוי פעסטגעשטעלט, ווי אנדערש וואָלט גאָר ניט געקענט זיין.

ער האָט דערפיהלט, ווי עמיצער האָט לייכט אָנגעריהרט זיין אַקסעל.

— זי האָט דאָס אויפגענומען רוהיג, — האָט געזאָגט דאָקטאָר שטאובער הינטער איהם.

נעאָרג האָט פאַרדעקט דעם קינדס געזיכט און האָט אומגעקערט דעם קאָפּ.

— ווייס זי שוין?...

דאָקטאָר שטאובער האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. פרוי גאָ־לאָווסקי האָט זיך אָפּגעקערט.

— ווער האָט איהר געזאָגט? — האָט נעאָרג געפרעגט.

— מען האָט איהר גאָר ניט געדאַרפט זאָגען, — האָט געענטפערט דאָקטאָר שטאובער. — ניט אמת? — האָט ער זיך געווענדט צו פרוי גאָלאָווסקי.

— ווען איך בין אריינגעקומען צו איהר, — האָט געזאָגט פרוי גאָלאָווסקי, — האָט זי נאָר אַ קוק געטאָן אויף מיר, און איך האָב גלייך דערזעהן, אַז זי ווייס.

— און וואָס האָט זי געזאָגט?

— גאָרנישט. קיין וואָרט ניט. זי האָט אָפּגעקערט די אויגען צום פענסטער און — שטיל. זי האָט מיר דאָן געפרעגט, וואו איהר, הער באַראָן, זייט, און וואָס איהר מאַכט.

נעאָרג האָט טיף אָפּגעזיפצט. די טיר פון אנאַ'ס צימער האָט זיך געעפנט. דער פּראָפעסאָר איז ארויסגעקומען אין אַ שוואַרצען ראָק.

— זי איז גאַנץ רוהיג, — האָט ער געזאָגט צו נעאָרג'ן. — איהר קענט אריינגעהן.

— האָט זי גערעדט מיט אייך וועגען דעם? — האָט נעאָרג געפרעגט.

דער פּראָפעסאָר האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דאַן האָט ער געזאָגט:

— איך מוז איצט לײדער פאָהרען אין שטאָדט. איהר וועט דאָך ענטשולדיגען? איך האָף, אַז ווייטער וועט אַלץ געהן גוט. מאָרגען פריה בין איך יעדענפאַלס ווידער דאָ. אדיע, ליעבער הערר באַראָן.— ער האָט איהם געדריקט מיטפיהלענד די האַנט. — איהר פאָהרט דאָך מיט, דאָקטאָר שטאובער?

— יע,—האָט דאָקטאָר שטאובער געזאָגט,—איך וועל נאָר זעגנען זיך מיט אנאַ'ן.

ער איז אוועקגעגאַנגען. נעאָרג האָט זיך געווענדט צום פּראָפעסאָר:

— מעג איך אייך עפּעס פרעגען?

— געוויס.

— איך וואָלט אייגענטליך געוואָלט וויסען, הערר פּראָפעסאָר, צי דאָס איז ניט קיין איינבילדונג. מיר קומט פאָר, — און ער האָט ווידער אויפגעהויבען דעם ליילאַך פון דעם קליינעם קערפּערל, — ווי אָט דאָס קינד וואָלט גאָר ניט אויסגעוויזען ווי ניי־געבאָרען. שעהנער אביסעל. די געזיכטער ביי ניי־געבאָרענע מוזען, דוכט מיר, זיין צו־קנייטשטער, עלטער. איך ווייס ניט, צי איך האָב דאָס געזעה'ן אָדער געלעזען וועגען דעם.

— איהר זייט ניט אומגערעכט, — האָט דער פּראָפעסאָר גע־ענטפערט, — גראָד אין אזעלכע פאַלען, אפילו ביי אַ גליקליכערען סוף, זיינען די צוגען ביי קינדער ניט צוקרימט, אמאָל גאָר שעהן.

ער האָט באַטראַכט דאָס קליינע געזיכט מיט פּראָפעסיאָנעלען מיטגעפיהל, האָט אַ פּאָר מאָל צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ: „אַ שאָד, אַ שאָד...“ האָט ווידער אראָפּגעלאָזען דעם ליילאַך, און נעאָרג האָט געוואוסט, אַז ער האָט צום לעצטען מאָל געזעהן דאָס געזיכט פון זיין

קינד. ווי וואָלט געווען זיין נאָמען? פעליציאַן... אַ־יע, קליינער פעליציאַן.

פון דערבייאיגען צימער איז אַרויסגעקומען דאָקטאָר שטאובער און האָט שטיל צוגעמאַכט די טיר.

— אַנאַ וואַרט אויף אייך, — האָט ער געזאָגט צו געאָרג׳ן.

געאָרג האָט איהם געדריקט די האַנט, האָט נאָכאַמאָל געגעבען די האַנט דעם פּראָפעסאָר, האָט זיך לייכט געניינט פאַר פרוי גאָלאָווסקי און איז אַריין אין דערבייאיגען צימער.

אַנאַ׳ס וואַרטערין איז אײַפגעשטאַנען און איז אַרויס פון צימער. אַנטקעגען דער טיר איז געהאַנגען אַ שפּיגעל, אין וועלכען געאָרג האָט דערזעהן אַ יונגען, עלעגאַנט געקליידעטען הערר,, אַ גלייכען און שמייכלענדען. אַנאַ איז געלעגען אין בעט, וואָס איז געשטאַנען אין־מיטען צימער, און האָט געקוקט אויף געאָרג׳ן מיט גרויסע קלאָרע אויגען. געאָרג האָט אַביסעל צומישט צוגערוקט צום בעט אַ שטול, האָט זיך געזעצט, גענומען איהר האַנט, צוגעטראָגען צו זיין שטערן און דאַן גענומען באַרעקען איהרע פינגער מיט לאַנגע, כמעט פייערדינע קושען.

אַנאַ האָט די ערשטע אָנגעהויבען רעדען.

— ביזט געווען אין גאַרטען? — האָט זי געפרעגט.

— יע.

— איך האָב געזעהן, ווי דו ביזט פון דאָרטען געגאַנגען.

— וואָלסט בעסער ניט גערעדט, אַנאַ. דאָס איז שעדליך.

— פון עטליכע ווערטער וועט ניט ווערען ערגער. אָבער דו קענסט מיר עפּעס דערצעהלען...

ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען איהר האַנט און באַטראַכט איהרע פינגער. דאַן האָט ער געזאָגט:

— ווייסטו, אַז דאָרט, אין עק גאַרטען שטעהט אַ קלייןביידעל?

געוויס ווייסטו... איך האָב נאָר געוואָלט זאָגען, אַז מיר האָבען דאָס קיינמאָל כמעט ניט באַמערקט.

— אין די ערשטע טעג בין איך דאָרט עטליכע מאָל געווען, — האָט אַנאַ געזאָגט. — דאָס ביידעל איז ניט שעהן.

— יע, שעהן איז עס גאָר וועניג.

— האָסט היינט ביז מיטאָג געאַרבייט?

— וואָס פֿאַלט דיר איין, אַנאַ?
זי האָט לײַכט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.
— גראָד אין דער לעצטער צײַט איז בײַ דיר די אַרבייט געגאַנגען גוט.
— יע, אמת. און דו האָסט זיך באַנומען זעהר ניט גוט.
ער האָט געשמייכעלט. זי איז געבליבען ערנסט.
— ביזט געווען געכטען אין שטאָדט? — האָט זי געפרעגט.
— דו ווייסט דאָך.
— זיינען געווען בריף? איך מיין, וויכטיגע.
— רעד ניט אַזוי פֿיעל, איך בעט דיך, אַנאַ. איך וועל דיר אַליין אַליז דערצעהלען. קיין וויכטיגע בריף זיינען ניט אָנגעקומען. פֿון דעטמאָלד איז אויך ניט געווען קיין בריף. אגב וועל איך די טעג ווידער זיין בײַ פּראָפֿעסאָר פֿיבינגער'ן. אָבער וועגען די אַלע זאכען קען מען דאָך רעדען אַן אַנדערס מאָל, ניט אמת? און וואָס אָנבאַטרעפֿט די אַרבייט... היינט אין דער פֿריה האָב איך ווידער אַרייננעקוקט אין „טריסטאַן". איצט קען איך איהם ווירקליך אין אַלע איינצעלהייטען. איך וואָלט זיך איצט אונטערגענומען איהם צו דיריגירען, ווען מען וואָלט געראָפֿט.
אַנאַ האָט געשוויגען און געקוקט אויף איהם.
ער האָט זיך דערמאָנט דעם אָוועגט, ווען ער איז מיט איהר געזעסען אין מינכענער אָפּערא ווי איינגעהילט אין אַ דורכזיכטיגען שלייער פֿון באַליעבטע קלאַנגען. אָבער ער האָט איהר וועגען דעם ניט דערמאָנט.
עס איז געוואָרען טונקעל. אַנאַ'ס צוגען האָבען גענומען צי־שווימען.
— פֿאָהרסט היינט ווידער אין שטאָדט? — האָט זי געפרעגט.
ער האָט וועגען דעם גאָר ניט געקלערט. איצט אָבער האָט דאָס איהם אויסגעוויזען, ווי אַן ערלייזונג. יע, בעסער פֿאָהרען אין שטאָדט. וואָס נאָך האָט ער דאָ צו טאָן? אָבער ער האָט ניט באַלד געענטפֿערט.
אַנאַ האָט ווידער אָנגעהויבען:
— דו ווילסט מסתמא רעדען מיט דיין ברודער?
— יע, געוויס. און דו וועסט באַלד איינשלאָפֿען?
— איך האָף אַזוי.

— ווי מיר דו מוזט זיין, — האָט ער געזאָגט, גלעטענדיג אי׳ האַנט.

— ניין, דאָס איז עפּעס אַנדערש. איך בין זעהר וואַך... קיינ־מאָל אין לעבען בין איך נאָך ניט געוועזען אַזוי וואַך. און אין דערזעלבער צייט ווייס איך, אַז איך וועל שלאָפען פעסט, ווי איך האָב נאָך קיינ־מאָל ניט געשלאָפען... ווי נאָר איך וועל צומאַכען די אויגען.

— געוויס וועסטו שלאָפען. אָבער מעג איך נאָך בלייבען כאָטש אַביסעל לעבען דיר? איך וואָלט געוואָלט דאָ בלייבען, ביז דו וועסט איינשלאָפען.

— ניין, געאָרג, ווען דו ביזט דאָ, קען איך ניט איינשלאָפען. אָבער זיץ נאָך אַביסעל. מיר איז גוט.

ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען איהר האַנט און אַרויסגעקוקט אין גאָרטען, וואָס איז איצט איינגאַנצען געווען אין שאָטען פון אָווענט.

— ביזט ניט אָפט געפאָהרען אין אוהאַפ דאָס יאָהר? האָט אַנאַ געפרעגט גלייכגילטיג, ווי נאָר אום עפּעס צו זאָגען.

— כעמט יעדען טאָג. איך האָב דאָך דיר דערצעהלט. מיר דוכט, אַז עלזאַ וועט הייראַטען מיט דזשיימס ווייגער׳ן און וועט מיט איהם אַוועקפאָהרען אין ענגלאַנד.

ער האָט געוואוסט, אַז זי האָט געקלערט ניט וועגען עלזאַ׳ן, נאָר וועגען אַן אַנדער פרוי. און ער האָט זיך געפרעגט, צי זי מיינט ניט, אַז צוליעב דעם איז אַלץ געשעהן.

אַ ווארים ווינטעל האָט געוועהט אין פענסטער. קינדער שטימען האָבען זיך דערטראָגען. געאָרג האָט אַרויסגעקוקט אין גאָרטען. ער האָט דערזעהן די אין דער ווייט שימערענדע ווייסע באַנק אונטער דעם בארענבוים און האָט געקלערט וועגען דעם, ווי אַנאַ האָט דאָרט געוואַרט אויף איהם, אין אַ ברייטען קלייד, ווי די צווייגען, שווער באַלאָדען מיט פרוכט, זיינען געהאַנגען איבער איהר, ווי זי איז געווען דורכגעדרונגען מיט דעם וואונדער פון מוטערשאַפט. און ער האָט זיך געפרעגט: איז שוין דאַן געווען פאָראויס באַשטימט, אַז אַזוי זאָל זיך ענדיגען? אָדער דאָס איז שוין נאָר געווען באַשטימט אין דער ערשטער מינוט פון זייער נאָהנטקייט? ער האָט זיך דערמאָנט דעם פראָפעסאָרס באַמערקונג, אַז אַזוי ענדיגען זיך פון איינעם ביז צוויי פּראָצענט פון אַלע געבורטען. הייסט דאָס, פון זיבט מענשען ווערען געבאָרען אויף דער וועלט, מוז

פון יעדע הונדערט איינער אָדער צוויי שטאַרבען אַזוי אונזיניג אין רעמזעלבען אויגענבליק, ווען זיי באַווייזען זיך אויף דער וועלט! און אַזוי פיעל און אַזוי פיעל מוזען שטאַרבען אין פאַרלויף פון ערשטען יאָהר, אַזויפיעל — אין דער בליהענדער יוגענד, אַזוי פיעל — ווי רייפע מענער, און פונדעסטוועגען מאַכען אַ באַשטימטע צאָהל אַ סוף צו זייער לעבען, ווי לאַבינסקי, און אַזויפיעל גיט זיך דאָס ניט איין, ווי אָסקאַר עהרענבערג'ן. צו וואָס זוכען די אורזאַכען? אויף דער וועלט הערשט עפּעס אַ געזעץ, אומפאַרשטענדליך און אומבאַזיעגבאַר, אַנטקעגען וועלכען מיר, מענשען, קענען גאָרנישט טאָן. ווער וואַגט צו באַקלאָגען זיך און זאָגען: פאַרוואָס איז דאָס אויסגעפאַלען גראָד אויף מיין גורל? אויב דאָס וועט ניט געשעהן מיט איהם, וועט דאָס געשעהן מיט אַן אַנדערען... צי ער איז שולדיג, צי ניט. אויף איינעם אָדער צוויי פּראָצענט פאַלט אויס אַזאַ שיקזאַל, אין דעם באַשטעהט דאָך די הימעלשע גערעכטיגקייט. די קינדער, וואָס לאַכען דאָרט אין גאָרטען, — זיי האָבען אַ רעכט צו לעבען. האָבען אַ רעכט? ניין, זיי מ ו ז ע ן לעבען, ווי זיין קינד האָט געמוזט שטאַרבען נאָך דעם ערשטען אָטעמצוג, באַשטימט אַריבערצוגעהן דורך אונזיניגע נישטיגקייט פון איין פינסטערניש אין אַן אַנדערע.

אויף יענער זייט פענסטער איז געווען טונקעל, און אין צימער איז שוין כמעט געווען נאַכט. אַנאַ איז געלעגען שטיל און אומבאַוועגליך. איהר האַנט האָט זיך ניט גערירט אין געאָרג'ס. אָבער ווען געאָרג איז אויפגעשטאַנען, האָט ער דערזעהן, אַז איהרע אויגען זיינען געווען אָפען. ער האָט זיך אָנגעבויגען צו איהר, איז אַ ווייל־ע געווען אומענטשלאָסען, דאַן האָט ער ארומגענומען מיט די הענט איהר האַלז און האָט אַ קוש געטאָן איהרע ליפּען, וואָס זיינען געווען הייס און טרוקען און האָבען ניט געענטפערט אויף די באַריהרונג. דאַן איז ער אוועק. אין דערבייאיגען צימער האָט געברענט אַ הענגלאָמפּ איבער'ן טיש, אויף וועלכען דאָס טויטע קינד איז פריהער געלעגען. איצט איז דער טיש געווען באַדעקט מיט אַ גרינעם טישטוך, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשעהן. די טיר אין צימער, וואָס פרוי גאַלאָווסקי האָט איצט פאַרנומען, איז געווען אָפען. מען האָט פון דאָרטען געזעהן דעם שיין פון אַ ליכט, און געאָרג האָט געוואוסט, אַז דאָרט שלאָפט זיין ערשטען און לעצטען שלאָף זיין קינד.

פרוי גאלאָווסקי און אנא'ס מוטער זיינען איינע לעבן דער אנ־דערער געזעסן אויפ'ן דיוואן שווייגענדיג און עפּעס ווי צוזאמענגע־דרעהט. געאָרג איז צו זיי צוגעגאנגען.

— אייער מאַן איז שוין אוועקגעפאָהרען? — האָט ער זיך גע־ווענדט צו פרוי ראָזנער.

— יע, ער איז אוועקגעפאָהרען אין שטאָדט מיט'ן דאָקטאָר, — האָט זי געענטפערט און האָט ווי פרעגענדיג א קוק געטאָן אויף איהם.

— זי איז רוהיג, — האָט געאָרג געענטפערט אויף איהר בליק, —איך האָף, אז זי וועט באלד איינשלאָפען.

— ווילט איהר ניט עסען? — האָט געפרעגט פרוי גאָלאָווסקי.— איהר האָט דאָך פון איינס אזייגער אָן...

— א דאנק, ניין. איך פאָהר איצט אין שטאָדט. איך דאַרף רעדען מיט מיין ברודער. אויסערדעם ערוואַרט איך וויכטיגע בריף. איך וועל זיך אומקערען מאָרגען אין דער פריה.

ער האָט זיך געזעגענט, איז אַרויף צו זיך אין מאנסארדע, האָט אריינגעטראָגען פון באלקאָן אין צימער די פּאַרטיטור פון „טריסטאן", האָט גענומען דעם מאנטעל און הוט, פאררויכערט א ציגארעט און איז אַרויס פון הויז. ער האָט זיך דערפילט פריי, ווי נאָר ער איז ארויס אויף דער פרישער לופט. די שרעקליכע אויפרעגונג איז פאָר־איבער. געענדיגט האָט זיך מיט אַן אומגליק, אָבער דאָך זיך געענדיגט. וועגען אנא'ן איז ניטאָ וואָס צו זאָרגען. נאטירליך, אויך דאָ זיינען פאראַן פאטאלע פּראָצענט נאָרמען. אָבער די מעגליכקייט פון א שלעכטען אויסגאנג איז, נאָך דער טעאָריע פון ווארשיינליכקייט, גראד געווען קלענער, ווי ווען דאָס קינד וואָלט געבליבען לעבען.

מיט שנעלע טריט איז ער דורכגעגאנגען דאָס דאָרף, וואָס האָט זיך געצויגען אין דער לענג פון וועג, מיהענדיג זיך ניט צו קלערען וועגען קיין זאך און מיט א געמאכטער אויפמערקזאמקייט באטראכטענדיג יעדע הויז, פארביי וועלכען ער איז דורכגעגאנגען. אלע הייזער זיינען געווען נידריג, די מעהרסטע פון זיי האָבען אויסגעזעהן טריב און אָרים. הינטער זיי האָבען קליינע גאָרטענס זיך געהויבען אין אָוועקט נעבעל צו די וויינגערטנער, פעלדער און לאָנקעס. אין דעם כמעט לערען גאָרטען פון רעסטאָראן, ביי א לאנגען טיש, זיינען געזעסן א פּאָר מוזיקאנטען און האָבען געשפּיעלט א וויינענדיגען וואלץ אויף

פירעל, גיטאַר און האַרמאָניקאַ. שפּעטער איז ער פאַרביינעגאַנגען שעהנערע הייזער און האָט דורך די אָפענע פענסטער געזעהן באַלויכטענע צימערען, וואו עס זיינען געשטאַנען געגרייטע טישען. אין אַ באַקוועמען קליינעם גאָרטען פון איין רעסטאָראַן האָט ער זיך ענדליך אַוועקגעזעצט, וואָס ווייטער פון די ניט זעהר פיעלע געסט, האָט גענעסען און באַלד דערפיהלט אַן אַנגענעמע מידקייט. אין פערדבאַהן האָט ער כמעט איינגעדרעמעלט אין זיין ווינקעל. נאָר דאַן, ווען דער וואַגאָן איז אָנגעקומען אויף באַלעבטערע גאַסען, איז ער ווידער געקומען צו זיך און זיך דערמאָנט אָן אַלץ, וואָס איז געשעהן, מיט אַ פּיינליכער, כאָטש אַ טרוקענער קלאָרקייט. ער איז אַרויס און איז געגאַנגען אַהיים דורך די שטיקענדע פייכטע לופט פון פּאַרק. פעליציאַן איז נאָך ניט געוועזען אין דער היים. אויף דעם שרייבטיש האָט ער געפונען אַ דעפּעש. זי איז געוועזען פון רעטמאַלד. אין איהר איז געשטאַנען : „מיר בעטען אייך העפליכסט אונז לאָזען וויסען, צי איהר קענט ניט קומען צו אונז ניט שפּעטער, ווי אין דריי טעג אַרום. אָבער אָט די איינלאַדונג דאַרף ניט פאַרבינדען ביידע צדדים, וואָס אָנבאַטרעפט ווייטערע ענטשלוסען. רייזעקאָסטען וועלען יעדענפאַלס אומגעקערט ווערען. מיט אכטונג, די אינטענדאַנץ פון הויף טעאַטער“. דערביי איז געלעגען אַ רויטער בלאַנק פאַר אַן ענטפער.

געאָרג איז געוואָרען אויפגערעגט. וואָס זאָל ער ענטפערען? אין דער דעפּעש איז קלאָר געוועזען, אַז אַ שטעל פון אַ קאַפּעלמייסטער איז לעדיג געוואָרען. זאָל ער בעטען אָפּלעגען? אין אַ וואָך אַרום וועט ער, נאַטירליך, קענען אַריבערפאָהרען אין רעטמאַלד פאַר אונטערהאַנדלונגען. איהם איז געוועזען שווער צו קלערען וועגען דעם איצט. יעדענפאַלס קען מען דאָך וואַרטען ביז אין דער פריה. נאָר אויב אפילו עס וואָלט שוין געוועזען צו שפּעט, וואָלט דאָך סוף כל סוף קיין זאַך וועזענטליך ניט געענדערט זיך. ווי אַ גאַסט, וועט מען איהם אויפנעמען מיט פרייד, דאָס האָט ער שוין געוואוסט. אפשר איז נאָר בעסער ניט פאַרבינדען זיך, נאָר אַרבייטען ערגעץ וואו אָהן פאַרפליכטונגען און פאַראַנטוואָרטליכקייט און זיך גוט צוגרייטען צום קומענדיגען סעזאָן. און ווי קליין דאָס אַלץ איז אין פאַרגלייך מיט דער שרעקליכער געשעהעניש, וואָס איז היינט פאָרגעקומען אין זיין לעבען! ער האָט גענומען דעם מאַלאַכיטענעם פרעס און איהם אַוועקגעשטעלט אויף די

דעפּעיש. וואָס זשע טוט מען איצט?... געהן אין קלוב זוכען פּעלי־
ציאַנ'ען? דאָרט איז ניט דער אָרט צו דערצעהלען איהם אזא וויכטיגע
זאַך. בעסער בלייבען אין דער היים און וואַרטען אויף איהם. איהם
האָט געצויינגען זיך אויסצוטאָן באַלד און לעגען זיך אין בעט. אָבער ער
וואָלט סאַי ווי ניט געקענט איינשלאָפען. דאַן האָט ער באַשלאָסען צו
ברענגען אין אָרדנונג זיינע פּאַפּירען. ער האָט געעפענט דעם שופ־
לאָד פון שרייבטיש, האָט גענומען דורכקוקען די בריף און רעכנונגען
און מאַכען באַמערקונגען אין נאָטיץ ביכעל. פון דעם אָפענעם פענסטער
האָט דער רויש אין גאַס זיך דערטראָגען ווי פון דער ווייט. ער האָט
זיך דערמאָנט, אַז פאַראַיאָהרען זומער האָט ער אויף דעמזעלבען אָרט
געלעזען די בריף פון געשטאָרבענעם פאָטער און פון דער מוטער. און
פונקט ווי היינט האָט זיך צו איהם דערטראָגען דערזעלבער רויש פון
גאַס, דערזעלבער דופט פון פּאַרק. דאָס פאַרגאַנגענע יאָהר האָט אין
זיין מידען באַוואוסטזיין זיך אויסגעצויינגען אין אַ גאַנצע אייביגקייט,
דאַן האָט עס זיך ווידער איינגעשרומפּט אין אַ קליינעם אינטערוואַל,
און עפּעס האָט שטיל געערעדט אין זיין נשמה: צו וואָס... צו וואָס!
זיין קינד איז געווען טויט. מען וועט עס באַגראָבען ביים וועג פון די
זומערדיגע לאָנקעס, אויפ'ן בית עולם, פאַרביי וועלכען געאָרנ'ן איז
אָפּט אויסגעקומען צו געהן. דאָרט, אויף דער געהייליגטער ערד, וועט
ער אָפּרוהען פון דעם שווערען וועג, וואָס איהם איז פון פאָראויס באַ־
שטימט געוואָרען דורכצוגעהן, דורך אונזיניגע ניישטיגקייט פון איין
פינסטערניש אין אַן אַנדערע. דאָרט וועט ער ליגען אונטער אַ
קליינעם קרייץ, ווי ער וואָלט דורכגעלעבט און דורכגעליטען דאָס מענש־
ליכע שיקזאַל. ווי ער וואָלט געלעבט? אָבער ער האָט דאָך ווירקליך
געלעבט פון דעם מאָמענט אָן, ווען זיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּען
אין מוטערס לייב. ניין, נאָך פריהער... פון דעם אויגענבליק, ווען
דער מוטערס לייב האָט איהם אויפגענומען, געהערט ער שוין צו דעם
קעניגרייך פון לעבעדיגע. און געאָרג האָט געקלערט וועגען דעם, וויי־
פיעל מענשענקינדער עס איז פאָראויס באַשטימט געווען צו שטאַרבען
נאָך פריהער, ווי זיין זוהן, וויפיעל פון זיי, געוויינשטע און אומגע־
וויינשטע, שטאַרבען אין ערשטען טאָג פון זייער לעבען, און זייערע
מוטערס פאַרדעכטיגען דאָס גאָר ניט. און אין דער צייט, ווען ער
האָט געדרעמעלט מיט פאַרמאַכטע אויגען ביי זיין שרייבטיש האַלב

וואַך, האַלב אין שלאָף, האָט ער געזעהן, ווי העל שימערענדע קרייצען הויבען זיך איבער קליינע בערגלאַך, אַ בית עולם ווי פון אַ שפּיעלצייג שאַכטעל, און איבער דעם האָט געגלאַנצט אַ רויטליך־געלע פּיפּען זין. פּלוצלונג האָט דאָס בילד גענומען פאַרשטעלען דעם בית עולם אין קאַדרענאַביאַ. געאָרג איז ווי אַ קליינער אינגעל געזעסען אויף דער שטיינערנער וואַנט און האָט פּלוצלונג געווענדט זיין בליק צום לאַנדזועע. דאָרט, אונטער העל־געלע זעגלען, אין אַ שמאָלען, זעהר לאַנגען שיפעל, איז באַוועגלאָז געזעסען ביים רודער עפּעס אַ דאַמע מיט אַ גרינעם שאַל אויף די אַקסלען, און ער האָט געמאַכט כמעט אַ פּיינליכע אָנשטרענגונג צו דערקענען איהר געזיכט, אָבער אומזיסט.

דאָס גלעקעל האָט אַ קלונג געטאָן. געאָרג איז אויפגעשפּרונגען. וואָס איז דאָס? אַך, יע, דאָ איז דאָך קיינער ניט געוועזען אויפצושליסען די טיר. דעם דיענער האָט מען אָפּגעזאָגט דעם ערשטען טאָג אין מאָנאַט, און די פרוי פון פּאָרטיע, וואָס האָט באַדיענט די ברידער, איז גראָד איצט אַוועקגעגאַנגען. געאָרג איז געגאַנגען אין פאָרהויז און האָט געעפענט די טיר. פאַר איהם איז געשטאַנען היינריך בערמאַן.

— איך האָב פון אונטען דערזעהן ליכט אין אייער צימער, — האָט ער געזאָגט. — גוט, וואָס מיר איז איינגעפאַלען צוערשט פאַרבייצונעהן אייער הויז. איך האָב איינענטליך גערעכענט צו פאָהרען צו אייך אין דאָרף.

„רעדט ער ווירקליך אַזוי אויפגערעגט, — האָט געאָרג געקלערט, — אָדער דאָס ווייזט מיר נאָר אַזוי אויס.“

ער האָט איהם געבעטען אַריינגעהן און זיך זעצען.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, איך וועל בעסער אומגעהן הין און צוריק. ניין, מען דאַרף ניט קיין ליכט פון אויבען, עס איז גענוג דער לאָמפּ אויפ׳ן שרייבטיש. אגב, וואָס הערט זיך ביי אייך אין דאָרף?

— היינט נאָכמיטאָג איז געבאָרען געוואָרען דאָס קינד, — האָט געאָרג רוהיג געענטפערט, — אָבער ליידער איז עס געוועזען טויט.

— טויט געבאָרען?

— איך ווייס ניט, צי מען קען עס אַזוי אָנרופען, — האָט געאָרג געענטפערט מיט אַ ביטערען שמייכעל, — נאָך דעם אַרצטס ווערטער האָט עס איינמאָל אָפּגעאָטעמט. דריי לאַנגע טעג האָבען די

וועהען גערויערט. דאָס איז געווען שרעקליך. איצט איז אַלץ פאַר־איבער.

— טויט. מיר טוט דאָס זעהר לייד, גלויבט מיר. — ער האָט אויסגעשטרעקט געאָרג'ן די האַנט.

— דאָס איז געווען אַ אינגעל, — האָט געזאָגט געאָרג, — און, מערקווירדיג, אַזאַ שעהנער, גאָר ניט ווי אַנדערע ניינגעבאָרענע.

דאַן האָט ער דערצעהלט, ווי ער איז געווען אין דעם אומהיימ־ליכען ביידעל, וואוהין ער איז פריהער קיינמאָל ניט אריינגעקומען, און ווי זאָנדערבאַר די באַלייכטונג פון לאַנדשאַפט האָט זיך מיט אמאָל געענדערט.

— דאָס איז געווען אַ ליכט, — האָט ער געזאָגט, — וואָס מען זעהט אמאָל אין חלום, — גאַנץ אומבאַשטימט... טונקעל... און ניכער טרויעריג.

ווען ער האָט אַזוי גערעדט, האָט ער געוואוסט, אַז פעליציאַן'ען וועט ער דאָס נאָר אַנדערש דערצעהלען.

היינריך איז געזעסען ביים עק פון דיוואַן און האָט שווייגענדיג געהערט. דאַן האָט ער אָנגעהויבען:

— מערקווירדיג, — האָט ער געזאָגט, — דאָס אַלץ טוט מיר, נאַטירליך, וועה, אָבער אין דערזעלבער צייט בארוהיגט דאָס מיך.

— בארוהיגט ?

— יע, ווי די אַלע געשעהענישען, פאַר וועלכע איך האָב ליידער געמוזט מורא האָבען, וואָלטען מיט אמאָל געוואָרען ווענינגער וואַר־שיינליך.

— וואָס פאַר געשעהענישען ?

היינריך האָט ניט הערענדיג גערעדט ווייטער, מיט צונויפגע־דריקטע ציינער :

— אָדער איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל איך שטעה פאַר אַן אַנ־דערענס אומגליק ? אָדער גאָר דערפאַר נאָר, ווייל איך בין אויף אַן אַנדערען אָרט, אין אַ פרעמדער וואוינונג ? דאָס איז מעגליך. האָט איהר באַמערקט, אַז אפילו דער אייגענער טויט קומט פאָר, ווי עפעס, וואָס איז העכסט אומוואַרשיינליך, ווען מען געפינט זיך, צום ביישפּיעל, אויף דער רייזע, אָדער אמאָל אפילו אויף אַ שפּאַציר ? צו אַזעלכע אומבאַגרייפליכע טוישונגען איז אונטערוואָרפען דער מענש.

ער איז אויפגעשטאנען, צוגעגאנגען צום פענסטער און אפגעקערט זיין געזיכט. גערג האט זיך אנגעשפארט אויפ'ן שרייבטיש, און פול מיט פינסטערע פארגעפיהלען, האט ער געווארט צו הערען, וואס היינריך וועט זאגען. אין עטליכע סעקונדען ארום, ווי ער וואלט זיך באהערשט, האט היינריך זיך אומגעקערט צו איהם, איז אבער געבליבען שטעהן ביים פענסטער; אנגעשפארענדיג זיך הינטער'ן רוקען מיט ביידע הענט אן דעם פענסטערברעט, האט ער געזאגט קורץ און הארט:

— עס איז פאראן א מעגליכקייט, אז די יונגע דאמע, מיט וועלכער איהר האט זיך ניט לאנג צוריק צופעליג באקענט ביי מיר, האט געמאכט א פארזוך צו באגעהן זעלבסטמארד. איך בעט אייך, מאכט ניט אזא דערשראקענע מינע. איהר ווייסט דאך: אין איינינע בריף איהרע איז שוין געשטאנען, אז זי וויל דאס טאן.

— נו, איז וואס? — האט געפרעגט גערג.

היינריך האט ווי אין פארטיידיגונג אויפגעהויבען די האנט.

— איך האב דאס קיינמאל ניט אנגענומען ערנסט. אבער היינט אין דער פריה האב איך באקומען א בריף, אין וועלכען, ווי זאל איך דאס זאגען, איז געווען אן אומהיימליכער טאן פון אמת. עס שטעהט דארט איינענטליך דאסזעלבינע, וואס זי האט מיר שוין געשריבען צעהן אדער צוואנציג מאל, אבער דער טאן... דער טאן... קורץ און גוט, איך בין אזוי גוט ווי איבערצייגט, אז דאס מאל איז דאס געשעהן, אז אפשר אין אט דעם אויגענבליק... — ער האט זיך אפגעשטעלט און געשטארט פאר זיך אין רוים.

— ניין, היינריך. — גערג איז צוגעגאנגען און האט איהם ארויפגעלעגט די האנט אויפ'ן אקסעל. — ניין, — האט ער קרעפטיג צוגעגעבען, — איך גלייב דאס אבסאלוט ניט. איך האב מיט איהר געערדט ערשט מיט א פאר וואכען צוריק. איהר ווייסט דאך. און איך האב דורכאויס ניט געהאט דעם איינדרוק... איך האב זי געזעהן אויף דער ביהנע... ווען איהר וואלט געזעהן, ווי זי שפיעלט אין דעם אומפארשעמטען פארס, וואלט איהר דאס אויך ניט געגלויבט, היינריך. זי וויל איינפאך זיך נוקם זיין פאר אייער גרויזאמקייט. אפשר אומבאוואוסטזיניג. זי איז ווארשיינליך אמאל אליין איבערצייגט, אז זי קען ווייטער ניט לעבען, אבער אזוי ווי זי האט ביז איצט אויסגעהאלטען... יע, ווען זי וואלט דאס באלד געטאן...

היינריך האָט אומגעדולדיג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— הערט, געאָרג, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב טעלעגראַ־פירט אין דעם זומער טעאַטער. איך האָב אָנגעפרעגט, צי זי איז נאָך דאָרט... ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ ראָל פאַר איהר, אַ פּראָבע אויפפיהרונג פון מיינער אַ נייער פּיעסע, אָדער עפּעס עהנליכעס. איך האָב געוואַרט אין דער היים — ביז איצט... אָבער קיין ענטפער איז נאָך ניט געווען. וועט ניט קומען קיין ענטפער, אָדער דער ענטפער וועט ניט זיין צופרידענשטעלענד, וועל איך יעדענפאַלס פאַהרען אהין.

— פאַרוואָס אָבער האָט איהר איינפאַך ניט אָנגעפרעגט, צי זי...

— צי זי איז ניט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד? ווילט זיך דאָך ניט שטעלען זיך אין אַ נאַרישע לאַגע, געאָרג. מיר וואָלט דאָך דאַן אויסגע־קומען אָנצופרעגען אומגעפעהר יעדען דריטען טאָג... דאָס וואָלט יעדענפאַלס ניט געווען אָהן אַ געוויסען גראָטעסקען הומאָר.

— נו, זעהט איהר, איהר גלויבט דאָס אַליין ניט.

— איך וועל איצט געהן אהיים אַ קוק טאָן, צי אַ דעפּעש איז ניט אָנגעקומען. אַדיע, געאָרג. ענטשולדיגט. איך האָב אין דער היים מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען... מיר טוטווירקליך זעהר לייד, וואָס איך האָב אין אַזאַ מאָמענט אייך באַלעסטיגט מיט מיינע אָנגעלעגענ־הייטען. נאָכאַמאָל, ענטשולדיגט...

— איהר האָט דאָך ניט געוואוסט... און ווען אפילו איהר וואָלט געוואוסט?... ביי מיר איז דאָך דאָס... אַזוי צו זאָגען, אַ געענדיגטע געשיכטע. אין מיין פאַל קען מען ליידער מעהר גאָרנישט טאָן.

ער האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אין פענסטער פאַרביי די שפּיצען פון בוימער צו די טונקעלע טורעמס און דעכער, וואָס האָבען זיך גע־הויבען פון דעם מאַט־רויטליכען שיין פון דער אומענדליכער שטאָדט. דאַן האָט ער געזאָגט:

— איך וועל אייך באַגלייטען, היינריך. איך קען דאָך אין דער היים גאָרנישט אָנהויבען צו טאָן. דאָס הייסט, ווען מען געזעלשאַפט איז אייך ניט אומאַנגענעם.

—אומאַנגענעם?... געאָרג!... — ער האָט איהם געדריקט די האַנט.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען. אין אָנהויב זיינען זיי שווייגענדיג געגאַנגען אין דער לענג פון פּאַרק. געאָרג האָט זיך דערמאָנט זיין

שפּאַציר מיט היינריכ'ן איבער דער אַלעע אין פּראַטער פאָריגען הערבסט, און באַלד נאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט דעם מאַי אָוונט אין וואַלדשטיין גאָרטען, ווען אַנאַ איז געקומען שפּעטער פון אַלעמען, און פרוי עהרענבערג האָט איהם שטיל געזאָגט: „איך האָב זי איינגעלאַדען פאַר אייך". יע, פאַר איהם!... ווען ניט יענער אָוונט, וואָלט אַנאַ ניט געוואָרען זיין געליעבטע, און אַלץ, וואָס דריקט איהם איצט, וואָלט ניט געשעהן. אָדער האָט דאָ אויך געווירקט עפּעס א געזעץ? געוויס! יעדעס יאָהר מוזען געבאָרען ווערען אזוי פּיעל קינדער, און צווישען זיי א באַשטימטע צאָהל ניט אין הייראַט. און די גוטע פרוי עהרענבערג האָט זיך איינגערעדט, אז אָן איהר האָט זיך געווענדט, צי פריילין אַנאַ ראָזנער זאָל איינגעלאַדען ווערען אָדער ניט פאַר דעם באַראָן ווערגענטין.

— אַנאַ איז דאָך אויסער געפאַהר? — האָט געפרעגט היינריך.

— איך האָף אזוי, — האָט געענטפערט געאָרג. און ער האָט גענומען ריידען וועגען די ליידען, וואָס זי האָט איבערגעטראָגען, וועגען איהר געדולדיגקייט און גוטסקייט. ער האָט דערפיהלט א באַדערפניש פאַרצושטעלען זי ווי אָן אמת'ען מלאך; ווי ער וואָלט מיט דעם געקענט גוטמאַכען דאָס, אין וואָס ער האָט זיך פאַרשולדיגט פאַר איהר.

— יע, — האָט איינגעשטימט היינריך. — זי איז, דוכט מיר, ווירקליך איינע פון די זעלטענע פרויען, וואָס זיינען באַשאַפען געוואָרען פאַר מוטערשאַפט. עס איז דאָך ניט אמת, אז אַזעלכע פרויען זיינען פאַראַן א סך. קינדער האָבען — דאָס קען יעדערע פון זיי, אָבער זיין א מוטער! און גראָד מיט איהר האָט אַזוינס געדאַרפט געשעהן! עס איז מיר איינענטליך קיינמאָל גאָר ניט איינגעפאַלען, אז אַזאַ זאַך איז מעגליך.

געאָרג האָט געצוקט מיט די אַקסלען, דאַן האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אייך דאָרט ערוואַרט צו זעהן נאָכאַמאָל. איהר האָט, דוכט מיר, אפילו צוגעזאָגט צו קומען, ווען איהר זייט פאַראַכטאָגען צוזאַמען מיט טערעזאַ'ן געבליבען ביי אונז צום אָוונטברויט.

אַך, יע, ווען טערעזאַ און איך האָבען זיך אזוי שטאַרק געקריגט. אויפ'ן וועג אַהיים איז געוועזען נאָך ערגער. איינפאַך צום לאַבען. מיר

זיינען געגאנגען אין שטאָדט צופוס. די מענשען, וואָס זיינען אונז געקומען אנטקעגען, האָבען אונז געוויס אָנגענומען פאר א פארליעבטע פּאָר, אזא שטרייט איז געווען ביי אונז.

— ווער זשע האָט ווען איבערצייגט?

— איבערצייגט מען דען אין אזא פאל וועמען? מען דיסקוטירט נאָר אום זיך אליין צו איבערצייגען. בארעכענט נאָר, ווען טערעזא וואָלט ענדליך איינגעזעהן, אז א פארנינפטיגער מענש דארף ניט געהערען צו קיין פּארטיי! אָדער ווען איך וואָלט איינגעשטימט, אז מיין פארטיילאָזיגקייט איז א באווייז פון א ניט פאָלשטענדיגער וועלטאנשויאונג, ווי זי האָט ערקלערט! וואָלטען מיר דאָך ביידע געדארפט זיך דערשיסען. און בכלל זיינען די רייד וועגען א וועלט־אנשויאונג אָן אונזין. וואָס איז א וועלטאנשויאונג, ווען ניט א פאר־לאנג און פעהיגקייט ווירקליך צו זעהן די וועלט, דאָס הייסט, קוקען אויף איהר אָהן א פאראורטייל, ניט שטרעבענדיג פון יעדער ערפאהרונג ארויסצוברענגען א ניי געזעץ אָדער צו געבען איהר אָן אלגעמיינע באדייטונג. אָבער די מענשען זעהען אין דער וועלטאנשויאונג נאָר א העכערע ארט פעסטקייט פון פרינציפען, א פעסטקייט אין דעם אומ־ענדליכען, אזוי צו זאָגען. אָדער זיי ריידען וועגען א פינסטערער און ליכטיגער וועלטאנשויאונג, אין איינקלאנג מיט דער פארב, וואָס די וועלט באקומט פאר זיי, א דאנק זייער טעמפעראמענט אָדער צו־פעליגע פערזענליכע איבערלעבונגען. מענשען מיט אָן אָפענעם פאר־שטאנד האָבען א וועלטאנשויאונג, און באגרענעצטע האָבען דאָס ניט. אזוי איז דאָס. מען דארף ניט זיין ווירקליך א פילאָסאָף, צו האָבען א וועלטאנשויאונג... אפשר דארף מען דאָס אינגאנצען ניט זיין. יעדענפאלס האָט פילאָסאָפיע גאָרנישט צו טאָן מיט וועלטאנשויאונג. פון די פילאָסאָפען האָט געוויס יעדער ביי זיך געוואוסט, אז ער איז נאָר א מין דיכטער. קאנט האָט געגלויבט אין די „זאך אין זיך“, און שאָפענהויער — אין „די וועלט ווי ווילען און פאָרשטעלונג“, ווי שעקספיר — אין האמלעט, און בעטהאָווען — אין די ניינטע סימ־פאָניע. זיי האָבען געוואוסט, אז זיי האָבען געשאפען א קונסטווערק, אָבער יעדענפאלס האָבען זיי ניט געמיינט, אז זיי האָבען ענטדעקט דעם ענדגילטיגען אמת. יעדע פילאָסאָפישע סיסטעם, ווען עס האָט נאָר ריטם און טיפקייט, באדייט א נייע ערשאָבערונג פאר דער וועלט.

אָבער וואָס קען עס ענדערען אין דער באַציהונג צו דער וועלט ביי אַ מענשען, וואָס איז באַגאַבט מיט אַן אָפּענעם פאַרשטאַנד?

ער האָט געהערט אַלץ אויפגערעגטער, אַריינפּאַלענדיג, ווי געאָרג׳ן האָט אויסגעוויזען, אין עפּעס אַ פיבער. געאָרג האָט זיך דערמאָנט, אַז הייגריך האָט אַמאָל געטרוימט ווענען אַ קאַרוסעל, וואָס זאָל זיך דרעהען אַרויף איבער דער ערד אַלץ העכער אין ספּיראַלען און זאָל זיך אָפּשטעלען ערגעץ אויף אַ שפּיץ פון אַ טורעם.

זיי זיינען געגאַנגען איבער ווענינער באַלעבטע און שוואַך באַלייכטענע גאַסען פון דער פאָרשטאָדט. געאָרג׳ן האָט אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט שפּאַצירט איבער אַ פרעמדער שטאָדט. פּלוצלונג האָט איהם איין הויז אויסגעוויזען מערקווירדיג באַקאַנט, און ער האָט נאָר איצט באַמערקט, אַז זיי זיינען געגאַנגען פאַרביי ראָזנער׳ס הויז. דער עסצימער איז געווען באַלויכטען. „איז דען מעגליך, — האָט געאָרג געקלערט, — אַז אין עטליכע וואָכען אַרום וועט אַנאַ דאָרט ווידער זיצען, ביי דעמזעלביגען טיש, מיט פאָטער, מוטער און ברודער, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשעהן? אַז זי וועט ווידער שלאָפען יעדע נאַכט ביי אָט דעם פענסטער מיט די אָראַפּגעלאָזענע פאָרהאַנגען, וועט יעדען טאָג אַרויסגעהן פון הויז צו איהרע אָרימע לעקציאָנען? אַז זי וועט ווידער לעבען איהר פריהערדיג, טרויעריג לעבען, ווי עס וואָלט זיך גאָרנישט, קיין זאַך ניט געענדערט? ניין! זי טאָר זיך מעהר ניט אומקערען צו איהרע קרובים, דאָס וואָלט געווען אונזיניג. זי דאַרף וואוינען צוזאַמען מיט איהם. און די דעפּעש פון דעטמאָלד? ער האָט כמעט פאַרגעסען ווענען איהר. מען דאַרף זיך דורכריידען ווענען דעם מיט אַנאַ׳ן. דאָ איז פאַראַן אַ האָפנונג און אויסזיכטען אויף די צוקונפט. אין אַזאַ קליינער שטאָדט איז דאָס לעבען זעהר ביליג. און זיין אייגען פאַרמעגען איז נאָך אויך ווייט ניט ערשעפּט. מען קען פּרוּאווען. און דער אַנגאַזשעמענט אין דעטמאָלד איז דאָך נאָר אַן אָנהויב. עפּעס בעסערס קען באַלד קומען אין אַן אַנדערער, גרעסערער שטאָדט. איבער נאַכט קען ער ווערען באַריהמט, — אַזעלכע זאַכען קומען אַלע מאָל אומערוואַרט, — ניט נאָר ווי אַ דיריגענט, נאָר אויך ווי אַ קאָמפּאָניסט; צוויי־דריי יאָהר וועלען אַריבערגעהן, און זיי וועלען קענען נעמען צו זיך דאָס קינד... דאָס קינד!... ווי אַזוי האָט ער דאָס געקענט אויף איין אויגענבליק פאַרגעסען?...

היינריך האָט נאָך אַלץ גערעדט; ווייזט אויס, נאָר צו פאַר־געסען זיך. ער האָט אַלץ געהאַלטען אין איין פאַרניכטען די פילאָ־סאָפען, רעגראַדירען זיי פון דיכטער צו שפּיעלער. יעדע פילאָסאָפישע און מאָראַלע סיסטעם איז נאָר אַ וואָרטשפּיעל, דאָס הייסט, אַן אַנטלויפען פון דער לעבעדיגער פולקייט פון ערשיינונגען צו דער מאָ־ריאָנעטענאַרטיגער פאַרגליווערטקייט פון קאַטעגאָריען. אָבער גראָד דאָס דאַרפען די מענשען האָבען. פון דאַנען נעמען זיך אַלע פילאָסאָ־פיען, רעליגיאָנען, געזעצען פון מאָראַל. דאָס איז אַלץ אַן אַנטלויפען, אומאויפהערליך, אייביג. נאָר ווייניגע, זעהר ווייניגע האָבען די אומ־געהויערע אינערליכע גרייטקייט אויפצונעמען יעדע ערפאַהרונג, ווי אַ נייע און אַן איינציגע, — די קראַפט איבערצוטראָגען דאָס, וואָס אין יעדען אויגענבליק איז מען אין אַן אַנדער וועלט. און דאָך: נאָר דעם, וואָס קען איבערוועלטיגען דעם פייגען דראַנג איינצושליסען אַלע איבערלעבונגען אין די ענגע ראַהמען פון וואָרט, ווייזט זיך דאָס לעבען, דאָס פּיעלאַרטיג־איינע און וואונדערליכע, אין זיין ריכטיגער געשטאַלט.

געאָרג האָט באַקומען דעם איינדרוק, ווי אין אַלץ, וואָס היינריך האָט גערעדט, וואָלט געווען נאָר איין פאַרלאַנג — אַראָפּנעמען פון זיך יעדע פאַראַנטוואָרטליכקייט און אַרויפוואַרפען זי אויף אַ העכערען געזעץ, וואָס ער האָט ניט אַנערקענט. און ווי אַ שטייגענדען ווי־דערשטאַנד קעגען היינריכ׳ס זאָנדערבאַרע רייד האָט ער געפיהלט, ווי אין זיין נשמה שטעלט זיך ביסלעכווייז אויף די גאַנצקייט פון דער וועלט, וואָס האָט מיט עטליכע שעה צוריק געדראָהט צו צופאַלען. נאָך ערשט ניט לאַנג איז ער געווען אויפגעבראַכט קעגען דער זינ־לאָזיגקייט פון דעם שיקזאַל, וואָס האָט איהם הייגט געטראָפען. איצט אָבער האָט ער גענומען אומקלאָר פאַרשטעהן, אַז אפילו דאָס, וואָס האָט איהם אויסגעוויזען ווי אַ טרויעריגער צופאַל, איז ניט אַראָפּגעפאַלען אויף איהם פון דער לערקייט, נאָר איז געגאַנגען צו איהם מיט דעמזעלביגען פאָראויסבאַשטימטען וועג, ווי דאָס, וואָס האָט זיך דערנעהנטערט צו איהם אויף דעם ווייט באַלויכטענעם וועג, און וואָס ער האָט אָנגערופען נויטווענדיגקייט.

זיי זיינען צוגעקומען צום הויז, וואו היינריך האָט געוואוינט. ביים טיר איז געשטאַנען דער הויז־היטער. ער האָט מיטגעטיילט,

אז נים לאנג צוריק האָט ער אריינגעטראָגען א רעפּעש אין היינריכ'ס צימער.

— אזוי? — האָט היינריך געזאָגט מיט א געמאכטער גלייכ־גילטיגקייט און איז לאנגזאם ארויפגעגאנגען אויף די טרעפּ. געאָרג איז איהם נאָכגעגאנגען. אין פאָרהויז האָט היינריך אָנגעצונדען א ליכטעל. אויפ'ן קליינעם טישעל איז געלעגען די דעפּעש. היינריך האָט זי געעפענט, צוגעטראָגען גאָר נאָהנט צום ליכט, איבערגעלעזען פאר זיך און זיך דאן געווענדט צו געאָרג'ן:

— מען האָט היינט געוואַרט אויף איהר צו דער פּראָבע, אָבער זי איז ניט געקומען.

ער האָט גענומען אין האנט דעם לייכטער, איז צוזאמען מיט געאָרג'ן אריינגעגאנגען אין דערבייאיגען צימער, האָט אוועקגעשטעלט דעם לייכטער אויפ'ן טיש און גענומען געהן הין און צוריק. איבער דעם טונקעלען הויף דורך דאָס אָפענע פענסטער האָבען זיך דערטראָגען צו געאָרג'ן קלאַוויר טענער.

— מעהר שטעהט גאָרנישט אין דער דעפּעש? — האָט ער גע־פרעגט.

— ניין. אָבער עס ווייזט אויס, אז ניט נאָר איז זי ניט געקומען צו דער פּראָבע, נאָר זי איז אויך ניט געוועזן אין דער היים.. אנדערש וואָלט מען געווים טעלעגראפירט, אז זי איז קראנק, אָדער מען וואָלט געגעבען אן אנדער ערקלערונג.. יע, ליעבער געאָרג, — ער האָט טיף אָפּגעזיפצט, — דאָס מאָל קען מען שוין מעהר ניט צווייפלען!

— פאַרוואָס? דערווייל איז נאָך ניטאָ קיין גרונד צו מיינען...

היינריך האָט מיט א קורצען זיפעסט אונטערבראָכען געאָרג'ן. דאן האָט ער א קוק געטאָן אויפ'ן זייגער און געזאָגט:

— היינט איז שוין קיין צוג ניטאָ... יע... וואָס טוט מען... וואָס הייבט מען אָן צו טאָן? — ער איז אנשווייגען געוואָרען, האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט פּלוצלונג געזאָגט:

— איך וועל פאָהרען צו איהר מוטער. יע, דאָס איז דאָס בעסטע... אפשר, אפשר...

זיי זיינען ארויסגעגאנגען. ביים נעקסטען ראָג האָבען זיי גע־נומען א דראָשקע.

— האָט די מוטער עפּעס געוואוסט? — האָט געפרעגט געאָרג.

— אך גאָט, — האָט היינריך געענטפערט, — זי האָט געוואוסט דאָס, וואָס מוטערס ווייסען געוועהנליך. עס איז דאָך אומגלויבליך, ווי ווייניג מענשען דענקען נאָך וועגען דעם, וואָס קומט פאַר לעבען זיי, ווען עפּעס אויסערליכס ציהט ניט זייער אויפמערקזאַמקייט צו דעם. און די מעהרסטע מענשען פאַרדעכטיגען גאָר ניט, אַז פיעלעס איז זיי באַקאַנט טיף אין זייער נשמה, נאָר איז פאַר־באָרגען פון זייער באַוואוסטזיין. די גוטע פרוי וועט מסתמא וואונדערען זיך זעהר, ווען איך וועל פּלוצלונג קומען צו איהר.. איך האָב זי שוין לאַנג ניט געזעהן.

— וואָס וועט איהר איהר זאָגען?

— יע, וואָס וועל איך איהר זאָגען? — האָט היינריך ווידער־האָלט און געביסען זיין ציגאַר. — הערט, איך האָב א גרויסאַרטיגע אידעע: איהר וועט געהן מיט מיר, געאָרג, און איך וועל אייך פאָר־שטעלען, ווי א דירעקטאָר. איהר ווילט? איהר זייט דאָ דורכגע־פאָהרען, מוזט נאָך היינט עלף אזייגער אָפּפאָהרען מיט א ספּעציעלען צוג אין פּעטערבורג, האָט ערגעץ וואו געהערט, אַז די פריילין איז איצט אין וויען, און איך, אַן אַלטער באַקאַנטער אין הויז, ביז געווען אַזוי גוט אייך צו ברענגען און פאָרשטעלען.

— זייט איהר אויפגעלעגט צו אַזעלכע קאָמעדיען? — האָט נעאָרג געפרעגט.

— ענטשולדיגט, געאָרג! דאָס אַלץ איז אייגענטליך גאָר ניט נויטיג. איך וועל איינפאַך פרעגען די אַלטע, צי זי האָט געהאַט א נאַכריכט... וואָס זאָגט איהר?... ווי שטיקענד די לופט איז!

זיי זיינען געפאָהרען איבער דעם רינג, דורך דעם אָפּקלינגענדי־גען בויגען פון בורגהאָף, דורך די גאַסען פון שטאָדט. נעאָרג איז געווען עפּעס אונגעוועהנליך געשפּאַנט. „וואָס, אויב די אַקטריסע זיצט איצט רוהיג ביי איהר מוטער אין דער היים?“ — האָט ער גע־קלערט. ער האָט געפיהלט, אַז דאָס וואָלט פאַר איהם געווען ווי עפּעס אַן ענטטוישונג. דאַן האָט ער זיך געשעמט, וואָס ער האָט אַזוי גע־פיהלט. „איז דען די גאַנצע געשיכטע נאָר א צושטרייאונג פאַר מיר? — האָט ער געקלערט. — יע, וואָס געשעהט מיט אַנדערע... איז פאַר אונז זעלטען עפּעס מעהר, וואָלט געזאָגט נירענבערגער... א זאָנדערבאַרע אַרט צו צושטרייען זיך, אום צו פאַרגעסען דעם

טוים פון איינענעם קינד.. אָבער וואָס זאָל מען טאָן ?... ענדערען קען איך מעהר גאָרנישט. אין א פּאָר טעג ארום פאָהר איך אוועק. א דאנק גאָט".

דער עקיפּאַזש האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי א הויז, ניט ווייט פון פּראַטערשטערן. איבער'ן וויאַדוקט האָט גראָד זיך דורכגעטראָגען א צוג, אונטען זיינען געלאָפען אין פינסטערניש די אַלעען פון פּראַ־טער. היינריך האָט באצאָהלט דעם קוטשער.

— איך דאנק אייך זעהר, — האָט ער געזאָגט געאָרנ'ן. — אריע.

— איך וועל דאָ ווארטען אויף אייך.

—ווירקליך ? בין איך אייך זעהר דאנקבאר.

ער איז אריין אין הויז. געאָרג האָט גענומען געהן הין און צוריק. ניט קוקענדיג אויף די שפּעטע שעה, איז די גאנצע גאַס נאָך אַלץ געווען גענוג באַלעבט. פון פּראַטער האָבען זיך דערטראָגען די קלאַנ־גען פון א מיליטערישען אָרקעסטער. א מאַן און א פרוי זיינען פאַר־ביינעגאנגען. דער מאַן האָט געטראָגען אויף די הענט א שלאָפענדיג קינד, וואָס האָט געהאַלטען ארומגענומען דעם פּאָטערס האַלז. געאָרג האָט זיך דערמאָנט דעם קליינעם גאָרטען אין גרינציננג, דאָס קינד, וואָס האָט אויסגעשטרעקט צו איהם זיינע הענטלאך פון דער מוטערס אָרעמס. האָט דאָס איהם ווירקליך גערי‍הרט, ווי נירענבערגער האָט פאַרזיכערט ? ניין, גערי‍הרט איז ער ניט געווען. עפּעס אנדערש אפשר. אָן אומקלאָר באוואוסטזיין פון דער געשלאָסענער קייט, וואָס ציהט זיך פון אורעלטערען צו אייניקלאך, און אז ער איז אויך אריינ־געטראָטען אין די קייט און טיילט דאָס אַלגעמיין מענשליכע שיק־זאַל. איצט איז ער ווידער פריי פון דער קייט, ווידער אַליין... ווי פאַרשטויסען פון א וואונדער, צו וועמעס צורוף ער האָט זיך ניט צו־געהערט. פון א נאָהנטען קירכטורעם האָט געשלאָגען צעהן. „נאָר פינף שעה זיינען פאַראיבער, — האָט געאָרג א קלער געטאָן, — און ווי ווייט איז שוין אַלץ ! איצט האָט ער ווידער א רעכט צו וואנדערען פריי איבער דער וועלט, ווי פריהער. אָבער האָט ער דען ווירקליך אזא רעכט ?

היינריך איז ארויסגעקומען פון הויז. הינטער איהם האָט זיך צוגעמאַכט די טיר.

— נאַרנישט, — האָט ער געזאָגט. — די מוטער פאַרדעכטיגט נאַרנישט. איך האָב נאָר אָנגעפרעגט וועגן דעם אדרעס, ווי איך וואָלט איהר געראַטעווען, עפּעס ווייכטיגס. איך האָב געזאָגט, אז איך בין געגאַנגען פון פראַטער, און מיר איז איינגעפאַלען... נו, אין אַזוי ווייטער. א ליעבע אַלטע פרוי. דער ברודער איז געזעסען ביים טיש און האָט קאַפּירט פון אן אילוסטרירטער צייטונג א ריטער שלאָס מיט אן אומענדליכער צאָהל טורעמס.

— זייט נאָר איינמאָל אויפריכטיג, — האָט געאָרג געזאָגט.— ווען איהר וואָלט זי מיט דעם געקענט רעטען, וואָלט איהר איהר דען איצט ניט פאַרגעבען?

— האַנדעלט זיך דען דאָ וועגען דעם, צי איך וויל איהר פאַרגעבען, צי ניט? שטעלט אייך פאָר, אז איך האָב איינפאַך אויפגעהערט זי צו ליעבען. דאָס קען דאָך פאַסירען אפילו אָהן א „פאַרראַט“ אויך. שטעלט אייך פאָר, אז אייך פאַרפאָלגט מיט איהר ליעבע א פרוי, וועמעס באַריהרונג רופט ארויס אין אייך שרעק; שטעלט אייך פאָר, אז זי דראָהט מיט זעלבסטמאָרד, ווען איהר וועט זי פאַרשטויסען. וואָלט איהר געווען פאַרפליכטעט איהר נאָכצוגעבען? וואָלט איהר געקענט מאַכען זיך כאָטש דעם מינדסטען פאָרוואורף, ווען זי וואָלטווירקליך באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליעב דער אַזוי געראָפענער פאַרשטויסענער ליעבע? וואָלט איהר זיך געפיהלט ווי איהר מערדער? דאָס וואָלט דאָך געווען נאַריש, ניט אמת? איז אויב איהר מיינט, אז מיך פייניגט איצט דאָס אַזוי גערופענע געוויסען, האָט איהר א טעות. איך בין איינפאַך באַזאָרגט וועגען דעם שיקזאַל פון א פרוי, וואָס איז אמאָל מיר געווען נאָהנט און איז נאָך איצט אויך ניט פרעמד ביז א געוויסען גראַד. דאָס ניט וויסען...

פלוצלונג האָט ער אָפּגעשטעלט זיין בליק אין איין ריכטונג.

— וואָס איז אייך? — האָט געאָרג געפרעגט.

— איהר זעהט ניט? א טעלעגראַמען טרעגער. ער געהט צו איהר מוטערס הויז.

איידער דער מאַן האָט נאָך אָנגעקלונגען, איז שוין הייני־ך געווען לעבען איהם און האָט איהם געזאָגט א פּאָר ווערטער, וואָס געאָרג האָט ניט געהערט. יענער האָט געשיינט צו מאַכען איינווענ־

דונגען, היינריך האָט ווידער גענומען איהם איבערצייגען. און געאָרג, צוקומענדיג נעהנטער, האָט דערהערט זיינע ווערטער:

— איך האָב דאָך דאָ ביים טיר געוואַרט, ווייל דער אַרצט האָט מיך דרינגענד געבעטען וועגען דעם. אין טעלעגראַם איז... אפשר... פאַראַן אַ טרויעריגע נאַכריכט... און דאָס קען טויטען מיין מוטער... אויב איהר גלויבט מיר ניט, קלינגט אָן; איך וועל צו־זאַמען מיט אייך אַריינגעהן אין הויז.

אָבער ער האָט שוין געהאַלטען די דעפּעש אין האַנט, האָט זי האַסטיג געעפענט און איבערגעלעזען ביים ליכט פון אַ לאַנטערן. זיין געזיכט איז געבליבען פאָלשטענדיג רוהיג. דאַן האָט ער ווידער צו־זאַמענגעלעגט די דעפּעש, האָט זי אָפּגעגעבען דעם מאַן, ראָט איהם אַריינגעלעגט אין האַנט עטליכע זילבערנע מטבעות און געזאָגט:

— איהר מוזט זי דאָך אָפּגעבען אליין.

דער מאַן איז געווען פאַרוואונדערט, אָבער דאָס טרינקגעלט האָט איהם מילדער געשטימט. היינריך האָט אָנגעקלונגען און זיך אָפּ־געקערט.

— קומט, — האָט ער געזאָגט געאָרג'ן.

זיי זיינען שווייגענדיג געגאַנגען איבער'ן גאַס. אין עטליכע מינוט אַרום האָט היינריך געזאָגט:

— עס איז געשעהן.

געאָרג האָט זיך דערשראָקען פיעל מעהר, ווי ער האָט אליין ערוואַרט.

— איז דאָס מעגליך? — האָט ער אויסגערופען.

— יע, — האָט היינריך געענטפערט, — זי האָט זיך דער־טרונקען אין לאַנדזעע. אין דעמזעלביגען לאַנדזעע, אויף וועלכען איהר האָט פאַרבראַכט עטליכע טעג דעם זומער, — האָט ער צו־געגעבען אין אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט אויף געאָרג'ן אויך געוואָלט אַרויפוואַרפען אַ טייל פון דער פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דאָס גע־שעהענע.

— וואָס שטעהט אין טעלעגראַם? — האָט געאָרג געפרעגט.

— דאָס איז פון דירעקטאָר. ער האָט נאָר וואָס באַקומען די נאַכריכט, אַז זי איז דערטרונקען געוואָרען פאָהרענדיג אויף אַ שיפעל. ער פאַרלאַנגט אויסקונפטען פון דער מוטער.

ער האָט געזעדט קאַלט, האַרט, ווי ער וואָלט פאַרגעלעזען א נאָטיץ אין א צייטונג.

— אומגליקליכע פרוי! אפשר וואָלט איהר, היינריך...

— וואָס?... געהן צו איהר? צו וואָס?

— ווער דען, אויסער אייך, קען איצט... און מוז זיין לעבען איהר?

— ווער אויסער מיר? — ער איז געבליבען שטעהן. — איהר מיינט דערפאַר, וואָס דאָס איז, אזוי צו זאָגען, געשעהן צוליעב מיר? איך ערקלער אייך פייערליך, אז איך פיהל זיך פאָלשטענדיג אומ־שולדיג. דאָס שיפעל, פון וועלכען זי האָט זיך אַרויסגעוואָרפען, און די וועלען, וואָס האָבען זי אויפגענומען, קענען זיך ניט פיהלען אומ־שולדיגער פון מיר. דאָס נאָר וויל איך פעסטשטעלען... אָבער אז איך מוז געהן צו דער מוטער... אין דעם זייט איהר פאָלשטענדיג גערעכט.

און ער האָט ווידער גענומען געהן צום הויז.

— אויב איהר ווילט, — האָט געאָרג געזאָגט, — וועל איך דאָ בלייבען ווארטען אויף אייך.

— וואָס פאַלט אייך איין, געאָרג. געהט רוהיג אהיים. וואָס זאָל איך פון אייך פאַרלאַנגען? און גריסט אנא'ן און זאָגט איהר, ווי שטאַרק איך באַדויער... נו, איהר ווייסט דאָך אַליין... אָט זיינען מיר. אויב איהר ערלויבט, וועל איך דאָ נאָך בלייבען מיט אייך עטליכע סעקונדען, איידער איך...

ער איז געבליבען שטעהן שווייגענדיג, דאַן האָט ער ווידער גע־נומען ריידען, און זיינע צונגען האָבען זיך צוקרימט:

— איך וויל אייך עפּעס זאָגען, געאָרג. אָט וואָס: עס איז א גרויס גליק, וואָס אין געוויסע מאָמענטען ווייס דער מענש ניט, וואָס אייגענטליך מיט איהם איז געשעהן. ווען מען וואָלט באַלד געפיהלט דעם שרעק פון אזעלכע מאָמענטען אזוי שטאַרק, ווי שפּעטער אין דער ערינערונג, אָדער פריהער אין דער ערוואַרטונג, וואָלט מען געקענט משוגע ווערען. און אייניגע ווערען טאַקי משוגע. דאָס זיינען וואַר־שיינליך די מענשען, וואָס האָבען די פעהיגקייט באַלד ריכטיג צו פיהלען. מיין געליעבטע האָט זיך דערטרונקען, איהר הערט? דאָ קען מען מעהר ניט זאָגען. איז ווירקליך עפּעס עהנליכעס פריהער גע־

שיצהן מיט אנדערע? א ניין. איהר מיינט געוויס, אז איהר האט שוין עפעס אזוינס געלעזען אדער געהערט. דאס איז ניט אמת. היינט צום ערשטען מאל... צום ערשטען מאל, זינט די וועלט שטעהט, איז עפעס אזוינס געשעהן.

די טיר האט זיך געעפענט און ווידער פארמאכט. געארג איז געשטאנען אליין אויפ'ן גאס. דער קאפ האט געשווינדעלט, און אויפ'ן הארצען איז געוועזן שווער. ער איז אפגעגאנגען עטליכע טריט, דאן האט ער גענומען אן עקיפאזש און איז געפאהרען אהיים. איהם האט אויסגעוויזען, אז ער זעהט פאר זיך די דערטרונקענע אקטריסע אזוי, ווי זי איז געשטאנען יענעם [illegible] טאג פאר דער טיר צו דער ביהנע, אין א רויטער בלוזע און א קורצען ווייסען ראק, מיט די וואנדערענדע אויגען אונטער די רויטליכע האר. ער וואלט דאך געשווארען, אז זי האט א פארהעלטניס מיט דעם קאמעדיאנט, וואס איז עהנליך צו גווידא'ן. אפשר איז דאס טאקי אזוי געוועזן. דאס האט געקענט זיין איין ארט פון ליעבע. און וואס זי האט געפיהלט צו היינריכ'ן — אן אנדערע. פאר דעם פעהלען גאר ווערטער אין דער מענשליכער שפראך. פאר איינעם געהט מען צום טויט, מיט דעם אנדערען ליגט מען אין בעט — אפשר נאך אין דער נאכט, איידער מען דערטרינקט זיך צוליעב דעם ערשטען. און וואס, נאך אלעמען, באווייזט זעלבסטמארד? אפשר נאר, אז אין א געוויסען אויגענבליק האט מען דעם טויט ניט ריכטיג פארשטאנען. ווי ווייניג פארזוכען זעלבסטמארד נאכאמאל, ווען זיי איז דאס איינמאל ניט געלונגען. ער האט זיך פלוצלונג דערמאנט דעם געשפרעך מיט גרייס'ן ביי לאבינסקי'ס קבר, דעם גליהענד־קאלטען געשפרעך יענעם פעברואר טאג, ווען דער שניי איז צוגאנגען אין זון. אין יענער שעה האט זי איהם מודה געוועזן, אז זי האט ניט געפיהלט דעם מינדסטען שרעק, ווען זי האט געפונען לאבינסקי'ן א דערשאסענעם ביי איהר טיר. און ווען מיט א סך יאהרען צוריק איז איהר קליינע שוועסטער געשטארבען, האט זי א גאנצע נאכט פארבראכט ביי איהר טויטענבעט און האט ניט געפיהלט קיין שפור פון דעם, וואס אנדערע רופען אן שרעק. אבער עפעס, וואס האט געקענט זיין עהנליך צו אט דעם געפיהל, ווי זי האט דערצעהלט געארג'ן, האט זי געפיהלט אין מענליכע ארעמס. צוערשט האט דאס איהר אליין אויסגעוויזען זאנדערבאר, שפעטער

אָבער האָט זי דאָס, דוכט זיך, פאַרשטאַנען. די אַרצטען האָבען ער־
קלערט, אַז זי וועט בלייבען אומפרוכטבאַר, און דעריבער, ווייזט אויס,
האָט דער מאָמענט פון דער העכסטער ליכס, וואָס איז צוריעב דעם
געוואָרען נוצלאָז, געוואָרפען אויף איהר אַ געהיימניספולען שרעק.
דאַן האָט דאָס אויסגעוויזען געאָרג'ן ווי אַפעקטירטע רייד, קיינט
אָבער האָט ער צום ערשטען מאָל דערפיהלט אין דעם עפּעס אַן אמת.
זי איז געווען אַן אומגעוועהנליכע פרוי. וועט ער ווען עס איז באַ־
גענגען נאָך אַזאַ ? אפשר גאָר איינגיכען. איצט הויבט זיך דאָך אָן
אַ נייע עפּאָכע אין זיין לעבען, און ערגעץ וואַרט שוין אפשר אויף איהם
זיין נעקסטע אַוואַנטור. אַוואַנטור?... וואָגט ער גאָר קלערען וועגען
דעם?... ליגען דען ניט אויף איהם פון היינטיגען טאָג אָן נאָך
ערנסטערע פליכטען, ווי ווען עס איז פריהער? ליעבט ער ניט אַנאַ'ן
מעהר ווי פריהער?... דאָס קינד איז טויט... אָבער דאָס נעקסטע
וועט לעבען!... היינריך האָט ריכטיג געזאָגט: אַנאַ איז געווען
באַשטימט צו ווערען מוטער. מוטער... „אָבער, — האָט ער אַ קלער־
געטאָן, ווערענדיג קילער, — איז זי דען אויך באַשטימט צו ווערען
די מוטער פון מ י י נ ע קינדער?...“

דער עקיפּאַזש האָט זיך אָפּגעשטעלט. געאָרג איז אַרויסגע־
גאַנגען און איז אַרויף די צוויי טרעפּ אין זיין וואוינונג. פעליציאַן
איז נאָך ניט געווען אין דער היים. „ווער ווייס, ווען ער וועט
קומען? — האָט געאָרג געקלערט, — איך קען אויף איהם ניט וואַר־
טען, איך בין צו מיד“. ער האָט זיך שנעל אויסגעטאָן, זיך געלעגט
אין בעט און איז באַלד אַריינגעפאַלען אין אַ טיפען שלאָף.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָבען זיינע אייגען גענומען
זוכען הורכ'ן פענסטער די ווייסע ליכטיגע צווישען דעם וואַלד און די
לאָנקעס, דעם וועג פון די זומערדיגע לאָנקעס, ווי ער איז געוועהנט
געווען צו טאָן די לעצטע טעג. אָבער ער האָט נאָר דערזעהן אַ בלוי־
ליכען קלאָרען הימעל, און וועלכען אַ שפּיץ פון אַ טורעם האָט זיך
געהויבען, און ער האָט באַלד געוואוסט, אַז ער איז אין דער היים,
און האָט זיך דערמאָנט אַלץ, וואָס איז געשעהן נעכטען. דאָך האָט ער
אין ליעב און זעל געפיהלט זיך דערפרייט פון מאָרגען און איהם האָט
זיך געדוכט, אַז אויסער טרויעריגס איז אויך געווען עפּעס אַנגענעמס.

אך, יע. די דעפּעש פון דעטמאָלד... איז דאָס דען אָבער געווען, אזוי אנגענעם? נעכטען אָוונט האָט ער דאָס ניט געפיהלט.

מען האָט אָנגעטהאָפּט אין טיר. פעליציאן איז אריין צו איהם אין צימער מיט'ן הוט און שטעקען אין האנט.

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אז דו האָסט היינט געשלאָפען אין דער היים. וואָס מאכסטו? וואָס הערט זיך ביי דיר דאָרטען?

געאָרג האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפ'ן קישען און געקוקט אויפ'ן ברודער.

— אלץ איז געענדיגט, — האָט ער געזאָגט, — א אינגעל איז געבאָרען געוואָרען, אָבער א טויטער.

און ער האָט געקוקט פאר זיך אין רוים.

— וואָס רעדסטו! — האָט פעליציאן געזאָגט באוועגט, איז צוגעגאנגען צום ברודער און האָט ניט ווילענדיג איהם ארויפגעלעגט די האנט אויפ'ן קאָפּ. דאן האָט ער געלעגט אָן א זייט זיין הוט און שטעקען, האָט זיך געזעצט צו איהם אויפ'ן בעט, און געאָרג האָט זיך דערמאָנט די מאָרגען שעה'ן אין קינדהייט, ווען ער פלעגט זיך אויפכאפּען און געפינען אמאָל דעם פאָטער אזוי זיצענדיג אויפ'ן בעט. ער האָט דערצעהלט פעליציאנ'ען, ווי דאָס אלץ איז געשעהן, האָט באזונדערס גערעדט וועגען אנא'ס געדולדיגקייט און מילדקייט, האָט אָבער געפיהלט אביסעל אומבאקוועם, וואָס ער דאַרף אויף א קינסטליכען אופן צוגעבען זיינע ווערטער דעם פאסיגען טאָן פון ערנסטקייט און געדריקטקייט. פעליציאן האָט געהערט מיט מיטגעפיהל, האָט זיך דאן אויפגעהויבען און גענומען געהן הין און צוריק איבער'ן צימער. דערווייל איז געאָרג אויפגעשטאנען, האָט גענומען זיך אָנטאָן, און האָט דערצעהלט דעם ברודער, ווי זאָנדערבאר נעכטיגער אָוונט האָט זיך ביי איהם געענדיגט, ווי ער איז געגאנגען איבער די גאסען מיט בערמאנ'ען, און ווי זיי האָבען זיך ענדליך דערוואוסט, אויף אן אומגעוועהנליכען אופן, אז די אקטריסע איז באגאנגען זעלבסטמאָרד.

— אך, דאָס איז די, — האָט געזאָגט פעליציאן. — עס שטעהט שוין וועגען דעם אין די צייטונגען.

— ווי איז דאָס געשעהן? — האָט געאָרג געפרעגט נייגעריג.

— זי איז ארויסגעפאָהרען אויפ'ן לאנדזוע און האָט זיך ארויס־

געוואָרפען פון שיפעל אין וואסער... נו, דו וועסט שוין איבערלעזען. איצט וועסטו, נאַטירליך, ווידער פאָהרען אין דאָרף?

— נאַטירליך, — האָט געענטפערט געאָרג. — אָבער איך דאַרף דיר דערצעהלען נאָך אַן אינטערעסאַנטע זאַך, פעליציאַן.

און ער האָט דערצעהלט וועגען דער דעפּעש פון רעטמאַלר. פעליציאַן האָט געשיינט צו זיין ערשטוינט.

— דאָס ווערט ערנסט! — האָט ער אויסגערופען.

— יע, דאָס ווערט ערנסט, — האָט געאָרג ווידערהאָלט.

— דו האָסט נאָך ניט געענטפערט?

— ניין. ווען האָב איך דען געקענט?

— און וואָס ווילסטו טאָן?

— דעם אמת געזאָגט, ווייס איך נאָך אליין ניט. דו פאַרשטעהסט דאָך, אַז איך קען ניט פאָהרען אָננעמען די שטעל, באַזונדערס ביי די איצטיגע אומשטענדען.

פעליציאַן האָט געשיינט נאָכצודענקען.

— פון אָפּלעגען אויף אַ קורצע צייט וועט גאָרנישט זיין פאַרלאָרען, — האָט ער אין אַ ווייַלע אַרום געזאָגט.

— דאָס מיין איך אויך. פריהער פון אַלץ מוז איך וויסען, וואָס טוט זיך אין דאָרף. איך וואָלט אויסערדעם געוואָלט זיך באַראַטען מיט אַנאַ'ן.

— וואו איז די דעפּעש? מעג איך זי איבערלעזען?

— דאָרטען אויפ'ן שרייבטיש ליגט זי, — האָט געזאָגט געאָרג, איינשנורענדיג די שיך.

פעליציאַן איז אריין אין דערבייאיגען צימער, האָט גענומען די דעפּעש און האָט זי איבערגעלעזען.

— דאָס איז פיעל דרינגענדער, ווי איך האָב געמיינט, — האָט ער באַמערקט.

— מיר שיינט, פעליציאַן, אַז דו קענסט זיך אַלץ ניט צוגעוועדנען צום געדאַנק, אַז איך וועל באַלד האָבען אַן אמת'ען באַרוף.

פעליציאַן איז צוגעגאַנגען צום ברודער, האָט איהם געגלעט די האָר און געזאָגט:

— עס איז אפשר גאָר גוט, וואָס די דעפּעש איז גראָד נעכטען אָנגעקומען.

— גוט? פארוואָס?

— מיר דוכט, אַז נאָך אַזאַ טרויעריגער געשעהעניש דאַרף די נייע אויסזוכט אויף פּראַקטישע טעטיגקייט האָבען אויף דיר אַ דאָ־פּעלט גוטע ווירקונג... צום באַדויערען, מוז איך דיך איצט פאַרלאָ־זען. איך האָב נאָך אַ סך זאַכען צו טאָן, אבשיר באַזוכען אין עהנ־ליכע זאַכען.

— ווען פאָהרסטו דען, פעליציאַן?

— אין אַ וואָך אַרום. זאָג נאָר, געאָרג, דו וועסט היינט מסתמא קומען אַהיים פון דאָרף?

— אויב אַלץ וועט דאָרט זיין אין אָרדנונג, וועל איך קומען צוריק.

— וועלען מיר זיך נאָך אפשר זעהן אין אָוונט?

— מיך וואָלט דאָס זעהר געפרעהט, פעליציאַן.

— גוט, וועל איך זיין פון זיבען אַזייגער אָן אין דער היים. מיר וואָלטען געקענט צוזאַמען האָבען אָוונטברויט, אָבער אַליין, ניט אין קלוב.

— מיט פאַרגניגען.

— איך האָב נאָך עפּעס געוואָלט בעטען, — האָט פעליציאַן געזאָגט נאָך אַ ווײַלע שווייגען, — גיב דאָרט איבער מיין גרוס, מיין הערצליכען גרוס... און זאָג איהר, אַז איך האָב דעם טיפסטען מיט־געפיהל...

— אַ דאַנק, פעליציאַן, איך וועל איהר דאָס איבערגעבען.

— ווירקליך, געאָרג, איך קען דיר גאָר ניט זאָגען, ווי דאָס טוט מיר וועה, — האָט פעליציאַן ווייטער געזאָגט מיט וואַרימקייט, — איך האָף נאָר, אַז זי וועט זיך באַלד צוגעוועהנען... און דו אויך.

געאָרג האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ווייסטו, — האָט ער שטיל געזאָגט, — ווי ער האָט געזאָלט הייסען? פעליציאַן!

פעליציאַן האָט אַ קוק געטאָן דעם ברודער אין די אויגען, זעהר ערנסט, און האָט איהם דאַן געדריקט די האַנט.

— אויף דאָס נעקסטע מאָל, — האָט ער געזאָגט מיט אַ גוטען שמייכעל.

ער האָט נאָכאַמאָל געדריקט דעם ברודער די האַנט. געאָרג האָט

איהם נאָכגעקוקט. „גאַנץ אומאַנגענעם, — האָט ער אַ קלער געטאָן, — איז איהם דאָך ניט, וואָס אַזוי איז אַרויסגעקומען". ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און האָט באַשלאָסען צו פֿאָהרען אין דאָרף אויפ'ן וועלאָסיפּעד.

ווי נאָר געאָרג איז אַרויסגעפֿאָהרען פֿון שטאָדט, איז ער באַלד איינגעאַנצען געקומען צו זיך. דער הימעל איז געוועזען אַביסעל פֿאַר־וואָלקענט, און פֿון די בערגלאַך האָט אַנטקעגען געאָרג'ן געוועהט אַ קיהלער ווינט, ווי אַ הערבסט גרוס. געאָרג האָט ניט געוואָלט באַ־געגנען קיינעם פֿון דאָרף, וואו די נעכטיגע געשעהעניש איז שוין מסתמא אַלעמען געוועזען באַקאַנט. ער איז געפֿאָהרען מיט'ן אויבער־שטען וועג, צווישען לאָנקעס און גאָרטענס. וואָס מעהר די מינוט האָט זיך דערנעהנטערט, ווען ער האָט ווידער געדאַרפֿט דערזעהן אַנאַ'ן, אַלץ שווערער איז איהם געוואָרען אויפ'ן האַרצען. ביים פּלויט איז ער אַראָפּ פֿון וועלאָסיפּעד און האָט אַ ווײַלע געוואַרט. דער גאָרטען איז געוועזען לעער; אונטען איז געשטאַנען דאָס הויז, איינ־געהילט אין שטילקייט. געאָרג האָט טיף און טרויעריג אָפּגעאָטעמט. „ווי דאָס אַלץ וואָלט געקענט זיין אַנדעריש!" — האָט ער אַ קלער געטאָן און איז געגאַנגען אַראָפּצו, צוהערענדיג זיך צום רויש פֿון זאַמד אונטער זיינע פֿיס. ער איז אַרויף אויף די וועראַנדאַ, האָט אָנגעלעהנט דעם וועלאָסיפּעד אָן פּאַרענטש און אַריינגעקוקט דורך דאָס אָפֿענע פֿענסטער אין צימער. אַנאַ איז געלעגען מיט אָפֿענע אויגען.

— גוט מאָרגען! — האָט ער אויסגערופֿען אין דעם מעגליכסט פֿרעהליכען טאָן.

פֿרוי גאָלאָווסקי, וואָס איז געזעסען אויף אַנאַ'ס בעט, האָט זיך אויפגעהויבען און האָט גלייך דערצעהלט:

— מיר האָבען גוט געשלאָפֿען, פֿעסט און לאַנג.

— נו, דאָס איז שעהן — האָט געזאָגט געאָרג און איז אַריין אין צימער, אַריבערשפּרייזענדיג דאָס פֿענסטערברעט.

— דו ביזט זעהר אונטערנעמענד היינט, — האָט געזאָגט אַנאַ מיט איהר שלויען שמייכעל, וואָס האָט דערמאָנט געאָרג'ן אָן לאַנג פֿאַרגאַנגענע צייטען. פֿרוי גאָלאָווסקי האָט מיטגעטיילט, אַז דער פּראָפֿעסאָר איז געוועזען אין דער פֿריה, איז געבליבען פֿאָלשטענדיג

צופריידען און האָט מיטגענומען פרוי ראָזנער אין שטאָדט אין זיין עקיפּאַזש. דאַן איז זי אַרויס, וואַרפענדיג אַ גוטען בליק.

געאָרג האָט זיך אָנגעבויגען צו אַנאַ'ן, האָט צאַרט געקושט איהר די אויגען און דאָס מויל, האָט צוגערוקט נעהנטער דעם שטול, זיך אוועקגעזעצט און געזאָגט:

— מיין ברודער גריסט דיך הערצליך.

עפּעס האָט אומבאַמערקבאַר אַ ציטער געטאָן אַרום איהרע ליפּען.

— אַ דאַנק, — האָט זי שטיל געענטפערט און האָט דאַן גע־פרעגט: — ביזט געקומען אויפ'ן וועלאָסיפּעד?

— יע, — האָט ער געענטפערט.—מען מוז אַכטונג געבען אויפ'ן וועג, און דאָס איז אַמאָל גוט.

דאַן האָט ער איהר דערצעהלט, ווי נעכטיגער אָוועגט האָט זיך געענדיגט, איבערגעבענדיג אַלץ, ווי אַ העכסט אינטערעסאַנטע גע־שיכטע; נאָר צום סוף, ווי עס האָט געדאַרפט זיין, האָט אַנאַ ער־פאַהרען וועגען דעם זעלבסטמאָרד פון היינריכ'ס געליעבטער. ער האָט ערוואַרט, אַז זי וועט זיין געריהרט, אָבער עפּעס אַ זאָנדערבאַרער האַרטער צוג איז די גאַנצע צייט געבליבען אַרום איהר מויל.

— דאָס איז דאָך שרעקליך, — האָט געזאָגט געאָרג, — ניט אמת?

— יע,—האָט אַנאַ קורץ געענטפערט, און געאָרג האָט דערפיהלט, אַז איהר גוטסקייט איז דאָ אינגאַנצען פאַרשוואונדען. ער האָט גע־זעהן, ווי אין איהר נשמה פליסט ניט אַ שטילער ווידערוויללען פון איין מענשען צו אַ צווייטען, נאָר אַ שטראָם פון האַס פון איין וועלט צו אַן אַנדערער. ער האָט מעהר וועגען דעם ניט גערעדט.

— איצט עפּעס וויכטיגס, מיין קינד, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל, האָט אָבער געפיהלט, ווי זיין האַרץ קלאַפּט לייכט.

— נו? — האָט זי געפרעגט געשפּאַנט.

ער האָט אַרויסגענומען פון בוזעם קעשענע די רעטמאַלדער דע־פּעש און האָט זי איהר איבערגעלעזען.

— וואָס זאָגסטו? — האָט ער געזאָגט מיט אַ געמאַכטען שטאָלץ.

— און וואָס האָסטו געענטפערט?

— דערווייל נאָך גאָרנישט, — האָט ער געזאָגט אין א לייכטען טאָן, ווי גאָר ניט נעמענדיג ערנסט די גאנצע געשיכטע. — איך האָב וועגען דעם, נאַטירליך, געוואָלט צושטעלן ריידען מיט דיר.

— איז וואָס דענקסטו? — האָט זי געפרעגט, ניט ריהרענדיג זיך.

— איך... וועל, פארשטעהט זיך, ניט אָננעמען. איך וועל טעלעגראפירען, אז... אין דער נאָהנטסטער צוקונפט קען איך בשום אופן ניט קומען.

און ער האָט איהר ערנסט ערקלערט, אז פון אָפּלעגען וועט ער גאָרנישט פארלירען, ווייל ווי א גאסט וועט מען איהם יעדענפאלס אויפנעמען מיט פרייד, און די איצטיגע דרינגענדע אויפפאָדערונג איז ארויסגערופען געוואָרען פון א צופאל, אויף וועלכען קיינער האָט ניט געהאט דאָס רעכט צו האָפען.

זי האָט איהם אויסגעהערט און דאן געזאָגט:

— דו ווילסט ווידער האנדלען לייכטזיניג. נאָך מיין מיינונג האָסטו פריהער פון אלץ געדארפט באלד ענטפערען, און...

— און?... אפשר גאָר אָפּפאָהרען היינט אין דער פריה, אנשטאט צו קומען אהער צו דיר? — האָט ער געשפאסט.

זי איז געבליבען ערנסט.

— און פארוואָס ניט? — האָט זי געזאָגט. און ענטפערענדיג אויף זיין פארוואונדערטע באוועגונג מיט'ן קאָפּ, האָט זי באמערקט:

— איך פיהל מיך דאָך, א דאנק גאָט, גוט, און ווען מיר וואָלט אפילו געווען ערגער, העלפען קענסטו מיר דאָך סאַי ווי ניט, איז...

— מיין טייערע, — האָט ער איהר אונטערבראָכען, — מיר דוכט, אז דו פארשטעהסט ניט גוט, וועגען וואָס דאָ האנדעלט זיך. פאָהרען אהין איז נאַטירליך א גאנץ געוועהנליכע זאַך, אָבער בלייבען דאָרט וואָלט איך געמוזט ביז פסח, אזוי לאנג דויערט דער סעזאָן.

— קעגען דעם, וואָס דו ביזט ניט אוועקגעפאָהרען, ניט זעגענענ־דיג זיך מיט מיר, האָב איך נאַטירליך ניט וואָס איינצואווענדען, געוואָרג. אָבער אוועקפאָהרען וועסטו דאָך יעדענפאלס מוזען, ניט אמת? אויב מיר האָבען די לעצטע צייט וועגען דעם גאָרניט גערעדט, האָבען מיר דאָך אָבער דאָס ביידע געוואוסט. איז צי דו וועסט אוועקפאָהרען אין א מאָנאט ארום, אָדער איבערמאָרגען, אָדער היינט...

איצט האָט געאָרג אָנגעהויבן צו ווערן זיך ערנסט. דאָס איז ווייט ניט דיזעלביגע זאַך, אין אַ מאַנאַט אַרום, אָדער היינט. אין פער־לויף פון אַ מאַנאַט קען מען זיך געזעגנען באַקענען מיט דער לאַגע און אויספירלעך איבערעדן וועגן דער צוקונפט.

— וואָס איז דאָ איבערצורעדן? — האָט זי געענטפערט אַביסל מיד. אין אַ מאַנאַט אַרום וועסטו אויך ניט מיטנעמען... וועסט ניט קענען מיטנעמען מיך מיט דיר, פונקט ווי היינט. איך מיין גאָר, אַז אַ וועלכער עס איז ערנסטער געשפּרעך צווישן אונז וועט נאָר דאַן האָבן אַ זין, ווען דו וועסט קומען צוריק. דאַן וועט עפּעס קלאָר ווערן... יעדנפאַלס, וועגן דיינע אויסזיכטן אויף די צוקונפט.

זי האָט אַרויסגעקוקט דורך דאָס פענסטער אין גאָרטן. געאָרג איז געווען אַביסל אויפגעבראַכט קעגן דער קאַלטער באַרעכנטקייט, וואָס האָט זי ניט פאַרלאָזן אפילו אין אַזאַ מאָמענט.

— באַרענק נאָר, — האָט ער געזאָגט, — וואָס דאָס מיינט, אַז דו וועסט בלייבן דאָ, און איך...

זי האָט אויף איהם אַ קוק געטאָן.

— איך ווייס, וואָס דאָס מיינט, — האָט זי געזאָגט.

ער האָט ניט ווילענדיג אויסגעמידען איהר בליק, האָט אָנגענומען איהר האַנט, זי אַ קוש געטאָן און איז געווען טיף גערירט. ווען ער האָט ווידער אויפגעהויבן די אויגן, האָט ער דערזעהן, אַז אַנאַ קוקט אויף איהם מיט אַ מוטערליכען בליק. און זי האָט ווירקליך אָנגעהויבן רעדען מיט איהם, ווי אַ מוטער. זי האָט איהם ערקלערט, אַז גראָד צוליעב דער צוקונפט, — און אין דעם וואָרט האָט געקלונגען עפּעס אַ האָפנונג, — דאַרף מען אַזאַ געלעגענהייט ניט דורכלאָזען. אין צוויי אָדער דריי וואָכען אַרום וועט ער דאָך קענען ווידער קומען אין וויען אויף עטליכע טעג. מען וועט דאָרט געוויס פאַרשטעהן, אַז ער דאַרף דאָ ברענגען אין אָרדנונג זיינע געשעפטען. אָבער פריהער פון אַלץ איז נויטיג צו געבען זיי אַ באַוויז פון זיינע ערנסטע אַבזיכטען. און אויב איהם איז איהר ראַט כאָטש אַביסל טייער, קען זי איהם נאָר איין זאַך ראַטען: אוועקפאָהרען היינט אָוונט. וועגן איהר דאַרף ער ניט זאָרגען, זי איז איצט אויסער געפאַהר, אין דעם צוויי־פעלט זי גאָר ניט. זי וועט איהם, פאַרשטעהט זיך, יעדען טאָג שרייבען וועגען איהר געזונט, אפילו צוויי מאָל אַ טאָג, אויב ער וויל, אין

דער פריה אין אין אָווענט. געאָרג האָט ניט באַלד נאָכגעגעבן, היינ־
און נאָכאַמאָל ווידערהאָלט, אַז דער אומגעריכטער אבשיד איז פאַר
איהם שרעקליך. זי האָט געענטפערט, אַז איהר איז אַנגענעהמער צו
זעגענען זיך מיט אַמאָל, איידער אַ גאַנצען מאָנאַט מורא האָבען
און זיך אויפרעגען צוליעב דעם. די הויפּטזאַך איז, וואָס דו וואַרטעסט
זיך נאָר וועגען אַ האַלבען יאָהר. דאַן קען מען דאָך ווידער פאַרברענ־
גען אַ האַלב יאָהר צוזאַמען, און אויב אַלץ וועט צוגעהן גוט, קען זיין,
אַז אין דער צוקונפט וועלען זיי זיך שוין ניט אַזוי פיעל מאָל צו־
שיידען.

ער האָט ווידער גענומען פּראָטעסטירען.

— אָבער וואָס וועסטו טאָן דאָס האַלבע יאָהר, וואָס איך וועל ניט זיין? — האָט ער געפרעגט. — דאָס איז דאָך...

זי האָט איהם אונטערבראָכען:

— דערווייל וועט זיך גאָרנישט ענדערען. אָבער היינט אין דער פריה האָב איך איבערגעקלערט וועגען אַ סך זאַכען.

— אַ געזאַנג שול?

— יע, דאָס אויך. אָבער עפענען אַ שול איז גאָר ניט אַזוי לייכט און איינפאַך, און אויסערדעם, — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ שמייכעל, — וואָלט געווען אַ שאָד, אויב איך וואָלט זי באַלד געמוזט פאַר־מאַכען. אָבער וועגען די אַלע זאַכען וועלען מיר זיך שפּעטער דורכ־רעדען. איצט געה טעלעגראַפירען.

— אָבער וואָס? — האָט ער אויסגערופען מיט אַזאַ פאַרצווייפ־לונג, אַז זי האָט זיך צולאַכט.

דאַן האָט זי געזאָגט:

— זעהר איינפאַך. וועל מאָרגען האָבען די עהרע צו קומען אין אייער קאָנטאָר. אַלאָנטערטעניגסט, אָדער ערגעבענסט... אָדער גרויס־האַלטעריש...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר, האָט געקושט איהר האַנט און געזאָגט:

— איך מוז ענטשידען זאָגען, אַז דו ביזט די בארעכענטסטע פון אונז ביידען. — אין זיין טאָן האָט זיך אויך געהערט: „און די קאַלט־בלוטיגסטע,“ אָבער איהר ליעבליכער, צאַרטער, אביסעל שפּאָטישער

בליק האט אָפּגעווענדט דעם זייטיגען געדאַנק. — איז קום איך צוריק אין צעהן מינוט אַרום.

ער איז אַוועקגעגאַנגען פון איהר מיט א פרעהליכען געזיכט, איז אַרויס אין דערבייאיגען צימער און האָט פאַרמאַכט די טיר. און דאָרט, הינטער יענער אַנדערער טיר, איצט האָט ער דאָס ווידער דערפיהלט, — איז אין אַן אַרון געלעגען זיין טויט קינד... ווייל „אַלץ וואָס איז נויטיג,” ווי דאָקטאָר שטאובער האָט זיך אויסגעדריקט געכטען, איז שוין מכתמא באַזאָרגט געוואָרען. א פיינליכע בענקשאַפט האָט צונויפגעקראַמפּט זיין האַרץ. פון פאָרהויז איז אַרויסגעקומען פרוי גאַלאַווסקי. זי איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט מיט באַוואונדערונג גערעדט וועגען אַנאַ'ס מילדקייט און געפאַסטקייט. געאָרג האָט גערעדט אַביסעל צווישטרייט. זיינע בליקען זיינען די גאַנצע צייט געווען געווענדט צו יענער טיר, און ענדליך האָט ער שטיל געזאָגט:

— איך וואָלט נאָכאַמאָל געוואָלט א קוק טאָן אויף איהם.

זי האָט א קוק געטאָן אויף איהם, צוערשט מיט א לייכטען שרעק, דאַן מיט מיטלייד.

— שוין צוגענעגעלט? — האָט ער דערשראָקען געפרעגט.

— שוין אַוועקגעטראָגען, — האָט לאַנגזאַם געענטפערט פרוי גאַלאָווסקי.

— שוין אַוועקגעטראָגען? — זיין געזיכט האָט זיך אַזוי פיינליך צוקרימט, אַז די אַלטע פרוי האָט אָנגעריהרט זיין האַנט, וועלענדיג איהם באַרוהיגען.

— איך האָב אין דער פריה געמאַכט די מעלדונג, — האָט זי געזאָגט, — און דאָס איבריגע איז שוין שנעל צוגעגאַנגען. מיט א שעה צוריק האָט מען איהם אַוועקגעטראָגען אין טויטענקאַמער.

אין טויטענקאַמער... געאָרג האָט אויפגעציטערט, און ער האָט לאַנג געשווינען, ערשיטערט, ווי ער וואָלט דאָס גאַנץ אומגעריכט באַקומען א שרעקליכע נאַכריכט. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער נאָך אַלץ געפיהלט אויף זיין האַנט די פריינדליכע האַנט פון פרוי גאַלאָווסקי און האָט געזעהן דעם בליק פון איהרע מידע גוטע אויגען, וואָס האָבען געקוקט אויף איהם.

— איז דאָס געענדיגט, — האָט ער געזאָגט, אויפהויבענדיג די אויגען אַרויף מיט אַן עמפּפערטען בליק, ווי מען וואָלט דאָס ביי איהם

אָפּגעקומען זיין לעצטע האָפנונג. דאן האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט פרוי גאַלאַוואָסקי'ן:

— און אָט די אַלע זאָרגען האָט איהר גענומען אויף זיך... ווירק־ליך, איך ווייס אפילו ניט... ווי איך וועל קענען...

א באוועגונג פון דער אַלטער פרוי האָט אָפּגעשטעלט אלע ווייטערע אויסדרוקען פון דאנקבארקייט.

געאָרג איז ארויסגעגאנגען פון הויז, האָט געוואָרפען א פארעכט־ליכען בליק אויף דעם קליינעם בלייען מלאך, וואָס האָט ווי דערשראָ־קען געקוקט אויף די פארוועלקטע בייטען, און איז ארויס אויפ'ן גאַס. אויפ'ן וועג צום טעלעגראף האָט ער אָנגעשטרענגט זיך איבערגעלעגט וועגען דעם אינהאַלט פון דער דעפּעש, וואָס האָט געדארפט אָנזאָגען זיין אָנקומען אויפ'ן אָרט פון נייער טעטיגקייט און האָפנונגען.

# ניינטער קאַפּיטעל.

דער אַלטער דאָקטאָר שטאובער און זיין זוהן זיינען געזעסען ביים שווארצען קאַווע. דער אַלטער האָט געהאַלטען אַ צייטונג אין האנט און האָט, ווי ס'ווייזט אויס, עפּעס געזוכט דאָרט.

— דער טאָג פאר דעם פּראָצעס איז נאָך ניט באַשטימט, — האָט ער געזאָגט.

— אזוי? — האָט געזאָגט בערטאלד. — לעאָ נאַלאַווסקי גלויבט, אז דאָס וועט פאָרקומען אינמיטען נאָוועמבער, דאָס הייסט, אין אַרום דריי וואָכען. טערעזא האָט ניט לאַנג באזוכט איהר ברודער אין געפּענגניס. ער איז פאָלשטענדיג רוהיג און אפילו פרעהליך.

— ווער ווייס? אפשר וועט מען איהם באַפרייען, — האָט געזאָגט דער אַלטער.

— דאָס גלויבסטו אַליין ניט, פּאַטער. ער דאַרף זיין גליקליך, ווען מען וועט איהם ניט אָנקלאָגען פאר נעוועהנליכען מאָרד. אַ פּאַרזוך איז יעדענפאַלס געמאַכט געוואָרען.

— דאָס קען ניט אָנגערופען ווערען אַן ערנסטער פארזוך, בערטאָלד. דו זעהסט דאָך, אז די פּראָקוראטור האָט זיך גאָר ניט געקימערט וועגען דער נאַרישער פארלוימדונג.

— ווען זיי וואָלטען דאָס אָנגענומען פאר א פארלוימדונג, — האָט בערטאָלד געענטפערט שאַרף, — וואָלטען זיי געווען פארפליכטעט צו שטעלען די פארלוימרער פאַר'ן געריכט. איבריגענס, מיר לעבען אין אַ שטאַאט, וואו אַ איד איז ניט זיכער, אז מען וועט איהם ניט פאראורטיילען צום טויט פאר אַ ריטואַלען מאָרד; איז פּאַרוואָס זאָלען די בעאַמטע צוריקווייזען די אָפיציעלע השערה, אז אידען, ווען זיי האָבען פיסטאָלעטען דועלען מיט קריסטען, קענען, — אפשר פון רעליגיעזע גרונדען, — באקומען עפּעס אַ פארבאָרגענעם, פארברעכערישען פּאַרטייל? אז די בעאַמטע האָבען אויף דאָס מאָל געוואָלט ריינען דער הערשענדער פּאַרטיי, קען מען מעהר פון אַלץ זעהן פון דעם, וואָס מען האָט איהם ניט באפרייט פון דער אונטערזוכונגס געפּענג־

ניט, נאָר קוקענדיג אויף די הויכע סומע פאַנדגעלט וואָס מען האָט אָנגעבאָטען.

— די געשיכטע מיט דעם פאַנדגעלט גלויב איך ניט, — האָט דער אַלטער דאָקטאָר געזאָגט, — פון וואַנען וואָלט לעאָ גאָלאָווסקי גענומען פופציג טויזענט גולדען?

— ניט פופציג, נאָר הונדערט טויזענט, און לעאָ גאָלאָווסקי ווייס נאָך ביז איצט ניט וועגען דעם. איך קען דיר זאָגען בסוד, אַז דאָס געלט האָט אָנגעבאָטען סאַלאָמאָן עהרענבערג.

— גאָר אַזוי! וועל איך דיר אויך זאָגען עפּעס בסוד, — האָט גע־ענטפערט דער אַלטער דאָקטאָר שטאובער.

— וואָס?

— עס איז מעגליך, אַז קיין פּראָצעס וועט בכלל ניט זיין. גאָ־לאָווסקי׳ס אדוואָקאט האָט אריינגעגעבען א באַגנאַדיגונגס פּעטיציאָן.

בערטאָלד האָט זיך צולאַכט.

— נאָר דאָס! און דו מיינסט, פאַטער, אַז עס איז פאַראַן כאָטש די מינדסטע האָפנונג אויף ערפאָלג? געוויס, ווען לעאָ גאַלאָווסקי וואָלט געווען טויט, און דער אויבערלייטענאַנט וואָלט געבליבען לע־בען... דאַן וואָלט מען איהם אפשר באַגנאַדיגט.

דער אַלטער האָט אונגעדולדיג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ:

— פאַר דיר, נאַטירליך, איז די הויפּטזאַך צו קענען אום יעדען פּרייז האַלטען אַן אָפּאָזיציאָנעלע רעדע...

— ענטשולדיג, פאָטער, אָבער ניט יעדערער האָט די גליקליכע איי־גענשאַפט אָפּציקערען זיך איינפאַך פון געוויסע ערשיינונגען אין גע־זעלשאַפטליכען לעבען, ווען זיי ריהרען איהם ניט אָן פּערזענליך.

— דאָס האָב איך, נאָך דיין מיינונג, אַזאַ אייגענשאַפט? — האָט שנעל געענטפערט דער אַלטער, און אונטער זיין הויכען שטערען האָבען זיך זיינע האַלב צוגעמאַכטע אויגען געעפענט כמעט מיט ער־ביטערונג. — ניין, מיין זוהן, גיכער קערסטו אָפּ, ניט איך, דיין בליק פון דעם, וואָס דיר איז אומאַנגענעם. איך געפין, אַז דו נעמסט זיך איינגראָבען אין דיינע אידעען. ביי דיר ווערט דאָס א מין קראַנקהייט. איך האָב געהאָפט, אַז דאָס לעבען אין א פרעמדער שטאָדט, אין אַן אַנדער לאַנד וועט דיך אויסהיילען פון דער באַגרענצטקייט און די קליינליכע אַנזיכטען. אָבער ווירקליך, דו ביזט נאָך ערגער געוואָרען.

אז אַ מענש קען ווערען אויסער זיך און האַנדלען ווי לעאָ גאַלאַווסקי, דאָס פאַרשטעה איך, ווי ווענים איך גיב איהם רעכט. אָבער שטעהן אַליין און האַלטען דעם פּויסט אין קעשענע, אַזוי צו זאָגען, וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס? באַרענק זיך דאָך. טאַלאַנט און אַרבייט זעצען זיך סוף כל סוף דורך אַ וועג. וואָס, אייגענטליך, קען געשעהן שלעכטס? אַז דו וועסט באַקומען די פּראָפעסור מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער, ווי אַן אַנדערער? נאָך ניט אַזאַ גרויס אומגליק. דיינע אַרבייטען וועט מען ניט קענען פאַרשווייגען, אויב זיי האָבען אַ ווערט...

— אָבער פאַרשטעה דאָך, אַז ניט וועגען מיר האַנדעלט זיך דאָ!

— האָט געענטפערט בערטאַלד.

— אָבער מעהרסטענס האַנדעלט זיך דאָ גראָד וועגען אַזעלכע זייטיגע אינטערעסען. און אומקערענדיג זיך צו אונזער פריהערדיגען געשפּרעך, קען איך נאָר זאָגען, אַז עס וואָלט זיך קוים געפונען עמיצער, וואָס וואָלט אַריינגעטראָגען הונדערט טויזענט גולדען פאַר דעם אויבער־לייטענאַנט, ווען ער וואָלט געטויט לעאָ גאַלאָווסקי'ן. זאָגענדיג דאָס, גיב איך דיר דאָס רעכט, — אויב דיר איז דאָס אַנגענעם, — צוצורע־כענען מיך צו די אַנטיסעמיטען, כאָטש איך פאָהר איצט גלייך צו דעם אַלטען גאַלאַווסקי'ן. אַדיע, און ווער ענדליך פאַרנינפטיג.

דער אַלטער האָט געגעבען דעם זוהן די האַנט. דער זוהן האָט זי אָנגענומען מיט אַן אונבאַוועגליכען געזיכט. דער אַלטער האָט זיך גע־ווענדעט צום אַרויסגאַנג. ביים טיר האָט ער געפרעגט:

— ווילען מיר זיך זעהן אין אָווענט אין דער אַרצטען־געזעל־שאַפט?

בערטאָלד האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ניין, פאָטער. איך פאַרברענג היינט אָווענט אין אַ ווענינער געבילדעטען אָרט, אין דער „זילבערנער וויינטרויב", וואו אַ פאַרזאַמ־לונג פון דעם סאָציאַל־פּאָליטישען פעראיין וועט פאַרקומען.

— און דו טאָרסט ניט פעהלען?

— אוממעגליך.

— זיי בעסער אויפריכטיג און זאָג מיר: ביזט אַ קאַנדידאַט פאַר דעם לאַנדטאָג?

— איך בין... אַרויסגעשטעלט געוואָרען פאַר אַ קאַנדידאַט.

— אַזוי! האַלטסטו זיך איצט פאַר פעהיג איבערצוטראָגען

די אינאנגענעמליכקייטען, פון וועלכע דו ביזט פאראיאהרען אנמ־לאָפען?

בערטאָלד האָט געקוקט אין פענסטער אויפ׳ן הערבסטיגען רעגען.

— דו ווייסט, פאָטער, — האָט ער געענטפערט, צונויפציהענדיג די ברעמען, — אז איך בין דאמאָלס ניט געווען גענוג פאָרבערייט. איצט פיהל איך זיך שטארק און באוואפענט... ניט קוקענדיג אויף דיינע פריהערדיגע באמערקונגען, וואָס האָבען ווייט ניט געטראָפען אין ציעל, און פריהער פון אלץ וויים איך איצט פעסט, וואָס איך וויל.

דער אלטער האָט געצוקט מיט די אקסלען.

— איך פארשטעה ווירקליך ניט, ווי מען קען ווארפען אן אמת׳ע, א ניצליכע ארבייט... יע, דו ועסט זי מוזען ווארפען, ווייל צוויי זאכען דיענען מיט אמאָל קען מען ניט... ווי קען מען ווארפען א נויטי־גע זאך, נאָר צו... האלטען רעדעס פאר מענשען, וועמעס פראָפעסיאָן באשטעהט אין האָבען פאראורטיילען, אָדער צו באקעמפען פרינציפען, אין וועלכע די מעהרסטע מענשען, וואָס פרעדיגען זיי גלויבען אליין ניט.

בערטאָלד האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ:

— דאָס מאָל, איך פארזיכער דיך, פאָטער, ציהט מיך ניט צו קיין רעדנערישער אָדער דיאלעקטישער עהרגייץ. דאָס מאָל האָב איך זיך אָפּגעטיילט א געביעט, וואו איך האָף צו באשעפטיגען זיך מיט פונקט אזא פראָדוקטיווער ארבייט, ווי אין א לאבאראטאָריום. איך רעכען, אויב דאָס וועט מיר געלינגען, צו באשעפטיגען זיך אויסשליס־ליך מיט פראגען פון עפענטליכער געזונדהייט. אויף אזא מין פּאָליטי־שער טעטיגקייט וועל איך אפשר האָבען אויך דיין בענשונג פאָטער.

— מיינע... יע. אָבער דייז אייגענע?...

— וואָס מיינסטו?

— די בענשונג, וואָס מען רופט אָן אינערליכער בארוף.

— דו צווייפעלסט אפילו אין דעם? — האָט מיט פארוואונ־דערונג געפרעגט בערטאָלד. א דיענער איז אריינגעקומען און האָט געגעבען דעם אלטען דאָקטאָר א וויזיט־קארטעל. דער דאָקטאָר האָט איבערגעלעזען.

— איך קום באלד ארוים.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען.

אָן אויפגערעגטער, האָט בערטאָלד געזאָגט:

— איך מעג זאָגן, אַז מיין בילדונג, מיינע קענטעניסן...

דער פּאָטער האָט איהם אונטערבראָכן, שפּיעלענדיג מיט'ן קארטעל:

— איך צווייפעל ניט אין דיינע קענטעניסען, אין דיין ענערגיע, אין דיין פליים, — האָט ער געזאָגט, — נאָר מיר דוכט זיך, אַז אום עפּעס אויפצוטאָן איז'ן געביעט פון פאָליטישע געזונדהייט, דארף מען, אויסער אָט די אויסגעצייכענטע אייגענשאַפטען, האָבען נאָך איינע, וואָס דו האָסט, נאָך מיין מיינונג, צו ווייניג: מען דארף האָבען גוטס־קייט, ליעבער בערטאָלד, ליעבע צו דער מענשהייט.

בערטאָלד האָט ענערגיש געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— די גוטסקייט, פּאָטער, וואָס דו האָסט אין זינען, האַלט איך פאר גאַנץ איבריג, אפשר גאָר פאר שעדליך. רחמנות, — וואָס אַנדערש קען סוף כל סוף זיין די ליעבע צו מענשען, ווען מען קען ניט פערזענליך? — פיהרט אונפארמיידליך צו סענטימענטאַליטעט, צו שוואַכקייט. פארקערט, אויב דו ווילסט העלפען אַ גאַנצער גרופּע מענשען, דארפסטו קענען אמאָל זיין שטרענג צו איינצעלנע פּערזאָ־נען, דארפסט קענען אָפּפערען מיט זיי, אויב דאָס אַלגעמיינע וואוילזיין פאָדערט דאָס. דערמאָן זיך נאָר, פּאטער, אַז די עהרליכסטע און לאָ־גיש־אויסגעהאַלטענסטע סאָציאַלע היגיענע פיהרט גאָר אמאָל צו דעם, אַז מען מוז די קראנקע פארניכטען, אָדער ווענינגסטענס אויסשליסען פון אַלע גוטע זאכען אין לעבען. איך לייקען ניט, אַז אין אָט דער הינזיכט האַלט איך זיך ביי אַנזיכטען, וואָס קענען אויסווייזען גרוי־זאַם. אָבער די צוקונפט געהערט אָט די אַנזיכטען, נאָך מיין מיינונג. האָב פונדעסטוועגען ניט מורא, פאטער, אַז איך וועל באַלד אָנהויבען פערדיגען די נויטיגקייט צו פארניכטען שעדליכע און איבריגע מענ־שען. אָבער מיין פּראָגראַם דערגעהט כמעט צו דעם אין אַ פילאָסאָ־פישען זין. ווייסטו, אגב, מיט ווענען איך האָב דאָ ניט לאַנג געהאַט אַ זעהר אינטערעסאנטען געשפּרעך וועגען דעם?

— וועגען וואָס?

— געוויס אויסצודריקען זיך: וועגען דעם רעכט צו מאָרדען, מיט דעם שרייבער היינריך בערמאַן, דעם זוהן פון דעם פארשטאָרבענעם דעפּוטאַט.

— וואו האָסטו מיט איהם גערעדט?

— איך האָב איהם ניט לאנג צוריק באגעגענט אויף א פארזאמ־לונג. טערעזא גאלאווסקי האָט איהם אהין געבראכט. דו קענסט דאָך איהם אויך, פאטער, ניט אמת?

— יע, — האָט דער אלטער געענטפערט, — שוין לאנג.

און ער האָט צוגעגעבען:

— דעם זומער האָב איך איהם ווידער באגעגענט ביי אנא ראָזנער.

בערטאלד'ס ברעמען האָבען זיך צוזאמענגעצויגען קאנוואולסיוו. דאן האָט ער געזאָגט אין אן איראָנישען טאָן:

— איך האָב אזוי געמיינט. בערמאן האָט פארבייגעהענדיג דערמאָנט, אז ער האָט דיך ניט לאנג צוריק געזעהן, האָט אבער ניט געוואָלט זאָגען וואו. איך האָב פון דעם געשלאָסען, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען א דעליקאטער אנגעלעגענהייט. הייסט דאָס, דער הערר באראָן איז געוועזען ליעבליך געניג צו ברענגען איהר זיינע פריינד?

— דיין טאָן, ליעבער בערטאָלד, צווינגט מיך אָנצונעמען, אז דו האָסט נאָך ווייט ניט איבערוועלטיגט אין זיך געוויסע זאכען, ווי דו האָסט פריהער פארזיכערט.

בערטאלד האָט געצויגען מיט די אקסלען.

— איך האָב קיינמאָל ניט געלייקענט, אז דער באראָן ווערגענטין איז מיר אנטיפאטיש.

— דעריבער?

— יע.

— און דאָך דוכט מיר, בערטאָלד, אז דו וואָלסט אנדעריש אויפ־גענומען די געשיכטע, ווען דו וואָלסט באגעגענט אנא ראָזנער ווי אן אלמנה, אפילו ווען איהר פאר־שטארבענער מאן וואָלט דיר געוועזען נאָך אנטיפאטישער, איידער באראָן פאָן ווערגענטין.

— מעגליך, דאן וואָלט מען כאָטש געקענט אָננעמען, אז מען האָט זי געאכט, ניט גענומען און אוועקגעוואָרפען זי, ווי נאָר דער שפיעל האָט דערעסען. אין דעם איז פאראן עפעס... איך וויל זיך ניט אויס־דריקען גענויער.

דער אלטער האָט א קוק געטאָן אויפ'ן זוהן און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— עס ווייזטווירקליך אויס, אז אלע פאָרטגעשריטענע אנזיכ־

טען זיי איך, יונגע לייט, פאַרשווינדען אין אן אוינעגבליק, ווען אייערע ליידענשאַפטען און איינגעליעבטע ווערען אָנגעריהרט.

— אין פראַגען פון ריינקייט און אנשטענדיגקייט בין איך אין די אַזוי גערופענע פאָרטגעשריטענע אנזיכטען ניט שולדיג, פאַטער. און איך גלויב, אז דו וואָלסט ניט זעהר ענטציקט געווען, ווען איך זאָל וועלען ווערען דער נאָכפאָלגער פון א מעהר אָדער ווייניגער פערשטאָרבענעם באַראָן ווערגענטין.

— געוויס ניט, בערטאַלד. בעזונדערס, צוליעב איהר: דו וואָלסט דאָך זי פאַרמאַטערט ביז טויט.

— זאָרג ניט, — האָט בערטאָלד געענטפערט, — עס איז פאַר אַנאַ'ן פון מיין זייט ניטאָ קיין געפאַהר. אַלץ איז געענדיגט.

— דאָס, נאַטירליך, איז א גוטער גרונד. אבער צום גליק איז פאַראַן נאָך א בעסערער. באַראָן ווערגענטין איז ניט געשטאָרבען און ניט פאַרפאַלען געוואָרען...

— דער אויסדרוק איז דאָך דאָ ניט וויכטיג.

— ווי דו ווייסט שוין, האָט ער באַקומען א קאַפּעלמייסטער שטעל אין דייטשלאַנד...

— דאָס איז זעהר גוט. איהם האָט בכלל אָפּגעגאָלטען אין דער גאַנצער געשיכטע. ער האָט אפילו ניט געדאַרפט זאָרגען וועגען קינד!

— דו האָסט צוויי פעהלערען, בערטאָלד: ערשטענס, ביזטו ווירקליך ניט קיין גוטער מענש, און צווייטענס, האָזטו ניט אויסרעדען. איך האָב געוואָלט זאָגען, אז אַנאַ און באַראָן ווערגענטין האָבען זיך גאָרניט צושיידט. ערשט מיט צוויי טעג צוריק האָט זי מיר איבערגעגעבען א גרוס פון איהם.

בערטאָלד האָט געצייגען מיט די אקסלען, ווי די גאַנצע געשיכטע וואָלט בכלל געווען פאַר איהם געענדיגט.

— וואָס מאַכט דער אַלטער ראָזנער? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס מאָל וועט ער איבערקומען, — האָט דער אַלטער דאָקטאָר געענטפערט, — איבריגענס גלויב איך, בערטאַלד, אז דו האָסט נאָך נענוג אביעקטיוויטעט צו פאַרשטעהן, אז די אורזאַך פון זיינע אָנפּאַלען איז ניט די זאָרג וועגען זיין טאָכטער, נאָר, ליידער, א שטאַרק ענטוויקעלטער אַרטעריאָסקלעראָז.

— אַנאַ ניט ווידער לעקציאָנען? — האָט בערטאָלד געפרעגט, זייענדיג א ווײלע אונענטשלאָסען.

— יע, — האָט דער אַלטער געענטפערט, — אָבער איצט וועט זי, וואַרשײנליך, זיי שוין קיינע ניט געבען. — און ער האָט געוויזען דעם זוהן דאָס וויזיט־קאַרטעל, וואָס ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אין האַנט.

בערטאָלד האָט א שמייכעל געטאָן.

— דו מיינסט, — האָט ער מיט שפּאָט געפרעגט, — אַז ער איז געקומען אַהער פייערען זיין חתונה?

— דאָס וועל איך באַלד וויסען, — האָט דער אַלטער געענטפערט. — יעדענפאַלס פרעהט מיך זעהר איהם ווידער צו זעהן; איך פאַרזיכער דיך, אַז ער איז איינער פון די סימפּאַטישסטע יונגע לייט, וואָס איך האָב ווען עס איז געקענט.

— מערקווירדיג! — האָט געזאָגט בערטאָלד. — אַן אונפאַרגלייכליכער באַהערשער פון הערצער. טערעזאַ איז אויך ענטציקט פון איהם. און הײנריך בערמאַן האָט ניט לאַנג צוריק גערעדט וועגען איהם מיט ענטוזיאַזם. עס איז כמעט קאָמיש... נו יע, א שעהנער, שלאַנקער, בלאָנדער יונגערמאַן, דערצו נאָך א באַראָן, א דייטש, א קריסט, וואָס פאַר א איד וואָלט דאָס געקענט ווידערשטעהן אַזאַ צויבער... אַדיע, פאַטער!

— בערטאָלד!

— וואָס איז? — ער האָט פאַרביסען די ליפּען.

— באַדענק דיך! ווייס, ווער דו ביזט.

— איך... ווייס דאָס.

— ניין, דו ווייסט דאָס ניט. אַנדערש וואָלסטו ניט געקענט אַזוי אָפּט פאַרגעסען, ווער אַנדערע זיינען.

ווי פרעגענד האָט בערטאָלד אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— דו וואָלסט אַמאָל באַדאַרפט באַזוכען די ראָזנערס. עס איז אונווירדיג, וואָס דו לאָזט אַנאַ'ן אויף אַזאַ הינדערישען אופן פיהלען דיין פאַראַכטונג... איך ווידערהאָל... און פאַרברענג אַנגענעהם אין דער „זילבערנער וויינטרויב".

ער האָט איהם געגעבען די האַנט און איז דאַן אַוועק אין קאַבי־נעט. עפענענדיג די טיר איז וואַרטצימער, וואו געוואַרט פאָן ווערנענטין;

האָט געבלעטערט אין אַן אַלבאָם, האָט ער מיט אַ פריינדליכער באַר־ניינונג איהם אריינגערופען צו זיך.

— פריהער פון אַלץ, — האָט געזאָגט געאָרג, ועצענדיג זיך, — מוז איך זיך ענטשולדיגען פאַר אייך. מיין אָפּפּאָהר איז אויסגעקומען אַזוי אומגעריכט... און איך האָב ליידער ניט געהאַט די מעגליכקייט צו זעגנען זיך מיט אייך, דאַנקען אייך פערזענליך פאַר אייער גרויסע...

דאָקטאָר שטאָובער האָט זיך אָפּגעוועהרט פון דעם אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט.

— מיך פרעהט זעהר אייך ווידער צו זעהן, — האָט ער דאַ געזאָגט, — איהר זייט אין וויען מסתמא אויף אורלויב?

— נאַטירליך, — האָט געענטפערט געאָרג. — דאָס איז אַן אורלויב נאָר אויף דריי טעג. אַזוי נויטיג בין איך זיי, — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ באַשיידענעם שמייכעל.

דאָקטאָר שטאָובער איז געזעסען אַנטקעגען איהם אין אַ שטול ביים שרייבטיש און האָט איהם פריינדליך באַטראַכט.

— איהר זייט זעהר צופרידען מיט אייער נייער שטעל, האָט מיר אַנאַ געזאָגט.

— יע. שווערקייטען, נאַטירליך, זיינען פאַראַן אומעטום, ווען מען פאַלט פלוצלונג אריין אין אַ נייע אומגעבונג. אַבער אַלץ איז גאָר פיעל לייכטער, ווי איך האָב ערוואַרט.

— יע, איך האָב געהערט, אַז אין הויף האָט מען אייך אויך גוט אויפגענומען.

געאָרג האָט אַ שמייכעל געטאָן.

— אַנאַ'ן, ווייזט אויס, שטעלט זיך דאָס פאָר אַ סך פייערליכער, ווי דאָס איז ווירקליך געווען. איך האָב איין מאָל געשפּיעלט ביים ערב־פּרינץ, און איינע פון די זינגערינס פון אונזער אָפּערא האָט דאָרט געזונגען מיינע צוויי לידער, דאָס איז אַלץ. אַ סך ווינטי־גער איז, וואָס איך האָף נאָך דעם סעזאָן צו ווערען באַשטימט האָפקאַפּעל־מייסטער.

— איך האָב געמיינט, אַז איהר האָט שוין די שטעל באַקומען.

— ניין, דאָקטאָר, קיין אָפיציעלע באַשטימונג איז נאָך ניט געווען. אמת, איך האָב דירינגירט עטליכע מאָל: אין „פרייזשיץ", אין „אידינא": אַבער פאָרלויפיג בין איך נאָר קאָנצערט מייסטער.

אויף דעם ערשטן וויכטיקן פראַגן האָט ער נאָך עפּעס דערציילט וועגן זיין טעטיקייט אין דער דעטמאָלדער אָפּערא. דאַן איז ער אויפגעשטאַנען און האָט זיך געזעגנט.

— אפשר קען איך אייך מיטנעמען? — האָט דער דאָקטער געפרעגט, — איך פאָר אין רעמבראַנדט־שטראַסע, צו די גאָלאָווסקיס.

— א דאַנק, הער דאָקטאָר, דאָס ליגט אבער ניט אין מיין וועג. איך קליב זיך אויך באַזוכן פרוי גאָלאָווסקי מאָרגן אין דער פריה. זי איז דאָך ניט קראַנק?

— ניין, כאָטש די אויפרעגונגען פון די לעצטע וואָכן זיינען, נאַטירליך, ניט אריבערגעגאַנגען גאָר אָהן א שעדליכער ווירקונג אויף איהר.

נעאָרג האָט באַמערקט, אז באַלד נאָך דעם דועל האָט ער אָנגע־שריבען איהר און לעאָ'ן עטליכע ווערטער.

— ווען מען דערמאָנט זיך נאָר, אז דאָס האָט זיך אויך גע־קענט ענדיגען אנדערש... — האָט ער צוגעגעבען.

— יע, — האָט דאָקטאָר שטאובער געזאָגט, — פאַר דאָס גליק פון האָבען קינדער מוז מען צאָהלען אין ראַטען... און מען ווייס ביי קיין אויסצאַהלונג ניט, צי דער אויבערשטער איז שוין ענדליך צו־פרידענגעשטעלט.

ביי דער טיר האָט נעאָרג געזאָגט אביסעל אונענטשלאָסען:

— איך האָב אויך געוואָלט... פרעגען אייך, הערר דאָקטאָר, וואָס, אייגענטליך, איז דער צושטאַנד פון הערן ראָזנער... איך מוז זאָגען, אז איך האָב איהם געפונען אין א בעסערען אויסזעהן, ווי איך האָב ערוואַרט נאָך אנאַ'ס בריף.

— איך האָף, אז ער וועט געזונט ווערען, — האָט געענטפערט שטאובער. מען מוז אבער געדענקען... אז ער איז אן אַלטער, עלטער אפילו, ווי ער וואָלט געדאַרפט זיין נאָך זיינע יאָהרען.

— אָבער עפּעס ערנסטעס איז דאָך דאָ ניטאָ?

— אַלטקייט אליין איז שוין אן ערנסטע זאַך, — האָט געענט־פערט דאָקטאָר שטאובער, — באַזונדערס ווען די פריהערדיגע צייטען, די יוגענד און מעגליכקייט, זיינען אויך ניט פאַרביינגעגאַנגען אַזוי פרעהליך.

נעאָרג האָט געוואָרפען א בליק אין צימער און האָט פלוצלונג אויסגערופען:

— איך דערמאָן זיך איצט, איך האָב אייך נאָך אלץ ניט צוריק־געשיקט די ביכער, וואָס איהר זייט געווען אזוי פריינדליך מיר צו לייהען אין פריהלינג. און איצט ליגען אלע אונזערע זאכען ביים עקס־פעדיטאָר: די ביכער, פונקט ווי די זילבער, מעבעל, בילדער. איך וועל מוזען אייך בעטען, הערר דאָקטאָר, וואַרטען ביז פריהלינג.

— ווען איהר האָט ניט קיין ערגערע זאָרגען, ליעבער באַראָן...

זיי זיינען צוזאמען אראָפּגעגאנגען די טרעפּ, און דאָקטאָר שטאו־בער האָט נאָכגעפרעגט וועגען פעליציאַנ׳ען.

— ער איז אין אמען, איך האָב נאָר צוויי בריף געהאט פון איהם, נאָך ניט קיין זעהר אויספיהרליכע... ווי זאָנדערבאר דאָס איז, הערר דאָקטאָר, צו קומען צוריק ווי א פרעמדער אין א שטאָדט, וואו מען איז נאָך ביז ניט לאנג געווען אין דער היים, און וואוינען אין א האָ־טעל, ווי א גאסט פון דעטמאלד....

דאָקטאָר שטאובער האָט זיך אריינגעזעצט אין עקיפּאזש. נעאָרג האָט נעבעטען גריסען פרוי גאָלאָווסקי׳ן.

— איך וועל איבערגעבען. אין אייך, ליעבער באַראָן, ווינש איך ווייטער פיעל גליק. אויף ווידערזעהן.

אויף דעם זייגער פון דער סטעפאן קירך איז געווען פינף. נעאָרג האָט נעהאט א לעדיגע שעה. ער האָט באשלאָסען אביסעל צו וואנ־דערען אונטער דעם וואַרימען הערבסט רעגען, וואָס איז איהם אויך אויסגעקומען, ווי א מין אָפּרוה. כמעט די גאנצע נאכט אין קופּע איז ער נעווען וואך, און שוין צוויי שעה נאָך זיין אָנקומען איז ער גע־ווען ביי די ראָזנערס. אנא אליין האָט איהם געעפענט די טיר און האָט איהם באגריסט מיט א צערטליכען קוש; אָבער באלד האָט זי איהם אריינגעפיהרט אין צימער, וואו איהרע עלטערען האָבען איהם באגריסט גיכער העפליך, ווי הארציג. די מוטער, צומישט און אביסעל באליידיגט, ווי אלעמאל, האָט גערעדט ווענינ; דער פאטער, וואָס איז געזעסען אויפ׳ן דיוואן מיט די פיס פארוויקעלט אין א העלען פלעד, האָט נעהאלטען פאר זיין פליכט אויסצופרעגען וועגען דעם געזעל־שאפטליכען און מוזיקאלישען צושטאנד פון דער קליינער רעזידענץ, פון וועלכער נעאָרג איז נעקומען. דאן איז ער א ווילע געבליבען אליין

מיט אנא׳ן; גזערשט אין א צו האסטיגען געשפרעך, פול מיט פראגען
און ענטפערס, דאן אין צערטליכקייטען, אין א שטימונג פון מיד־
קייט און פארלעגענהייט. ביידע זיינען ווי ערשטוינט געווען, וואס
דאס גליק פון ווידער זעהן זיך ווערט ניט אזוי געפיהלט, ווי די בענק־
שאפט האט צוגעזאגט. באלד איז געקומען אנא׳ס א שילערין. געארג
האט זיך געזעגענט און האט אין פארהויז שנעל אפגעמאכט מיט דער
געליעבטער צו זעהן זיך אין אווענט; ער האט זי געוואלט נעמען צו
די ביטנערס און דאן געהן מיט איהר אין די אפערא צו א פארשטע־
לונג פון „טריסטאן", וועגען דער אינסצענירונג פון וועלכער זיין אינ־
טענדאנט האט איהם געבעטען באריכטען. דאן האט ער געהאט מיטאג,
זיצענדיג ביים פענסטער אין א גרויסען רעסטאראן אויף רינגשטרא־
סע, האט איינגעקויפט זאכען און געמאכט באשטעלונגען ביי זיינע
ליפעראנטען, איז אוועק צו הייגריכ׳ן, וועמען ער האט ניט געפונען
אין דער היים, און דאן איז איהם איינגעפאלען צו מאכען א דאנק
וויזיט ביי דאקטאר שטאובער.

איצט האט ער לאנגזאם שפאצירט דורך די גאסען, וואס זיינען
איהם געווען אזוי גוט באקאנט, וואס האבען שוין אבער געהאט אבי־
סעל דעם אויסזעהן פון דער פרעמד; און ער האט געקלערט וועגען
דער שטאדט, פון וועלכער ער איז געקומען, און וואו ער האט זיך שנע־
לער איינגעלעבט, ווי ער האט ערווארט. גראף מאלניץ האט פון דעם
ערשטען אויגענבליק איהם ארויסגעוויזען זעהר פיעל פריינדליכקייט;
ער האט זיך ארומגעטראגען מיט א פלאן צו רעפארמירען די הויף
אפערא אין מאדערנעם גייסט און האט געוואלט צוציהען צו זיינע
ברייטע אויפגאבען געארג׳ן, ווי דעם לעצטען האט אויסגעוויזען, פאר
א מיטהעלפער און פריינד. דער ערשטער קאפעלמייסטער איז אפילו
געווען א גוטער מוזיקער, אבער שוין גיכער א הויף בעאמטער, ווי אן
ארטיסט. ער האט פארנומען זיין שטעל אלס א פינף און צוואנציג יאהר־
ריגער יונגער מאן און האט שוין אפגעלעבט דרייסיג יאהר אין דער
קליינער שטאדט, האט געהאט זעקס קינדער, איז געווען געאכט פון
אלעמען, צופרידען, און האט ניט געהאט קיין עהרגייציגע פלענער.
באלד נאך זיין אנקומען האט געארג געהערט אויף א קאנצערט די ראַ־
מאנסען, וואס האבען מיט פיעל יאהרען צוריק געמאכט דעם יונגען
קאפעלמייסטער באריהמט, כמעט וועלט באריהמט; געארג האט ניט

געקענט פאַרשטעהן, מיט וואָס זיי האָבען דאָן אַזוי געקענט אייכנע־
מען. פונדעסטוועגען האָט ער זעהר וואַרים זיי געלויבט פאַר דעם
קאָמפּאָניסט, מיטפיהלענדיג דעם עלטערען בענישען, און וועמעס אויגען
עס האָט נאָך, דוכט זיך, געברענט דאָס ווייטע פייערל פון דער רייכער
פאַרגאַנגענהייט און פאַרגעסענע האָפנונגען. געאַרג האָט זיך אַמאָל גע־
פרעגט, צי דער אַלטער קאַפּעלמייסטער קלערט בכלל וועגן, אַז מען האָט
איהם אַמאָל געהאַלטען פאַר אַ באַרופענעם צו הויכע ציעלען? אָדער
אויך פאַר איהם, ווי פאַר אַ סך אַנדערע איינגעזעסענע, ווייזט די קליינע
שטאָדט אויס ווי אַ מיטעלפונקט, פון וועלכען די שטראַלען פון טעט־
טיגקייט און רוהם פאַרשפּרייטען זיך ווייט אַרום? די בענקשאַפט נאָך
אַ גרעסערען און ברייטערען ווירקונגס־קרייז האָט געאָרג געפונען נאָר
ביי ווייניגע; אַמאָל פלעגט איהם אויסווייזען, אַז זיי ווייזען איהם
אַרויס אַ סך מעהר גוטמיטיגען מיטלייד, ווייל ער איז געקומען פון
אַ הויפּטשטאָדט, און נאָך פון וויען. ווען נאָר מען פלעגט אַרויסריידען
דעם נאָמען פון אָט דער שטאָדט, פלעגט געאָרג באַמערקען נאָך דעם
אויסדרוק פון די אביסעל שפּאַטישע געזיכטער, אַז באַלד האָבען מיט
דעם נאָמען וויען, ווי מעלאָדישע איבערטענער, גענומען קלינגען, כאָטש
מען האָט זיי ניט אַרויסגעבראַכט אין דער הויך, אַנדערע ווערטער:
וואַלצען... קאַפּע הייזער... פּרויען... הוליאַנקעס... פּיאַקערען... פאַר־
לאָמענטאַרישע סקאַנדאַלען... צייטענווייז האָט דאָס געאָרג'ן געער־
נערט, און ער האָט געטאָן אַליז, וואָס ער האָט געקענט, צו פאַרבע־
סערען אין דעטמאָלד דעם נאָמען פון זיינע לאַנדסלייט: ער האָט פון
אָנהויב אָן ענערגיש און ערדרענהאַפטיג זיך גענומען צו דער אַרבייט.
מען האָט איהם גערופען נאָך דעם פּלוצלונגען טויט פון דעם קאַפּעלמייס־
טער, נאָך גאָר אַ יונגען מענשען, און געאָרג'ן איז שוין דעם ערשטען
טאָג אויסגעקומען צו זיצען אין קליינעם פּראָבע זאַל ביים קלאַוויר און
אַקאָמפּאַנירען צום געזאַנג. עס איז געגאַנגען אויסגעצייכענט, און ער
האָט זיך נעפּרעהט איבער זיין באַגאַבונג, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען
אַ סך זיכערער און שטאַרקער, ווי ער אַליין האָט ערוואַרט; און אין דער
ערינערונג האָט איהם אויסגעוויזען, אַז אויך אַנאַ האָט צו נידריג
אָפּגעשאַצט זיין טאַלאַנט. ער האָט געאַרבייט איבער דער אואווערטור,
וואָס איז אויסגעוואַקסען פון די מאָטיווען צו בערמאַן'ס אָפּערא,
האָט אָנגעהויבען אַ וויאָלין סאָנאַטאַ; און דער קווינטעט, — דער

מיט־ישער קווינטעט, ווי עלזא האט איהם אמאל אנגערופען, — איז שוין כמעט געווען געענדיגט. נאך דעם ווינטער האט דאס געזאלט אויפגעפיהרט ווערען אויף איינעם פון די היימישער אוונטען, וואס פלעגען ארגאניזירט ווערען פון דעם קאנצערט־מייסטער פון דעטמאלדער ארקעסטער, א באגאבטען יונגען מאן, דעם איינציגען מענשען, מיט וועלכען געארג איז נעהנטער געוואָרען אויפ׳ן נייעם ארט, און מיט וועלכען ער פלעגט געוועהנליך עסען אין „עלעפאנט“. געארג האט נאך אלץ געוואוינט אין יענעם האטעל, אין א שעהנעם צימער, מיט דער אויסזיכט אויף דעם גרויסען, מיט לינדען געפלאנצטען פלאץ, און האט פון טאג צו טאג אלץ אפגעלעגט דאס דינגען א וואוינונג. עס איז דאך נאך ניט געווען באשלאסען, צי ער וועט בלייבען אין דעטמאלד אויף ווייטער, און אויסערדעם האט איהם אויסגעוויזען באליידיגענד פאר אנא׳ן איינצוארדנען זיך אויף א לאנגע צייט ווי אן אונפארהייראטער יונגערמאן. ער האט אבער קיין איין ווארט ניט געשריבען אין זיינע בריף וועגען די אויסזיכטען פאר דער צוקונפט, פונקט ווי זי האט זיך צו איהם ניט געווענדט מיט אומגעדולדיגע אדער צווייפלענדע פראגען. זיי האבען מיטגעטיילט איינער דעם אנדערען כמעט אויסשליסליך נאר פאקטען: זי האט איהם געשריבען, ווי זי איז ביסלעכוויז איבערגעגאנגען צו איהר פריהערדיגער ארט לעבען; ער האט געשריבען וועגען דער נייער אומגעבונג, אין וועלכער ער האט איצט געמוזט זיך איינלעבען. אבער כאטש ער האט גארנישט געהאט אזוינס, וועגען וואס ער וואלט געדארפט שווייגען, האט ער דאך געזעהן אויסצומיידען אלץ, וואס וואלט געקענט פיהרען צו מיספערשטענדניסען. און ווי אזוי האט מען געקענט איבערגעבען אין ווערטער די זאנדערבארע שטימונג, וואס פלעגט אנגעוועהט ווערען אין דעם האלב־טונקעלען צווישויער זאל אין דער פריה, ביי די פראבען, ווען דער גערוך פון געזיכט פארב, פארפום, קליידער, גאז, אלטען האלץ און נייע פארבען פלעגט פון דער ביהנע דערגרייכען צום פארקעט; ווען געשטאלטען, וואס מען דערקענט ניט גלייך, באוועגען זיך הין און הער צווישען די רייהען, אין אלטעגליכע קליידער אדער אין טעאטער קאסטיומען, ווען מען דערפיהלט פון הינטען עמיצענס הייסען און דופטיגען אטעם? אדער ווי באשרייבט מען דעם בליק, וואס גלאנצט אראפ פון די אויגען פון א יונגער זינגערין, ווען מען קוקט ארויף צו איהר

פון דער קלאַוויאַטור?... אדער ווען מען באַגלייט אָט די זינגערין אין העלען טאָג איבער דעם טעאַטער פאָיאַן אין די קעניג־שטראַסע צו איהר הויז, און מען רעדט מיט איהר דערביי ניט נאָר וועגען מיכאַעלאַ'ס טייל, וואָס מען האָט נאָר וואָס שטודירט מיט איהר, נאָר אויך וועגען אַנדערע, כאָטש גאַנץ אונשולדיגע זאַכען, קען מען דאָס שרייבען צו אַ געליעבטער אין וויען, און זי זאָל ניט זוכען עפּעס פאַרדעכטיגעס צווי־שען די שורות? און ווען מען זאָל צוגעבען, אַז מיכאַעלאַ איז פאַרלאָבט מיט אַ יונגען אַרצט אין בערלין, וואָס פאַרגעטערט זי, פּונקט ווי זי איהם, וואָלט דאָס קוים געמאַכט בעסער; דאָס וואָלט אויסגעזעהן, ווי מען וואָלט זיך געפיהלט פאַרפליכטעט אָפּצואַוועהרען פאַרדאַכט און צו באַרוהיגען.

„ווי זאָנדערבאַר, — האָט געקלערט געאָרג, — וואָס זי שפּיעלט ווירקליך היינט די מיכאַעלאַ, וואָס איך האָב מיט איהר שטו־דירט, און וואָס איך געה איצט אויף דעמזעלביגען וועג אין מאַריאַ־הילף, אויף וועלכען איך בין פאַראַיאָהרען געגאַנגען אַזוי אָפט און אַזוי גערן!" און ער האָט זיך דערמאָנט דעם אָוועגט, ווען ער איז אַריינ־געקומען נאָך אַנאַ'ן, האָט מיט איהר שפּאַצירט איבער די שטילע גאַ־סען, האָט באַטראַכט אונטער אַ מיער קאָמישע פאָטאָגראַפישע בילדער און איז דאַן געגאַנגען מיט איהר איבער דעם קיהלען שטיין פון דער אַלטער קירך, פיהרענדיג אַ שטילען געשפּרעך, פול מיט פאַרגעפיהלען, וועגען דער אונבאַוואוסטער צוקונפט... און איצט איז אַלץ אויסגעקו־מען גאָר אַנדערש, ווי ער האָט געטרוימט. אַנדערש?... פאַרוואָס, איי־גענטליך, ווייזט איהם אויס, אַז אַנדערש?... וואָס זשע האָט ער דאַן ערוואַרט? איז דען דאָס יאָהר, וואָס איז זינט דאַן אַריבער, ניט געווען מערקווירדיג רייך מיט זיין גאַנצען גליק און אַלע זיינע ליידען? האָט ער דען איצט ניט געליעבט אַנאַ'ן מעהר און טיפער, ווי דאַן? און אין דער פרעמדער שטאָדט האָט ער דען ניט געבענקט נאָך איהר צייטענווייז אַזוי היים, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פרוי, וואָס האָט איהם קיינמאָל ניט געהערט? מען דאַרף דאָך ניט אורטיילען נאָך דעם ווידער־זעהן זיך היינט אין דער פריה, אין דער שלעכטער שטימונג פון דער גרויער שעה, מיט דער מאַטער צערטליכקייט, ווי אין פאַרלעגענהייט, צום סוף...

ער איז געווען ביים ציל. ווען ער האָט אַריינגעקוקט צו די באַ־

לויכטענע פענסטער, הינטער וועלכע אנא האָט געגעבן איהר גאַציאָן האָט ער דערפיהלט א ליכטע אויפרעגונג. און ווען זי איז אין א מי־נוט ארום ארויסגעקומען פון טיר אין אן איינפאכען ענגלישען קלייד מיט א גרויען פילץ הוט אויף די רייכע טונקעל־בלאָנדע האָר, מיט א בון אין האנט, גאָר ווי פאראיאָהרען, האָט ער פלוצלונג דערפיהלט אין זין א שטראָם פון גליק. זי האָט איהם ניט באלד דערזעהן, ווייל ער איז געשטאנען אין שאָטען פון א הויז, האָט אויפגעפּעפּענט איהר שירעם און איז געגאנגען צום ראָג, וואו ער פלעגט פאראיאָהרען ווארטע אויף איהר. ער האָט איהר א וויילע נאָכגעקוקט, האָט זיך געפרעהט מיט דעם, ווי אריסטאָקראטיש און בראוו זי האָט אויסגעזעהן און איז דאן שנעל געגאנגען צו איהר און האָט איהר מיט עטליכע טריט אָנגע־יאָגט.

זי האָט איהם באלד ערקלערט, אז זי קען היינט אָווענט ניט געהן מיט איהם אין די אָפּערא, ווייל איהר פאָטער האָט זיך געפיהלט ניט גוט נאָכמיטאג.

נעאָרג איז געווען זעהר ענטוישט.

— געה ווענינסטענס צום ערשטען אקט.

זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ניין, דאָס ליעב איך ניט. שענק בעסער דעם אָרט א באקאנ־טען. נעם מיט נירענבערגער'ן אָדער בערמאנ'ן.

— ניין, — האָט ער געזאָגט, — אויב דו וועסט ניט געהן, וועל איך שוין בעסער געהן אליין. איך האָב זיך אזוי געפרעהט, וואָס מיר וועלען געהן צוזאמען. מיר פערזענליך ווילט זיך גאָר ניט אזוי זיין ביי דער פאָרשטעלונג. איך וואָלט בעסער געבליבען מיט דיר... פון מיינטוועגען אפילו ביי אייך אין הויז; אָבער איך מוז געהן, איך דארף אָפּגעבען א באריכט.

— נאטירליך מוזטו געהן, — האָט אנא באשטעטיגט און צוגע־געבען: — איך רוף דיך ניט צו אונז; ביי אונז איז ווירקליך ניט פרעה־ליך.

ער האָט גענומען פון איהר האַנט דעם שירעם, האָט איהם געהאל־טען איבער איהר, און זי האָט אָנגענומען זיין אָרעם.

— הער, אנא, — האָט ער געזאָגט, — איך וויל דיר מאכען א פאָרשלאָג. — ער האָט זיך געוואונדערט, וואס ער דארף געפינען אן

איינלייטונג און האָט אונזיכער געזאָגט: — מיינע פּאָר טעג אין וויען זיינען אזוי אומרוהיג, צוריסען, און דאָ איז נאָך די געדריקטע שטימונג ביי אייך אין הויז... מיר האָבען ווירקליך גאָרנישט איינער פון אנדערען, ניט אמת?

זי האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ניט קוקענדיג אויף איהם.

— איז אָט וואָס, ווילסטו מיך ניט באגלייטען אביסעל, ווען איך וועל ווידער אוועקפאָהרען?

זי האָט פון דער זייט געוואָרפען אויף איהם איהר שלויען בליק און האָט גאָרניט געענטפערט.

ער האָט ווייטער גערעדט:

— איך קען לייכט באקומען נאָך א טאָג אורלויב, ווען איך וועל טעלעגראפירען אין טעאטער. בארעכען נאָר, ווי גוט עס וועט זיין, ווען מיר וועלען קענען זיין א פּאָר שעה איינגאנצען אליין.

זי האָט צוגעשטימט, זעהר הארציג, אָבער אָהן באגייסטערונג, און האָט געזאָגט, אז איהר ענטשיידונג הענגט אָפּ אָן איהר פאָטערס צושטאנד. דאן האָט זי איהם געפרעגט, ווי ער האָט פארבראכט דעם טאָג. ער האָט איהר אלץ דערצעהלט אויספיהרליך און איבערגעגעבען אויך זיין פּראָגראם אויף מאָרגען.

— מיר וועלען זיך קענען זעהן ערשט אין אָווענט, — האָט ער געענדיגט, — און דאן וועלען מיר ריידען וועגען ווייטער.

— יע, — האָט געזאָגט אנא און האָט געקוקט פאר זיך, אויף די פייכטע ברוינליך־גרויע גאס.

ער האָט נאָכמאָל געפּרואווט זי איינריידען צו געהן מיט איהם אין די אָפּערא, אָבער אומזיסט. דאן האָט ער אָנגעפרעגט וועגען איהרע לעקציאָנען אין האָט באלד גענומען ריידען וועגען זיין טעטיגקייט, ווי ער וואָלט איהר געדארפט באווייזען, אז סוף כל סוף לעבט זיך איהם ניט בעסער, ווי איהר. ער האָט זיך בארופען אויף זיינע בריף, אין וועלכע ער האָט איהר געשריבען אויספיהרליך וועגען אלץ.

— נו, וואָס אָנבאטרעפט דאָס... — האָט זי פּלוצלונג געזאָגט זעהר הארט.

און ווען ער האָט ניט ווילענדיג צוריקגעוואָרפען דעם קאָפּ, ערשטוינט פון איהר טאָן, האָט זי צוגעגעבען:

— שטעהט דען וואָס אין די בריף, אפילו ווען זיי זיינען ווי אויספיהרליך?

ער האָט געוואוסט, וועגען וואָס זי האָט געקלערט און ווענען וואס זי האָט אזוי ווענינ גערעדט, ווי קיינמאָל ניט פריהער, און עפּעס שווערעס האָט זיך איהם געלעגט אויפ'ן האַרץ. איז דען אין דער אומערבאַרמליכקייט פון אָט דעם שווייגען ניט געווען גראָד אלין, וואָס זי האָט פאַרשוויגען: פראַגע, פאָרוואורף און צאָרן? שוין היינט אין דער פריה האָט ער דאָס דערפיהלט און האָט איצט ווידער פאַרשטאַנען, אז אין איהר האָט זיך געריהרט קעגען איהם עפּעס א פיינדליך געפיהל, מיט וועלכען זי אליין האָט, ווייזט אויס, אומזיסט געקעמפּט. נאָר היינט אין דער פריה?... איז דאָס שוין ניט געווען לאַנג?... אַלעמאָל אפשר? פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, ווען זיי האָבען גענומען געהערען איינע דעם אַנדערען, פונקט ווי אין דער צייט פון זייער העכסטען גליק? איז דאָס שוין ניט געווען דאָן, ווען זי האָט צוגעדריקט צו איהם איהר ברוסט אונטער די טענער פון אָן אָרגעל הינטער די טונקעלע פאָרהאַנגען? ווען זי האָט אויף איהם געוואַרט מיט פאַרוויינטע אויגען אין דעם האָטעל צימער אין רוים, ווען ער האָט מיט פאַרגניגען געקוקט פון מאָנטע פינטשיאָ אויף דעם זון אונטערגאַנג און האָט אין איינזאַמקייט איבערגעלעבט די שעהנסטע שעה פון דער גאַנצער רייזע? איז דאָס שוין ניט געווען דאָן, ווען ער איז אין א הייסען מאָרגען געלאָפען איבער א שטעגעל, געפאַלען צו איהרע פיס און האָט געוויינט, ווי פאַר א מוטער? און ווען ער איז געזעסען ביי איהר בעט, האָט געקוקט אויף דעם אין אָווענט שאָטענס איינגעהילטען גאָרטען, ווען אין צימער דערביי איז געלעגען א טויט קינד? איז דאָס דען ניט געווען אין יענער פאַרנאַכטיגער שעה, און נאָך דערצו פיעל פיינליכער, פיעל אומערטרעגליכער, ווען מען זאָל דאָס אפריהער ניט אָננעמען, ווי די אַנדערע לײדען, וואָס קומען אַרויס פון דער טיף פון מיענשליכע פאַרהעלטניסען? און איצט, ווי פיינליך האָט ער דאָס געפיהלט, פיהרענדיג זי געאַרעמט, זאָרגפעלטיג האַלטענדיג איבער איהר דעם שירעם און שפּאַצירענדיג מיט איהר איבער דער פייכטער גאַס; איצט איז דאָס ווידער געקומען, דאָס גוט באַקאַנטע, טרויעריגע און נאָהנטע. אין זיינע אויערען האָבען נאָך געקלונגען איהרע ווערטער: „איז דען עפּעס געווען אין די בריף, ווי אויספיהרליך זיי זיינען ניט געווען?...“

אָבער נאָך שווערער האָט מיט אַט די ווערטער געקלונגען: „וואָס איז נאָך אַלעמען דער גליהענדסטער קוש, אין וועלכען ליבּ און זעל שיינען צונויפצוגיסען זיך? וואָס באַדייט דאָס, וואָס מיר זיינען אין פאַר־לויף פון מאָנאַטען אַרומגעפאָהרען צוזאַמען איבער פרעמדע לענדער? וואָס באַדייט דאָס, וואָס איך האָב פון דיר געהאַט אַ קינד? וואָס באַ־דייט דאָס, וואָס דו האָסט זיך אויסגעוויינט אין מיין שויס איבער דיין באַטרוג? וואָס באַדייט דאָס אַלץ, ווען דו האָסט מיך דאָך איבער־געלאָזען אליין... אפילו דאַן, ווען מיין ליבּ האָט אַריינגענומען אין זיך דעם עמבריאָ פון אַ נייעם באַשעפעניש, וואָס איך האָב געטראָגען אין זיך ניין מאָנאַטען, וואָס איז באַשטימט געווען צו לעבען ביי פרעמדע מענשען, ווי אונזער קינד, און וואָס האָט ניט געוואָלט בלייבען אויף דער ערד?"

אָבער ווען דאָס אַלץ האָט זיך שווער געלעגט אויף זיין זעל, האָט ער אין אַ טאָן פון שפּאַס איינגעשטימט מיט איהר, צוגעבענדיג, אַז זי איז גערעכט, אַז בריף, אפילו פון צוואַנציג זייטען, קענען ניט האָבען אין זיך פיעל; און ווען אַ פיינינגענד מיטגעפיהל מיט איהר איז אויפגעשטאַנען אין איהם, האָט ער איהר אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז אַ צייט וועט קומען, ווען זיי וועלען ניט דאַרפען זיך באַנוצען מיט בריף. דאַן האָט ער גענומען ריידען אין אַ צערטליכערען טאָן, האָט דערצעהלט וועגען זיינע איינזאַמע שפּאַצירען איבער דעם אַרומיגען געגענד פון דער פרעמדער שטאָדט, וואו ער האָט געקלערט וועגען איהר; וועגען די שעה'ן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין האָטעל צימער מיט דער אויסזיכט אויף דעם מיט לינדען געפלאַנצטען פּלאַץ, און וועגען דעם, אַז זיין בענקשאַפט נאָך איהר איז ניט שטילער גע־וואָרען, צי ער איז געזעסען ביי זיין אַרבייט, צי ער האָט באַגלייט אויפ'ן קלאַוויר, צי ער איז געווען מיט מענשען. אָבער ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט איהר ביי דער טיר פון איהר הויז, האַלטענדיג איהר האַנט אין זיינער, און האָט איהר געקוקט אין די אויגען, זאָגענדיג: „אויף ווידערזעהן!" האָט ער מיט פאַרוואונדערונג דערזעהן אין זיי אַ מידע, אפילו גאָר ניט קיין שמערצליכע ענטוישונג. און ער האָט געוואוסט: אַלע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט, האָבען ניט גע־האַט די מינדסטע באַדייטונג פאַר איהר, ווייל דאָס איינציגע, אויף

וואָס זי האָט שוין קוים מעהר געוואַרט, און נאָך וואָס זי האָט אַזוי פּיינליך געבענקט, איז ניט געזאָגט געוואָרען.

אין אַ פערטעל שעה אַרום איז שוין געאָרג געזעסען אין זיין שטול אין פּאַרטער; צוערשט איז ער געווען מיד און אומצופרידען, אָבער באַלד האָט די פרייד פון פאַרגניגען גענומען שטראָמען דורך זיין בלוט. און ווען בראַנגענאַ האָט אַרויפגעוואָרפען אויף די אַקסלען פון איהר האַרין די קעניגליכע מאַנטיע, ווען קורווענאַל האָט אָנגעזאָגט די אָנקונפט פון קעניג און די מאַטראָזען האָבען מיט פרייד געשריען פון דעק באַגריסט די דערנעהנטערונג צו דער ערד אין דעם שיין פון דעם אויפלויכטענדען הימעל, האָט געאָרג שוין לאַנג פאַרגעסען וועגען דער שלעכט פאַרבראַכטער נאַכט אין קופּע, וועגען די לאַנגווייליגע באַשטעלונגען, וועגען דעם אַביסעל אָנגעצויגענעם געשפּרעך מיט אַן אַלטען אידישען דאָקטאָר און וועגען אַ שפּאַציר איבער פייכטע טראָטואַרען, אין וועלכע דאָס ליכט פון לאַמטערנען האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט, ביי דער זייט פון אַ יונגער דאַמע, וואָס האָט אויסגעזעהן בראַוו, אַריסטאָקראַטיש און אַביסעל אין אַ געדריקטער שטימונג. און ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזען נאָך דעם ערשטען אַקט, און דאָס ליכט האָט באַגאָסען די ריזיגע רויט־גאָלדענע געביידע, האָט ער ניט געפיהלט, ווי אין אומאַנגענעמער ערוואַכונג; איהם האָט ניכער אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט איבערגעגאַנגען פון איין טרוים אין אַן אַנדערען, און די ווירקליכקייט מיט איהרע זאָרגען און אומאַנגענעמליכקייטען וואָלט ערגעץ דרויסען פאַרבייגעפלאָכען מאַכטלאָז. איהם האָט זיך געדוכט, אַז נאָך קיינמאָל האָט אָט די אַטמאָספער פון אָט דער געביידע איהם ניט אַרומגערינגעלט מיט אַזוי פיעל גליק, קיינמאָל איז נאָך איהם ניט געווען אַזוי קלאָר, אַז אַלע מענשען זיינען אויף זייער גאַנץ לעבען באַשיצט פון אַלע ליידען און פון דעם שמוץ פון לעבען. ער איז געשטאַנען אין דורכגאַנג ביים עק פון זיין אָרט, האָט געזעהן געפעליגע בליקען, געווענדט אויף איהם, און האָט געוואוסט, אַז ער איז שעהן, עלעגאַנט און טיילט זיך אפילו אַביסעל אויס. און אייסערדעם, — דאָס האָט געהויבען זיין שטימונג, — איז ער געווען אַ מענש מיט אַ באַרוף און אַ שטאַנד, און אפילו דאָ אין טעאַטער איז ער געזעסען מיט אַן אויפטראַג, ווי אַ פאַראַנטוואָרטליכער פאַרטרעטער פון אַ דייטשער הויף ביהנע. ער האָט גענומען

באַטראַכטען דעם עולם מיט׳ן בינאָקל. פון די הינטערשטע רייהען פון פּאַרטער האָט איהם מיט אַן אַביכעל צו אינטימער פּאַרנייגונג באַגריכט נאַסנער, וואָס איז, ווייזט אויס, באַ׳ד אויפגעשטאַנען צו ערקלערען דער דאַמע, וואָס איז געזעסען לעבען איהם, ווער נעאָרג איז. ווער איז די פרוי? איז דאָס געווען אַ גאַסען פרוי, וואָס ער האָט געוואָלט מאַכען פאַר אַ הייליגע, אָדער אַ הייליגע, וואָס ער האָט געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַ גאַסען פרוי? „שווער צו ענטשיידען, האָט געקלערט נעאָרג. אינמיטען וועג קענען זיי גלייך אויסזעהן“. פלוצלונג האָט ער דערפיהלט, אַז פון איבען איז זעהר אויפמערקזאַם געווענדט אויף איהם עמיצענס בינאָקל. ער האָט אַ קוק געטאָן אַרויף. דאָס איז געווען עלזאַ, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט אויף איהם פון אַ לאָזשע אויפ׳ן ערשטען שטאָק. איהר מוטער איז געזעסען לעבען איהר, און צווישען זיי האָט זיך אַריבערגעבויגען איבער׳ן באַריער אַ הויכער יונגער מאַן, וואָס איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי דזשיימס ווײנער. נעאָרג האָט זיך פאַרנייגט, און אין צוויי מינוט אַרום איז ער אַריינגעגאַנגען אין די לאָזשע און איז באַגריסט געוואָרען פריינדליך, אָבער גאָר ניט מיט ערשטוינונג. עלזאַ איז געווען אין אַ שוואַרצען סאַמעטענעם, אויסגעשניטענעם קלייד, מיט אַ שמאָלער פּערעל קייט אויפ׳ן האַלז, מיט אַן אַביסעל פּרעמדער, אָבער אינטערעסאַנטער פריזור; זי האָט איהם אויסגעשטרעקט די האַנט.

— ווי אַזוי זייט איהר דאָ? מען האָט אייך געגעבען אורלויב? מען האָט אייך אָפּגעזאָגט? זייט איהר אַנטלאָפען?

נעאָרג האָט קורץ און אין אַ פרעהליכען טאָן געגעבען אַן ערקלערונג.

— זעהר ליעבליך געווען פון אייך, — האָט געזאָגט פרוי עהרענבערג, — צו שרייבען אונז אַ פּאָר ווערטער פון רעטמאָלד.

— דאָס זאָל ער נאָך ניט טאָן! — האָט געזאָגט עלזאַ. — דאַן וואָלט מען געקענט מיינען, אַז ער איז אַנטלאָפען מיט עמיצען אין אַמעריקאַ.

דזשיימס איז געשטאַנען אין מיטען לאָזשע, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַן אָפּגעטאָקטען געזיכט; די טונקעלע, גלאַטע האָר זיינען געווען פאַרקעמט מיט אַ שייטעל אויף דער זייט.

— זאָגט, נעאָרג, ווי פיהלט איהר זיך אין רעטמאָלד?

עלזא האָט א קוק געטאָן אויף דזשיימס'ן דורך אראָפּגעלאָזענע ברעמען. זי האָט געשיינט צו זיין ענטציקט פון זיין אַרט ריידען דייטש, ווי ער וואָלט דאָס געמוזט איבערזעצען פון ענגליש. דאָך האָט זי זיך באַנוצט מיט זיין פראַגע פאַר א וויץ און האָט געזאָגט:

— ווי נעאַרג פיהלט זיך אין דעטמאָלד? איך האָב מורא, דזשיימס, דיין פראַגע איז ניט דעליקאַט. — דאַן האָט זי זיך געווענדט צו נעאַרג'ן: — מיר זיינען פאַרלאַבט.

— קיין קאַרטען זיינען נאָך ניט ארויסגעשיקט געוואָרען, — האָט פרוי עהרענבערג צוגעגעבען.

נעאַרג האָט געוואונשען גליק.

— קומט צו אונז מאָרגען צו פריהשטיק, — האָט געזאָגט פרוי עהרענבערג. — איהר וועט באַגעגנען נאָר א פּאָר מענשען, און זיי אַלע־מען, נאַטירליך, וועט פרעהען אייך צו זעהן. זיסי, פרוי אָבערבעג־נער, ווילי אייסלער.

נעאַרג האָט זיך ענטשולדיגט. ער קען זיך ניט פאַרבינדען מיט א באַשטימטער צייט, אָבער אין פאַרלויף פון טאָג, אויב דאָס וועט נאָר זיין מעגליך, וועט ער מיט פאַרגניגען אריינקומען.

— נו יע, — האָט שטיל געזאָגט עלזא און האָט מיד געלעגט די האַנט אין א לאַנגער ווייסער הענטשקע אויפ'ן באַריער. — מיטאָג פאַרברענגט איהר וואהרשיינליך אין דעם פאַמיליען קרייז.

נעאַרג האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט ניט געהערט, און האָט געלויבט די היינטיגע פאָרשטעלונג. דזשיימס האָט געזאָגט, אז ער ליעבט „טריסטאַן" מעהר פון אַלע אנדערע אָפּערען פון וואַגנער'ן, איינשליסענדיג די „מייסטערזינגער".

עלזא האָט איינפאַך באַמערקט:

— עס איז, פאַרשטעהט זיך, זעהר שעהן, אָבער איך בין איי־גענטליך געגען ליעבעס געטראַנקען און עהנליכע געשיכטען.

נעאַרג האָט געזאָגט, אז דעם ליעבעס געטראַנק דאַרף מען פאַר־שטעהן, ווי א סימוואָל. אויף דעם האָט עלזא ערקלערט, אז זי איז אויך געגען סימוואָלען. עס האָט זיך דערהערט דער ערשטער קלונג צום צווייטען אקט, נעאַרג האָט זיך געזעגענט, האָט געאיילט אראָפּ אין האָט קוים צייט געהאַט זיך צו זעצען אויף זיין אָרט, ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען. ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער

איז דאָ אין טעאַטער, ווי אַ האַלב אָפּיציעלער פּאַרטרעטער, און האָט באַשלאָסען אויף ווייטער ווידערצושטעהן די ערשטע איינדריקען. באַלד האָט ער ענטדעקט, אַז די ליעבעס סצענע וואָלט מען געקענט גאַנץ אַנדערש דורכפיהרען, ווי זי איז דורכגעפיהרט דאָ, און אַז מיעלאָט, דורך וועמעס האַנט טריסטאַן דאַרף אומקומען, וואָלט גאָר ניט געדאַרפט פאַרגעשטעלט ווערען פון אַ צווייט־קלאַסיגען זינגער, ווי דאָס ווערט, איבעריגענס, געטאָן כמעט אומעטום. נאָך דעם צווייטען אַקט איז ער אויפגעשטאַנען אביסעל מיט אַ געהויבענעם זעלבסטגעפיהל, איז געבליבען שטעהן אויף זיין אָרט און האָט נאָר צייטענווייז געקוקט אין די לאָזשע אויפ'ן ערשטען שטאָק, פון וואַנען פרוי עהרענבערג האָט איהם געפעליג צוגעניקט. עלזאַ האָט גערעדט מיט דזשיימס'ן, וואָס איז אומבאַוועגליך געשטאַנען הינטער איהר מיט די הענט פאַרלעגט אויף דער ברוסט. געאָרג האָט זיך דערמאָנט, אַז מאָרגען וועט ער ווידער זעהן דזשיימס'עס שוועסטער. דערמאָנט זי זיך ווען עס איז וועגען יענער וואונדערליכער נאָכמיטאָג שעה אין פּאַרק, דער שטיקענדער לופט און דער טונקעל־גרינער אומגעבונג, און דעם דופט פון מאָך און טאַנענבוימער? ווי ווייט דאָס איז איצט! דאַן האָט ער זיך דערמאָנט אָן אַן אַנדער קוש אין דעם שאָטען פון דער גאָרטען וואַנט אין לוגאַנאָ. ווי ווייט איז אויך דאָס! ער האָט זיך דערמאָנט דעם אָווענט אונטער די פּלאַטאַנען און דעם געשפּרעך וועגען לעאָ'ן. אייגענטליך האָט מען שוין דאַן געקענט פאָראויסזעהן. ווירקליך, אַ מערקווירדיגער מענש אָט דער לעאָ! ווי ער האָט דאָס געהאַלטען זיין פּלאַן פאַרבאָרגען אין זיך! ווייל דאָס האָט דאָך נאַטירליך געמוזט זיין אַ פריהער אויסגעאַרבייטער פּלאַן. און ער האָט נאָר געוואַרט אויפ'ן טאָג, ווען ער וועט אויסטאָן די אוניפאָרם, אום דעם פּלאַן אויסצופיהרען. ווי נאָר געאָרג האָט באַקומען די נאַכריכט וועגען דועל, האָט ער איהם באַלד אָנגעשריבען עטליכע ווערטער, אָבער קיין ענטפער האָט ער ניט באַקומען. ער האָט באַשלאָסען צו באַזוכען לעאָ'ן, אויב דאָס וועט זיין מעגליך, אין געפענגניס.

אַ העררר אין דער ערשטער רייה האָט איהם געגריסט. דאָס איז געוועזען ראַלף סקעלטאָן. געאָרג האָט מיט אַ בליק אָפּגעמאַכט מיט איהם צו באַגעגנען זיך נאָך דער פאָרשטעלונג.

מען האָט פאַרלאָשען דאָס ליכט, און דער פאַרשפּיעל צום דריטען
אַקט האָט זיך אָנגעהויבען. גענאַג האָט געהערט, ווי מידע וועלען
שלאָגען זיך אָפּ אָן דעם וויסטען ים־ברעג, אַז אין דער בלוייליך דינער
לופט טראָגען זיך די שווערע זיפצען פון דעם טויטליך פאַרוואונדעטען
העלד. וואו האָט ער דאָס געהערט צום לעצטען מאָל? ניט אין
מינכען?... ניין, אַזוי לאַנג האָט דאָס ניט געקענט זיין. און פּלוצלונג
האָט ער זיך דערמאָנט די שעה, ווען אויפ'ן באַרקאָן, אונטער דעם היל־
צערנעם פראָנטאָן איז פאַר איהם געלעגען די אָפענע פּאַרטיטור פון
„טריסטאַן“. אין דער ווייט, צווישען וואַלד און לאָנקעס, האָט זיך גע־
צווינגען אַ זוניגער וועג צום בית עולם, אַ קריוץ האָט געלויכטען ווי גאָלד;
אונטען אין הויז האָט געקרעכצט אין וועהען אַ געליעבטע פרוי, און
איהם האָט וועה געטאָן פאַר איהר. אָבער אויך אָט די ערינערונג
האָט געהאַט איהר טרויעריגען צויבער, ווי אַלץ, וואָס איז אונגאַנצען
פאַרשוואונדען. דער באַלקאָן, דער קליינער בלויער מלאך צווישען
בלומען, די ווייסע באַנק אונטער דעם באַרענבוים... וואו איז דאָס אַלץ
איצט? ער וועט מוזען נאָך איין מאָל זעהן דאָס הויז, איידער ער
וועט פאַרלאָזען וויען.

דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען. בענקשאַפט האָט זיך גע־
הערט אין די טענער פון אַ פייפיאָל; אונטער דעם בלייכען, גלייכ־
גילטיג צושפּרייטען הימעל, אין שאָטען פון די לינדען צווייגען האָט
געדרעמעלט דער פאַרוואונדעטער העלד, און איהם צוקאָפּען האָט גע־
וואַכט דער טרייער קורווענאַל. דער פייפיאָל איז אַנטשוויגען גע־
וואָרען, אויף דער וואַנט האָט זיך אַריבערגעבויגען דער פאַסטוך, האָט
געפרעגט און קורווענאַל האָט געענטפערט. ווירקליך, דאָס איז געוועזן
אַ שטים פון אַ באַזונדערען קלאַנג. „ווען מיר וואָלטען געהאַט אַזאַ באַ־
ריטאָן, — האָט געקלערט גענאַרג, — און נאָך אַנדערע זאַכען, וואָס
פעהלען אונז“. ווען מען וואָלט איהם נאָר געגעבען די נויטיגע מאַכט,
וואָלט ער געקענט מאַכען פון דעם באַשיידענעם טעאַטער, וואו ער האָט
איצט געאַרבייט, אַן ערשט־קלאַסיגע ביהנע. ער האָט געטרוימט וועגען
מוסטערהאַפטע אויפפיהרונגען, צו וועלכע מענשען וועלען שטראָמען
פון אומעטום; ער האָט זיך שוין געפיהלט ניט ווי אַן אָפיציעלער
פאַרטרעטער, נאָר ווי איינער, וועמען עס איז אפשר באַשערט צו ווערען
אין דער נאָהענטער צוקונפט אַליין אַן אָנפיהרער. אַלץ העכער און

ריעבער זיינען געשטיגען זיינע האָפנונגען. אפשר וועלען נאָך אריבער־
גיהן עטליכע יאָהר, און אין דעם גרויסען רייכען זאַל וועלען קלינגען
זיינע אייגענע מעלאָדיען; און די צוהערער וועלען ענטציקטע הערען,
ווי עס הערען היינט די אָפּערא די פאַרזאַמעלטע דאָ, אין דער צייט,
ווען ערגעץ אָן א זייט וועט פאַרבייפליסען דער אָהנמעכטיגער שטראָם
פון דער ווירקליכקייט. אָהנמעכטיגער? איז דאָס אין דער אמת'ען
אזוי?... איז ער זיכער, אז ער וועט קענען באַצויבערען די מענשען
מיט זיין קונסט, ווי יענער מייסטער, צו וועמען מען האָט זיך דאָ היינט
צוגעהערט? אז ער וועט באַזינגען די זאָרגען, אומאַנגענעמליכקייטען
און אומגליקען פון אַלטעגליכען לעבען? אומגעדולד און צווייפעל האָ־
בען איהם אַרומגענומען, אָבער ווילען און פאַרשטאַנד האָבען זיי באַלד
פאַרטריבען, און ער האָט זיך ווידער געפיהלט ריין באַגליקט, ווי אַלע־
מאָל, ווען ער האָט געהערט גוטע מוזיק, ניט קלערענדיג וועגען דעם,
אז ער אַליין האָט אויך געוואָלט שאַפען און ווערען אַנערקענט. אין
אַזעלכע מאָמענטען איז פון אַלע זיינע באַציהונגען צו דער באַליעבטער
קונסט געבליבען נאָר די איין שטרעבונג, זי טיפער אויפצונעמען, ווי
ווער עס איז אַנדערש. און ער האָט געפיהלט, אז היינריך האָט געזאָגט
דעם אמת, ווען זיי זיינען געפאָהרען צוזאַמען איבער דעם מיט טוי
באַדעקטען וואַלד: פאַר איהם איז גענוג נאָר די איין אַטמאָספער פון
זיין קונסט; איבער איהם איז ניט געהאַנגען קיין קללה, ווי איבער היינ־
ריכ'ן, וועמען דער פאַרלאַנג אומצופאַסען, פאַרמירען, איינהאַלטען האָט
אַלעמאָל געפייניגט, און פאַר וועמען די וועלט איז צופאַלען אין שטיק־
לאַך, ווי נאָר זי האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט.

איזאָלדא אין בראַנגענזאַ'ס אָרעמס איז אומגעפאַלען טויט איבער
טריסטאַנ'ס טויטען קערפּער, די לעצטע טענער האָבען אָפּגעקלונגען,
דער פאָרהאַנג איז געפאַלען. געאָרג האָט אַרויסגעקוקט אין לאָזשע
פון ערשטען שטאָק. עלזא איז געשטאַנען ביים באַריער, ווענדענדיג
איהר בליק צו איהם, אין דער צייט ווען דזשיימס האָט איהר אָנגעטאָן
אויף די אַקסלען דעם טונקעל רויטען מאַנטעל. צושאָקלענדיג איהם
מיט'ן קאָפּ שנעל, ווי קיינער וואָלט דאָס ניט געדאַרפט באַמערקען,
האָט זי זיך אומגעקערט צום אַרויסגאַנג. „מערקווירדיג,—האָט געאָרג
געקלערט, — פון ווייטען האָבען איהר האַלטונג און איהרע באַוועגונגען
עפּעס... מעלאַנכאָליש־ראָמאַנטישעס. אין אַזעלכע אויגענבליקען דער־

מאַנט זי מיר מעהר פון אלץ דאָס ציגיינער מיידעל, וואָס זי האָט פאַרנעשטעלט אין ניצא, אָדער יענע זאַנדערבאַרע יונגע באַשעפעניש, מיט וועמען איך בין געשטאַנען פאַר טיצאַנ׳ס ווענוס אין פלאָרענץ... האָט זי מיך ווען עס איז געליעבט? ניין. און איהר דזשיימס׳ען ליעבט זי אויך נים. וועמען דען?... אפשר... דאָך דעם משוגענעם לעהרער פון צייכנונג אין פלאָרענץ? אָדער קיינעם ניט. אָדער גאָר היינריכ׳ן?

אין פאָיע האָט ער באַגעגענט סקעלטאָנ׳ען.

— זייט איהר ווידער געקומען צוריק? — האָט סקעלטאָן געפרעגט.

— נאָר אויף עטליכע טעג, — האָט געאָרג נעענטפערט.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אז סקעלטאָן האָט ניט געוואוסט, וואָס מיט געאָרג׳ן איז אין דער צייט פאָרגעקומען, און האָט געמיינט, אז ער פאָהרט אַרום איבער דייטשלאַנד צו שטודירען מוזיק. ער איז געווען ערשטוינט צו הערען, אז געאָרג איז דאָ אויף אורלויב און זעהט די נייע אינסצענירונג פון „טריסטאַן“ אויף דעם אויפטראַג פון א טעאַטער אינטענדאַנט.

— איך האָב אָפּגעמאַכט מיט ברייטנער׳ן, — האָט סקעלטאָן געזאָגט, — צו באַגעגנען זיך היינט אין „אימפּעריאל“, אין ווייסען זאַל. האָט איהר גאָרנישט געגען דעם?

— אויסגעצייכענט, — האָט נעאָרג נעענטפערט, — איך וואוין דאָרט.

דאָקטאָר ברייטנער האָט שוין גערויכערט איינע פון זיינע באַריהמטע ריזיגע ציגאַרען, ווען געאָרג און סקעלטאָן זיינען צוגעקומען צו זיין טיש.

— וואָס פאַר אן איבערראַשונג! — האָט ער אויסגערופען, ווען נעאָרג האָט איהם באַגריסט. ער האָט נעהערט, אז געאָרג איז קאַפּעלמייסטער אין דיסעלדאָרף...

— דעטמאָלד, — האָט געאָרג געזאָגט און האָט א קלער געטאָן: „זעהר פיעל אינטערעסירט מען זיך דאָ מיט מיר... אָבער וואָס אַרט דאָס מיר!...“

סקעלטאָן האָט דערצעהלט וועגען דער אויפפיהרונג פון „טריסטאַן“, און געאָרג האָט דערמאָנט, אז ער האָט געזעהן אין טעאַטער די עהרענבערגס.

— ווייסט איהר, אז אָסקאַר עהרענבערג געפינט זיך איצט אויפ'ן וועג אין אינדיען אָדער ציילאָן, — האָט געפרעגט דאָקטאָר פאָן ברייטנער.

— אזוי? — האָט געזאָגט געאָרג.

— און ווייסט איהר מיט וועמען?

— געוויס אין פרויען געזעלשאַפט!

— נאַטירליך; איך האָב אפילו געהערט, אז זיי האָבען מיט זיך בינף אָדער זיבען פרויען.

— ווער זיינען דאָס?

— אָסקאַר עהרענבערג און... פּראָוווט טרעפען... דער פּרינץ פון גוואַנסטאַלא.

— אוממעגליך!

— אמת, דאָס איז קאָמיש? זיי האָבען זיך זעהר נאָהנט באַפריינדעט דעם זומען אין אָכטענדרע אָדער אין ספּאַ. שערעש... און אזוי ווייטער. ווי עס זיינען פאַראַן פרויען, איבער וועלכע מען שלאָגט זיך, אזוי זיינען, דוכט זיך, אויך פאַראַן אזעלכע, איבער וועלכע מען ווערט פריינד... איצט האָבען זיי צוזאַמען פערלאָזען אייראָפּאַ. אפשר וועלען זיי גרינדען א קעניגרייך ערגעץ אויף אַן אינזעל, און אָסקאַר עהרענבערג וועט זיין מיניסטער.

ווילי אייסלער איז אָנגעקומען, מיט א בלייך געלען, אויסגעצערטען געזיכט און א הייזעריגער.

— וואָס מאַכט איהר, באַראָן? ענטשולדיגט, וואָס איך האָב ניט גע'חלש'ט פון פאַרוואונדערונג, אָבער איך האָב שוין געהערט, אז איהר זייט דאָ. עמיצער האָט אייך געזעהן אויף קערטנערשטראַסע.

געאָרג האָט געבעטען ווילי'ן איבערגעבען דעם פאָטער א גרוס פון גראַף מאַלניץ: אליין וועט ער דאָס מאָל ליידער ניט האָבען קיין צייט צו באַזוכען דעם אלטען, וועמען, — ווי ער האָט אביסעל קאָקעטיש צוגעגעבען, — ער האָט צו פאַרדאַנקען זיין שטעל אין דעטמאָלד.

— ווענען אייער צוקונפט, ליעבער באַראָן, — האָט ווילי געזאָגט, — האָב איך קיינמאָל ניט געזאָרגט; באַזונדערס ווען איך האָב פאַרינגען יאָהר, — אָדער איז דאָס געווען פריהער? — געהערט בעליני'ן זינגען אייערע ליעדער. אָבער דאָס איז געווען א גוטע אידעע, וואָס איהר האָט באַשלאָסען צו פאַרלאָזען וויען. דאָ וואָלט מען נאָך עטליכע

צערטלעכע יאָרן געדאַלטען פאַר א דילעטאַנט. אזוי איז דאָס שוין אין וועלט. איך ווייס דאָס גוט. אויב מען ווייס, אַז א מענש שטאַמט פון א גוטער פאַמיליע, האָט א געשמאַק פאַר שעהנע קראַוואַטען, גוטע ציגאַרעטען און אַלערליי אַנדערע אַנגענעמליכקייטען פון לעבען, גלויבען זיי ניט אין זיין קינסטלערישען טאַלאַנט. אָהן א צייגניס פון אויסלאַנד וועט מען אייך דאָ ניט נעמען ערנסט... איז ברענגט מיט וואָס שנעלער עטליכע שעהנע דיפּלאָמען, באַראָן.

— איך וועל זעהן צו טאָן אַלץ, האָט געענטפערט געאָרג.

— האָט איהר שוין געהערט, מיינע הערן, די נייעס? — האָט ווידער אָנגעהויבען ווילי. — לעאָ גאַלאָווסקי, דער איינזיאַהריגער, וואָס האָט דערשאָסען דעם אויבערלייטענאַנט סעפּראַנען, איז פריי.

— אַרויסגעלאָזען פון דער אונטערזוכונגס געפענגניס? — האָט געאָרג געפרעגט.

— ניין, אינגאַנצען פריי... זיין אַדוואָקאַט האָט געשיקט א באַגנאַדיגונגס פּעטיציאָן צום קייזער, און היינט איז אָנגעקומען א גינסטיגע ענטשיידונג.

— אומגלויבליך! — האָט ברייטנער אויסגערופען.

— פאַרוואָס וואונדערט איהר זיך אזוי, ברייטנער? — האָט געפרעגט ווילי. — קען דאָך אַמאָל אין עסטרייך אויך געשעהן עפּעס, וואָס איז פאַרנינפטיג.

— א דועל איז קיינמאָל ניט פאַרנינפטיג, — האָט געזאָגט סקעלטאַן, — און דעריבער קען אויך א באַגנאַדיגונג פאַר א דועל ניט זיין פאַרנינפטיג.

— א דועל, ליעבער סקעלטאַן, איז עפּעס אזוינס, וואָס איז אָדער בעסער, אָדער ערגער ווי איינפאַך פאַרנינפטיג, — האָט געענטפערט ווילי, — אָדער אַן אונערהערטער אונזין, אָדער אַן אומפאַרמיידליכע נויטווענדיגקייט. אָדער א פאַרברעכען, אָדער אַן ערלייזונג. פאַרנינפטיג איז דאָס ניט און דאַרף ניט זיין. מיט אויסנאַמספאַלען האָט פאַרנינפט בכלל גאָרנישט צו טאָן. און אַז אין אזא פאַל, ווי דער, ווענען וועלבען מיר רעדען, איז א דועל געווען אומפאַרמיידליך, וועט איהר, סקעלטאַן, אויך איינשטימען.

— אבסאָלוט, — האָט געזאָגט ברייטנער.

— איך קען מיר פאָרשטעלען א שטאַאַטס אָרדנונג, — האָט באַ־

מערקט סקעלטאן, — וואו אפילו אזעלכע קאנפליקטען וואָלט, גע־קענט אויסגעגליכען ווערען אין געריכט.

— אזעלכע קאָנפליקטען אין געריכט!... מיינט איהר ווירקליך, סקעלטאן, אז ווען עס האנדעלט זיך ניט וועגען פראגען פון רעכט אָדער אייגענטום, נאָר ווען גלאט מענשען פיהלען אן אומגעהויערען האס איי־נער צום צווייטען, קען מען דאָס אויסגלייכען דורך ארעסטירען אָדער ארויפלעגען געלט שטראָפען? עס איז גאנץ פארשטענדליך און גערעכט, מיינע הערן, וואָס די אויסמיידונג פון א דועל ווערט גערעכענט ביי אלע מענשען, וואָס האָבען אין זיך טעמפעראמענט, עהרע און אויפ־ריכטינקייט, פאר איינפאכע פייגהייט. ביי די אידען ווענינסטענס,— האָט ער צוגעגעבען. — די קאטוילּיקען, ווי באקאנט, האלט די פרומ־קייט אָפּ פון שלאָגען זיך.

— דאָס קומט זיכער פאָר, — האָט געענטפערט ברייטנער.

געאָרג האָט געוואָלט וויסען, וואָס אייגענטליך איז פאָרגעקומען צווישען לעאָ גאָלאָווסקי'ן און דעם אויבערלייטענאנט.

— יע, ריכטיג, איהר זייט דאָך א גאסט, — האָט געזאָגט ווילי.

— איז אָט וואָס: דער אויבערלייטענאנט האָט א גאנץ יאָהר ניט געלאָזען לעאָ גאָלאָווסקי'ן צורוה און האָט אפילו...

— דעם פראָלאָג וויים איך שוין, — האָט געאָרג אונטערבראָכען, טיילווייז פון א דירעקטען קוואל.

— גוט. איז דעם ערשטען אָקטאָבער האָט זיך דער פראָלאָג, ווי איהר רופט דאָס אָן, געענדיגט, דאָס הייסט, לעאָ גאָלאָווסקי האָט גע־ענדיגט זיין דיענסט טערמין פון אן איינױאָהריגען. און דעם צווייטען אָקטאָבער אין דער פריה איז ער צוגעקומען צו דער קאזארמע און האָט רוהיג געווארט, ביז דער אויבערלייטענאנט וועט ארויסקומען פון טויער. דאן איז ער צו איהם צוגעגאנגען, דער אויבערלייטענאנט האָט געוואָלט ארויסנעמען זיין סאבעל, אָבער לעאָ גאָלאָווסקי האָט אָנגע־כאפּט זיין האנט און ניט אָפּגעלאָזען און צוגעטראָגען דעם אנדערען פויסט איהם צום שטערן. דאָס האָט שוין פאראויסבאשטימט דאָס ווייטערדיגע. מען דערצעהלט אויך, אגב, אז לעאָ זאָל האָבען געוואָר־פען דעם אויבערלייטענאנט אין געזיכט אזעלכע ווערטער... אָבער איך וויים ניט, צי דאָס איז אמת.

— וואָס פאַר ווערטער? — האָט געפרעגט דער פּאַראַינטערעסירטער געאָרג.

— ער האָט געזאָגט: „נעכטען, הערר איבערלייטענאַנט, האָט איהר געהאַט מעהר באַדייטונג פון מיר, היינט זיינען מיר גלייך, אָבער מאָרגען צו דער צייט וועט ווידער איינער פון אונז זיין עפּעס מעהר פון דעם אַנדערען".

— אַביסעל תלמודיש, — האָט באַמערקט ברייטנער.

— דאָס איז פאַר איך אַם בעסטען צו אורטיילען, — האָט געענטפערט ווילי און האָט ווייטער דערצעהלט: — אויף מאָרגען אין דער פריה, אויף דער לאַנקע ביים ברעג פון דאָנוי, איז פאָרגעקומען דער דועל. דריי שאָסען, צוואַנציג טריט אָהן אַוואַנס. אויב אָהן א רעזולטאַט, איז מיט'ן סאַבעל ביז אומפעהיגקייט צו שלאָגען זיך... די ערשטע שאָסען פון ביידע זייטען זיינען פאַרביי געפלויגען, און נאָכ'ן צווייטען... נאָכ'ן צווייטען איז גאָלאָווסקי ווירקליך געוואָרען עפּעס מעהר פון דעם איבערלייטענאַנט, ווייל יענער איז געוואָרען גאָרנישט, ווייניגער פון גאָרנישט: א טויטער.

— דער אָרימער! — האָט געזאָגט ברייטנער.

ווילי האָט א ציה געטאָן מיט די אַקסלען.

— מיר איז איהם אויך א שאָד. אָבער איך מוז זאָגען, אז א סך זאַכען וואָלטען אין עסטרייך גאָרנישט געוואָרען, ווען אַלע אידען וואָלטען אין אַזאַ פאַל זיך באַנומען ווי לעאָ גאָלאָווסקי. ליידער...

סקעלטאַן האָט א שמייכעל געטאָן.

— איהר ווייסט, ווילי, אין מיין אַנוועזענהייט טאָר מען גאָרנישט זאָגען קעגען די אידען; איך האָב זיי ליעב. און מיר וואָלט זעהר לייד געטאָן, ווען מען וואָלט ערלויבט צו לעזען די אידישע פראַגע דורך א ריהע דועלען, ווייל דאַן וואָלט פון אָט דער שעהנער ראַסע סוף כל סוף ניט געבליבען קיין איין פאַרשטעהער פון מענליכען געשלעכט.

צום סוף פון געשפּרעך האָט סקעלטאַן געמוזט צוגעבען, אז ביי דער איצטיגער צייט קען מען אין עסטרייך ניט אויסקומען אָהן דועלען. ער האָט זיך אָבער ערלויבט צו פרעגען, צי רעדט דאָס ניט גיכער קעגען עסטרייך ווי פאַר דועלען, ווייל אייניגע אַנדערע לענדער, — פון באַשיידענהייט האָט ער זיי ניט געוואָלט אָנרופען, — ווייסען שוין עטליכע צענדליגער יאָהרען ניט פון קיין דועלען. און ער האָט צוגע-

נעבען, אַז ער וועט אפשר ניט געהן צו וויט, ווען ער וועט באַצייכנען
עסטרייך, וואו ער פיהלט זיך, איבריגענס, גאַר ווי אין דער היים פאַר
די לעצטע זעקס יאָהר, ווי אַ לאַנד פון באַציאַלע אומאויפריכטיגקייטען.
דאָ קומען פאָר די העפטיגסטע שטרייטען אָהן אַ שפור פון האַב און ג
מין צערטליכע ליעבע אָהן אַ באַדערפניש אין טרייהייט. צווישען באַ
ליטישע נעגנער עקזיסטירען אָדער ענטוויקלען זיך קאָמיטע פערזענליכע
סימפּאַטיען; פאַרקערט, פאַרטיי־פריינד שימפען, פאַרלוימדען און
פאַרראַטען איינער דעם אַנדערען. נאָר ביי ווייניגע קען מען באַגעגנען
באַשטימטע אַנזיכטען אויף זאַכען און מענשען; אָבער יערענבאַ
זיינען אויך אָט די ווייניגע צו שנעל גרייט אַריינצוטראָגען באַגרע
צונגען און צו אַנערקענען אויסנאַמען. אין צייט פון פּאָליטישען קאַמ
באַקומט מען דאָ דעם איינדרוק, ווי די ביטערסטע געגנער וואָלטען
צווישען די ערגסטע ווערטער צוגעווינקט איינער צום אַנדערען: „דאָס
איז גאָר ניט אַזוי שלעכט געמיינט“.

— און ווי מיינענט איהר, סקעלטאָן: ווינקען זיי אויך צו, ווען קוי־
לען פליהען? — האָט געפרעגט ווילי.

— זיי וואָלטען דאָס געוויס געטאָן, ווילי, ווען הינטער'ן רוקען
וואָלט זיי ניט געהיט דער טויט. אָבער אָט דער אומשטאַנד באַאיינ־
פלוסט, אין מיין מיינונג, ניט די אַרט פון דענקען, נאָר די האַלטונג.

זיי זיינען נאָך לאַנג געזעסען צוזאַמען און גערעדט. געאָרג האָט
זיך דערוואוסט אַלערליי נייעס. צווישען אַנדערע זאַכען האָט ער ער־
פאַהרען, אַז דעמעטער סטאַנצירעס האָט אָפּגעשלאָסען דעם קויף פון
דעם גוט אויף דעם אונגאַריש־קראָאַטישען גרענעץ, און אַז אַ פרעהליכע
געשעהעניש ווערט ערוואַרט ביי דער ראַטענמאַדעמואַזעל. ווילי אייס־
לער איז געוועזן זעהר פאַראינטערעסירט מיט אָט דער צוזאַמענקונפט
פון ראַסען און האָט זיך דערווייל באַגנוגענט מיט דעם, וואָס ער האָט
געזוכט נעמען פאַר דעם קומענדען קינד, ווי ישראל פיאַס, רבקה
פּאָרטיאונקולאַ.

שפּעטער איז די געזעלשאַפט איבערגעגאַנגען אין אַ דערבייאיגע
קאַפע. געאָרג האָט געשפּיעלט מיט ברייטנער'ן אַ פּאַרטיי ביליאַרד,
דאַן איז ער אַרויף צו זיך אין צימער. אין בעט האָט ער זיך פאַרנאָ־
טירט אַ צייט איינטיילונג פאַר דעם נעקסטען טאָג און האָט זיך דאַן
פאַרגעסען אין אַ טיפען און זיסען שלאָף.

אין דער פריה האָט מען איהם צוזאַמען מיט דעם טיי געגעבען די צייטונג, וואָס ער האָט נעכטען אָווענט באַשטעלט, און א דעפּעש. דער אינטענדאַנט פון זיין טעאַטער האָט איהם געבעטען אינפאָרמירען איהם וועגען א זינגער. דאָס איז, צו געאָרג'ס פרייד, געווען דערזעלביגער זינגער, וועמען ער האָט נעכטען געהערט אין דער ראָל פון קורוועגאַל. דאן, „אום ער זאָל קענען בעסער באַזאָרגען זיינע געשעפטען", האָט מען איהם פאָרגעשלאָגען צו פאַרלענגערען זיין אורלויב נאָך אויף דריי טעג, ווייל דאָס האָט ערלויבט דער צופעליג געענדערטער רעפּערטואַר. „ווי ליעבליך דאָס איז!" האָט געאָרג געקלערט. איהם איז איינגעפאַלען, אז ער האָט כמעט פאַרגעסען וועגען זיין אבזיכט אַליין צו בעטען טעלעגראַפיש א פאַרלענגערונג פון זיין אורלויב. „איצט האָב איך נאָך מעהר צייט פאַר אנאַ'ן, ווי איך האָב געמיינט. מען וועט אפשר קענען פאָהרען אין די בערג. דער הערבסט איז שעהן און מילד. אומעטום וואָלטען מיר געווען כמעט אַליין. אָבער אויב אן אומגליק וועט ווידער געשעהן!" אן אומגליק... וועט געשעהן! אזוי און ניט אַנדערש זיינען די ווערטער איהם געקומען אויפ'ן זין. ער האָט פאַרביסען די ליפּען. איז אָט ווי איהם האָט זיך גענומען פאַרשטעלען די גאַנצע געשיכטע! אן אומגליק!... וואו איז די צייט, ווען ער האָט כמעט מיט שטאָלץ זיך געזעגענט פאַר א רינג אין דער אומענדליכער קייט, וואָס געהט פון אורעלטערען צו אוראייניקלאָך? און א [illegible] מינוט האָט ער זיך אַליין אויסגעוויזען, ווי א באַדויערנסווערטער קרבן פון ליעבע.

ער איז דורכגעלאָפען די צייטונג. דורך א קייזערליכען באַגנאַדיגונגס אַקט איז די אונטערזוכונג קעגען לעאָ גאָלאָווסקי'ן אָפּגעשטעלט געוואָרען; נעכטען אָווענט האָט מען איהם באַפרייט. געאָרג האָט זיך דערפרעהט און באַשלאָסען נאָך היינט צו באַזוכען לעאָ'ן. דאן האָט ער אָנגעשריבען א דעפּעש צום גראַף און האָט איהם אויספיהרליך מיטגעטיילט וועגען דער נעכטיגער פאָרשטעלונג. ווען ער איז ארויס אין גאַס, איז געווען ארום עלף אזייגער. די לופט איז געווען הערבסטיג קיהל און קלאָר. געאָרג האָט זיך געפיהלט אויסגעשלאָפען, פרייש און אין דער בעסטער שטימונג. דער טאָג איז געווען פול מיט האָפנונג פאַר איהם און האָט צוגעזאָגט אַלערליי אינטערעסאַנטע אָנרעגונגען. נאָר עפּעס האָט געשטערט, און ער האָט צוערשט ניט געוואוסט

וואָס. אך, יע... א באזוך אויף באָלאַנער גאַס, טריבע צימערען, א קראַנקער פּאַטער, א באַליידיגטע מוטער... „איך וועל איינפאַך אריינקומען נעמען אנאַ'ן, האָט ער געקלערט, וועל געהן מיט איהר שפּאַצירען און דאַן ערגעץ וואו האָבען מיט איהר אָווענטברויט". פאַרבייגעהענדיג א בלומען געשעפט, האָט ער געקויפט וואונדערליכע טונקעלרויטע רויזען און זיי אָפּגעשיקט אנאַ'ן מיט זיין קאַרטעל, אויף וועלכען ער האָט אָנגעשריבען: „א טויזענד מאָרגען גרוסען. אויף ווידערזעהן!" נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געטאָן, איז איהם געוואָרען לייכטער. דאַן איז ער אוועק צום אינערליכען טייל פון שטאָדט, צו דעם אלטען הויז, וואו נירענבערגער האָט געוואוינט. ער איז ארויף אויפ'ן פינפטען עטאַזש. א פלינקע אלטע דיענסט מיט א טונקעלען טיכעל אויפ'ן קאָפּ האָט איהם געעפענט די טיר און אריינגעלאָזען אין צימער פון איהר בעל הבית. נירענבערגער איז געשטאַנען ביים פענסטער מיט א לייכט אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, אין דעם ברוינעם, הויך פאַרקנעפּעלטען רעקעל, וואָס ער האָט ליעב געהאַט צו טראָגען אין דער היים. ער איז ניט געווען אליין. פון א שטול ביים שרייבטיש האָט זיך אויפגעהויבען היינריך מיט א מאַנוסקריפּט אין דער האַנט. געאָרג איז האַרציג אויפגענומען געוואָרען.

— איז פאַראַן א צוזאַמענהאַנג צווישען אייער זיין איצט אין וויען און דעם דירעקציאָנס קריזיס אין דער אָפּערא? — האָט נירענבערגער געפרעגט ניט אינגאַנצען אין שפּאַס. — גערעכענט נאָר, — האָט ער ווייטער געזאָגט,—ווען מען נעמט אינגלאַך, וועמעס באַציהונג צו דער דייטשער ליטעראַטור האָט זיך ביז ניט לאַנג ארויסגעוויזען נאָר אין דעם רעגעלמעסיגען באַזוך פון א ליטעראַטען קאַפע, און מען באַשטימט זיי פאַר דראַמאַטורגען אין בערלינער טעאַטערען, זעה איך ניט איין קיין גרונד זיך צו וואונדערען, ווען מען וואָלט מיט פאַראַד איינגעלאַדען אין וויענער אָפּערא דעם באַראָן ווערגענטין, נאָך א זעקסוואָכיגער און ווי ניט ווי שווערער טעטיגקייט פון קאַפּעלמייסטער אין א דייטשען הויף טעאַטער.

געאָרג האָט פעסטגעשטעלט דעם אמת, ערקלערענדיג, אז ער האָט באַקומען א קורצען אורלויב, צו באַזאָרגען זיינע וויענער אַנגעלעגענהייטען, און האָט ניט פאַרגעסען צו דערמאָנען, אז ער איז נעכטען געווען ביי דער נייער אינסצעניזירונג פון „טריסטאַן" אין א געוויסער

מאָל אויף דעם אויפטראָג פון זיין דירעקציאָן; אָבער זאָגענדיג דאָס, האָט ער איראָניש געשמייכעלט אויף זיין אייגענער רעכנונג. דאן האָט ער אָפּגעגעבען א קורצען און גאנץ הומאָריסטישען באריכט פון זיין לעבען אין דער קליינער רעזידענץ. און וועגען דעם קאָנצערט ביים הויף האָט ער דערצעהלט פארביילויפיג און אויך אביסעל שפּאסיג, ווי ער וואָלט געוועזן ווייט פון דעם געדאנק צוצוגעבען א גרויסע בעדייטונג זיין שטעלע, זיינע איצטיגע ערפאָלגען, אַלע טעאטער אנגעלעגענהייטען און דעם גאנצען לעבען בכלל. מיט דעם האָט ער געוואָלט זיך דערהיבען אין נירענבערגער'ס אויגען. דאן איז דער געשפּרעך אריבערגעגאנגען צו דער בעפרייאונג פון לעאָ נאָלאָווסקי'ן. נירענבערגער האָט זיך זעהר געפרעהט מיט דעם אומגעריכטען גינסטיגען אויסגאנג, האָט אָבער צוגעגעבען, אז דאָ איז ניטאָ וואָס זיך צו וואונדערען, ווייל אויף דער וועלט, און באזונדערס אין עסטרייך, געשעהען די אומוואָרשיינליכסטע זאכען. דער נייעס, אז אָסקאר עהרענבערג איז מיט דעם פּרינץ אוועקגעפאָהרען אויף א יאכט, וואָס געאָרג האָט איהם דערצעהלט, ווי א נייעם באווייז פון דער ריכטיגקייט פון זיין, נירענבערגער'ס, אויפפאסונג, האָט ער פונדעסטוועגען ציערשט ניט איינגאנצען געגלויבט. סוף כל סוף האָט ער צוגעגעבען, אז דאָס איז מעגליך, זיין פאנטאזיע, ווי ער האָט דאָס שוין לאנג געוואוסט, האָט אלעמאָל נאָכגעגעבען דער ווירקליכקייט.

היינריך האָט א קוק געטאָן איפּ'ן זייגער. פאר איהם איז צייט געווען אוועקצוגעהן.

— איך האָב אייך ניט געשטערט? — האָט געפרעגט געאָרג. — איהר האָט, דוכט זיך, עפּעס געלעזען, ווען איך בין אָנגעקומען.

— איך האָב שוין געהאַלטען ביים סוף, — האָט געענטפערט היינריך.

— דעם לעצטען אַקט וועט איהר איבערלעזען מאָרגען, היינריך, — האָט געזאָגט נירענבערגער.

— מיר וועט דאָס נאָך ניט איינפאלען, — האָט לאַכענדיג געענטפערט היינריך. — איך די ערשטע צוויי אַקטען וועלען אין טעאטער דורכפאלען אזוי, ווי זיי זיינען נאָך וואָס דורכגעפאלען ביי אייך, ליעבער נירענבערגער, וועט מען די פּועלע ניט ענדיגען שפּיעלען. לאָמיר נאָר אננעמען, נירענבערגער, אז איהר זייט מיט שרעק ארויסגעלאָפען פון

טעאַטער. פון דעם שליסעל און די פוילע אייער באַפריי איך אייך שוין.

— וואָס זאָל דאָס באַדייטען ? — האָט געפרעגט אויסגעריפען.

— איהר איבערטרייבט ווידער, היינריך, — האָט געזאָגט נירענבערגער. — איך האָב מיר נאָר ערלויבט צו מאַכען עטליכע איינווענדונגען, — האָט ער זיך געווענדט צו געאָרג'ן, — דאָס אַלץ. אָבער ער איז דאָך אַן אויטאָר.

— אַלץ ווענדט זיך אָן דעם, ווי מען קוקט אויף זאַכען, — האָט געענטפערט היינריך. — ווען איהר זאָלט צושפּאַלטען אַ מענשען דעם קאָפּ מיט אַ האַק, איז דאָס דאָך אויך ניט מעהר ווי אַן איינווענדונג קעגען זיין לעבען, מעהר ניט אַ זעהר איבערצייגענדע.

אָנווייזענדיג אויף זיין מאַנוסקריפּט, האָט ער זיך געווענדט צו געאָרג'ן :

— איהר ווייסט, וואָס דאָס איז ? מיין פּאָליטישע טראַגי־קאָמעדיע. די קראַנצען אויף'ן קבר ווערען מיט דאַנקבאַרקייט צוריק־געוויזען.

נירענבערגער האָט געלאַכט.

— איך פאַרזיכער אייך, פון דעם סוזשעט וואָלט מען נאָך גע־קענט מאַכען אַן אויסגעצייכענטע זאַך. איהר וואָלט געקענט איבער־לאָזען כמעט די גאַנצע אינסצענירונג און אַ געוויסע צאָהל פיגורען. איהר מוזט זיך נאָר ענטשליסען צו זיין ווענינגער גערעכט, און איהר וועט ווידער אויפנעמען די אַרבייט.

— וואָס אָבער איז דאָך אייגענטליך שעהן, וואָס ער איז גערעכט

— האָט געזאָגט געאָרג.

נירענבערגער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— אומעטום מעג מען דאָס זיין, אָבער ניט אין אַ דראַמע.

און ווענדענדיג זיך צו היינריכ'ן, האָט ער געזאָגט :

— אין אַ ווערק, ווי אייערס, וואָס באַריהרט מאָדערנע פראַגען, קען מען קיינמאָל גאָרנישט דערגרייכען מיט אָביעקטיוויטעט. דער עולם אין טעאַטער פאָדערט, אַז די פראַגען, וואָס דער דראַמאַטורג באַריהרט, זאָלען געלעזט ווערען, אָדער זיי זאָלען ווענינגסטענס באַקומען אַזאַ אילוזיאָן. קיין ווירקליכע לעזונג קען, נאַטירליך, ניט זיין. נעבען אַ שיינבאַרע לעזונג קען נאָר דער, וואָס האָט דעם מוט, אָדער איז גענוג

נאאיוו אליין אָנצונעמען דעם אָדער יענעם צד. איהר וועט אליין איינ־זעהן, ליעבער היינריך, אז מיט גערעכטיגקייט קען מען ווייט ניט אוועקגעהן.

— איהר ווייסט וואָס, נירענבערגער, — האָט היינריך געזאָגט,— די גערעכטיגקייט וואָלט מיר אפילו ניט געשטערט. מיר דוכט אָבער, אז זי איז ביי מיר ניט די ריכטיגע. איך האָב אייגענטליך ניט דעם מינדסטען פארלאנג צו זיין גערעכט. איך שטעל מיר פאָר אפילו, ווי אויסגעצייכענט עס איז צו זיין אומגערעכט. מיר דוכט, אז דאָס איז די געזונטסטע גימנאסטיק פאר דער נשמה, וואָס קען נאָר געבען. ווי גוט דאָס דארף זיין צו האסען די מענשען, וועמעס אנזיכטען מען באַ־קעמפט. דאָס פאר־שפּארט אזוי פיעל אינערליכע קראפט, וואָס דארף פארזוענדעט ווערען אין דעם קאַמף. יע, ווען מען האָט נאָך גערעכ־טיגקייט אין הארצען... נאָר ביי מיר איז זי נאָר אָט דאָ, — ער האָט אנגעוויזען אויפ׳ן שטערן. — אויסערדעם שטעה איך ניט איבער די פּאַרטייען, נאָר געהער אין א געוויסער מאָס צו אלע, אָדער בין געגען אלע. מיין גערעכטיגקייט איז ניט קיין געטליכע, נאָר א דיאלעקטישע. אין דעריבער... — ער האָט גענומען אין האנט זיין מאַנוסקריפּט, — איז ביי מיר ארויסגעקומען אזא לאנגוויילינגע און אומפּרוכטבארע פּלוידעריי.

— וועה איז דעם, וואָס וואָלט געוואגט אָנצושרייבען וועגען אייך אזא זאך! — האָט געזאָגט נירענבערגער.

— נו יע, — האָט לאכענדיג געענטפערט היינריך. — ווען דאָס רעדט אַן אנדערער, קען מען קיינמאָל ניט בייקומען א ליכטען פאר־דאכט, אַז ער איז אפשר גערעכט. אָבער איך מוז איצט ווירקליך געהן. אדיע, געאָרג. מיר טיט זעהר לייד, וואָס איהר האָט מיך געכטען ניט געפינען אין דער היים. ווען פאָהרט איהר אַוועק?

— מאָרגען.

— איהר וועט דאך אָבער אריינקומען פאר׳ן אָפּפאָהרען? היינט בין איך אין דער היים די גאנצע צייט נאָכמיטאָג. קומט אריין, ווען איך וועט זיין באקוועם. איהר וועט דערזעהן א מענשען, וואָס קערט זיך ענטשיידען אָפּ פון אלע מאָדערנע פראגען און באשעפטיגט זיך נאָר מיט די צוויי אייביגע פּראָבלעמען: טויט און ליעבע... און איהר

גלויבט אין טויט, נירענבערגער? ווענען ליעבע וועל איך אייך גאָר ניט פרעגען...

— דער ווייַן, וואָס איז פאַר אייך צו ביליג, — האָט נירענבערגער געענטפערט, — צווינגט מיך אַנצונעמען, אַז ניט קוקענדיג אויף די ווירדע, מיט וועלכער איהר האַלט זיך, האָט דאָך מיין קריטיק...

— ניין, נירענבערגער, איך שווער אייך, איך בין גאָר ניט באַליידיגט. איך בין גאָר גיכער צופרידען, וואָס דאָס האָט זיך געענדיגט.

— געענדיגט? פאַרוואָס? עס איז דאָך נאָך מעגליך, אַז איך האָב געהאַט א טעות, און אַז גראָד אָט די פּיעסע, וואָב איך האָב פאַר די אַם וועניגסטען געלונגענע, וועט האָבען אַן אומגעהויערען ערפאָלג אויף דער ביהנע און וועט אייך מאַכען פאַר א מיליאָנער. איך וואָלט קיין טרייסט זיך ניט געפינען, ווען צוליעב מיין אפשר גאָר אומקאָמפּעטענטער קריטיק...

— געוויס, געוויס, נירענבערגער, יעדערער פון אונז דאַרף וויסען, אַז מיר האָבען געקענט א טעות האָבען אין יעדען איינצעלנעם פאַל. און אין דער צוקונפט וועל איך אָנשרייבען א פּיעסע מיט אַזאַ טיטעל: „איך וועל קיינעם קיינמאָל ניט גלויבען, אפילו זיך אליין אויך ניט". און איהר, נירענבערגער, וועט זיין דער העלד פון דער פּיעסע.

נירענבערגער האָט א שמייכעל געטאָן.

— איך? דאָס הייסט, אַז איהר וועט אַרויספיהרען א מענשען, ווענען, ווי איהר מיינט, איהר קענט, וועט נעמען גראָד יענע זייטען פון זיין כאַראַקטער, וואָס פּאַסען פאַר אייך, און וועט אָפּוואַרפען אַלץ, וואָס אייך איז ניט נויטיג. און נאָך אַלעמען...

— נאָך אַלעמען, — האָט איהם היינריך אונטערבראָכען, — וועט זיך באַקומען א פּאָרטרעט, אַראָפּגענומען פון א משוגע'נעם פאָטאָגראַף מיט א פאַרדאָרבענעם אַפּאַראַט אין צייט פון אַן ערדציטערניש אָדער א לקוי חמה. ריכטיג, אָדער עפּעס פעהלט נאָך?

— די כאַראַקטעריסטיק קען מען אָננעמען פאַר אַן ערשעפּענדע, — האָט געזאָגט נירענבערגער.

היינריך האָט זיך געזעגענט מיט אַן איבערטריבענער פרעהליכקייט און איז אוועק מיט זיין צוזאַמענגעראַלטען מאַנוסקריפּט. ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט געאַרג באַמערקט:

— מיר דוכט, אז זיין פרעהליכקייט איז דאך אביסעל א געמאכטע.

— איהר מיינט אזוי? אין דער לעצטער צייט איז ער ווירקליך אין אן אויפפאלענד גוטער שטימונג.

— פארוואס ניט! מענשען, וואס זיינען אזוי פיעל, כמעט אויסשליסליך פארנומען מיט זיך אליין, קומען איבער נשמה־ליידען איבערראשענד שנעל. אויף אזעלכע נאטורען, און ניט נאר אויף אזעלכע, ווירקט די לייכטסטע פיזישע אומבאקוועמליכקייט א סך דריקענדער, ווי גייסטיגע ליידען, ווי די אונטרייהייט און טויט פון א געליעבטען מענשען. דאס קומט, ווייזט אויס, פון דעם, וואס יעדער גייסטינער פיין שמייכעלט אזוי צו אזוי אונזער איינענליעבע, און וועגען א טיפוס אדער א מאגען קאטאר קען מען דאס שוין ניט זאגען. און ביים קינסטלער קומט נאך צו דאס, וואס פון א מאגען קאטאר קען מען גאר נישט ארויסציהען... וועניגסטענס, זיינען אלע ביז ניט לאנג געוועזען אין דעם גאנץ פעסט איבערצייגט... פון גייסטיגע ליידען אבער קען מען ארויסציהען אלץ, פון א לירישען געדיכט ביז צו א פילאסאפישען ווערק.

— זיינען דאך אבער פאראן פארשידענע גייסטיגע ליידען, — האט געענטפערט געארג, — און עס איז גאר אנדעריש, ווען א געליעבטע נארט אפ אדער ווארפט אוועק... אפילו ווען זי שטארבט א נאטירליכען טויט, צי ווען זי באגעהט זעלבסטמארד צוליעב אייך.

— איהר זייט זיכער, אז היינריכ'ס געליעבטע איז באגאנגען זעלבסטמארד גראד צוליעב איהם? — האט געפרעגט נירענבערגער.

— האט אייך דען היינריך ניט דערצעהלט?

— דערצעהלט. אבער דאס באווייזט נאך גארנישט. אין דעם, וואס ריהרט אן אונז אליין, טרעפען מיר קיינמאל ניט, אפילו די קלוגסטע צווישען אונז.

אזעלכע באמערקונגען פון נירענבערגער'ס ליפען האבען געהאט אין זיך פאר געארג'ן עפעס זעהר באאומרוהיגענדעס. זיי האבען געהערט צו די באמערקונגען, וואס נירענבערגער פלעגט אזוי גערן ארויסזאגען, אין האבען, ווי היינריך האט זיך איינמאל אויסגעדריקט, אפגענומען יעדען זין פון די מענשליכע באציהונגען און אפילו פון יעדען פארקער צווישען מענשען.

נירענבערגער האט ווייטער גערעדט:

— מיר ווייסען נאָר צוויי פאקטען. דער ערשטער, אז אונזער פריינד איז אמאָל געווען פארבונדען מיט א יונגער דאַמע; דער צווייטער, אז די יונגע דאַמע האָט זיך אריינגעוואָרפען אין וואסער. ווענען אלץ, וואָס איז געלעגען צווישען אָט די צוויי פאקטען, ווייסען מיר נאָר־נישט, און היינריך ווייס מסתמא אויך ניט. פארוואָס זי איז באַגאנגען זעלבסטמאָרד, קענען מיר ניט וויסען, און אפשר האָט דאָס די אָרימע אליין ניט געוואוסט.

געאָרג האָט ארויסגעקוקט אין פענסטער און האָט דערזעהן דעקער, קוימענס, פארראָסטע רעהרען, און גאָר נאָהנט — א העל־גרויען טורעם מיט א דורכזיכטיגען קופּעל. דער הימעל איז געווען בלייך און לער. געאָרג האָט א קלער געטאָן וועגען דעם, אז נירענבערגער האָט מיט קיין וואָרט ניט אָנגעפרעגט וועגען אנא'ן. וואָס האָט ער געקענט מיינען? אפשר אז געאָרג האָט זי אוועקגעוואָרפען, און זי האָט זיך שוין געטרייסט מיט אַן אנדער געליעבטען? „צו וואָס בין איך געקומען אין וויען!“ — האָט ער פארביילייפיג געקלערט, ווי דער ציעל פון זיין רייזע וואָלט געווען איבערצוהערען נירענבערגער'ס געדאַנקען וועגען לעבען און זיינע טרויעריגע שליכען. עס האָט געשלאָגען צוועלף. געאָרג האָט זיך געזעגענט. נירענבערגער האָט איהם בעגלייט ביז צום טיר און באדאנקט פאר דעם באזוך. מיט א הארציגקייט, ווי דער פריגער געשפּרעך וועגען געאָרג'ס נייעם ארט וואָלט בכלל ניט געהאט קיין באדייטונג, האָט ער אָנגעפרעגט וועגען געאָרג'ס באַשעפטיגונג, ארבייטען, נייע באקאנטע, און האָט ערשט איצט ערפאהרען, וואָס פאר א צופאַל געאָרג האָט געהאט צו פארדאנקען די אומגעריכטע איינלאדונג אין די קליינע שטאָדט.

— אָט דאָס איז גראָד וואָס איך האָב אלעמאָל געזאָגט, — האָט ער נאָכדעם באמערקט: — אונזער שיקזאל ווערט געמאכט ניט פון אונז אליין, נאָר פון א וועלכען עס איז אומשטאנד, אויף וועלכען מיר האָבען ניט געהאט קיין מעגליכקייט צו ווירקען, וועלכען מיר האָבען אפילו ניט געקענט איינשליסען אין דעם קרייז פון אונזערע אויס־רעכנונגען. נאָך אלעמען, ווי הויך איך שאַץ ניט אָב אייער טאלאנט, וועל איך דאָך פרעגען: איז דאָס אייער פארדיענסט אדער דער פאַר־דיענסט פון דעם אלטען אייסלער, וועגען וועמעס אנטייל אין דער־זאַך איהר האָט מיר אמאָל דערצעהלט, וואָס איהר זייט טעלעגראפיש

ארויסגערופען געוואָרען אין הערטמאַלד און האָט דאָרט אזוי שנעל גע־פונען אייער אָרט? ניין. א גאַנץ אונשולדיגער מענש, וועמען איהר קענט ניט, האָט געדאַרפט שטאַרבען פּלוצלינג, אז דאָרט זאָל זיין א פרייע שטעל. און וויפיעל אנדערע אומשטענדען, אויף וועלכע איהר האָט אויך ניט געקענט האָבען קיין איינפלוס און וועלכע איהר האָט ניט געקענט פאראויסזעהן, האָבען געמוזט פאַרקומען, אז איהר זאָלט מיט א לייכטען הארצען קענען אוועקפאָהרען פון וויען?

— וואָס הייסט, מיט א לייכטען הארצען? — האָט געאָרג גע־פרעגט פארוואונדערט.

— איך האָב געוואָלט זאָגען: מיט א לייכטערען הארצען, איי־דער אונטער אנדערע באדינגונגען. ווען דאָס קליינע באשעפעניש וואָלט געבליבען לעבען, ווער וויים...

— איהר מעגט זיין זיכער, אז איך וואָלט דאָן אויך אוועקגע־פאָהרען. פאר אנא'ן וואָלט מיין אָפּפאָהר געוועזען פּינקט אזוי נאַטיר־ליך, ווי איצט. איהר גלויבט ניט? אפשר וואָלט איך גאָר אוועק־געפאָהרען מיט א לייכטערען הארצען, ווען יענע געשיכטע וואָלט זיך אנדערש געענדיגט. אנא איז דאָס געווען, וואָס האָט מיך צוגערעדט אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג. איך בין אלין געווען אונענטשלאָסען. איהר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, ווי גוט און קלוג אנא איז.

— איך צווייפעל ניט אין דעם. אורטיילענדיג נאָך אַלין, וואָס איהר האָט מיר דערצעהלט וועגען איהר, האָט זי, ווייזט אויס, אָנגענומען איהר לאַגע מיט א סך מעהר ווירדע, ווי געוועהנליכע יונגע דאַמען פון איהר קרייז ווייזען ארויס אונטער אזעלכע אומשטענדען.

— ליעבער הערר נירענבערגער, איהר לאַגע איז גאָר ניט געווען אזוי שרעקליך.

— נו, זאָגט דאָס ניט. אויב אייער איידעלקייט און דעליקאַט־קייט האָט אפילו מילדער געמאַכט איהר לאַגע, מעגט איהר אָבער זי־כער זיין, אז פרייליין אנא האָט אין יענער צייט אָפט געליטען פון איהר אויסנאַמס לאַגע. עס איז ניטאָ אזא פרוי אויף דער וועלט, ווי מוטיג און ערהאַבען זי זאָל זיך ניט האַלטען, וואָס וואָלט אין אזא פאַל ניט געוואָלט ליעבער טראָגען דעם רינג אויפ'ן פינגער. דאָס רעדט מאַקי פאר די קלוגקייט און איידעלקייט פון אייער פריינדין, וואָס זי האָט אייך קיינמאָל ניט ארויסגעוויזען איהרע געפיהלען, און וואָס זי

האָט רוהיג און מיט זעלבסטבאהערשונג אויפגענומען די ביטערע ענט־
טוישונג, וואָס איז אָנגעקומען פאר איהר נאָך די ניט זעהר אנגענעמע
ניין מאָנאטען.

— ענטוישונג איז א מילד וואָרט. זאָגט בעסער: ליידען.

— עס זיינען געווען ביידע זאכען. אָבער ווי אין די מעהרסטע
פאלען, האָט זיך אויך דאָ די ברענענדע וואונד פון ליידען פארהיילט
שנעלער, ווי דאָס קוועלענדע, בייערענדע געפיהל פון ענטוישונג.

— איך פארשטעה אייך ניט אינגאנצען.

— איהר וועט דאָך ניט צווייפלען אין דעם, ליעבער געאָרג, אז
ווען דאָס קליינע באַשעפעניש וואָלט געבליבען לעבען, וואָלט איהר
שנעל, אפילו שוין איצט, געווען פארהייראט.

— און איהר מיינט, אז איצט, ווען מיר האָבען ניט קיין קינד...
יע, איהר מיינט, דוכט זיך, אז... אז... אלץ איז בכלל צווישען אונז
געענדיגט? האָט איהר אַ גרויסען טעות, ליעבער פריינד:

— ליעבער געאָרג, — האָט געענטפערט נירענבערגער, — לאָמיר
בעסער ניט רעדען וועגען דער צוקונפט. ניט איהר, ניט איך וויים,
וואו עס ווערט איצט געוועבט דער פאָדים פון אונזער שיקזאל. האָט
איהר דאָך אין דעם אויגענבליק, ווען יענער קאַפּעלמייסטער איז
פלוצלונג געשטאָרבען, אויך גאָרניט געפיהלט. און ווען איך ווינש אייך
איצט גליק אויף אייער ווייטערדיגען וועג, ווייס איך ניט, אויף וועמען
איך רוף דעם טויט מיט מיין גליקסוואונש.

זיי האָבען זיך געזעגענט אין פאָרהויז. ווען געאָרג איז ארויס
פון טיר, האָט נירענבערגער איהם נאָכגעשריען:

— לאָזט אמאָל הערען פון זיך.

געאָרג האָט זיך נאָכאמאָל אומגעקערט און געזאָגט:

— און איהר אויך!...

ער האָט נאָר געזעהן נירענבערגער'ס אפּיועהרענד רעזיגנירטע באַ־
וועגונג מיט דער האנט, האָט ניט ווילענדיג אַ שמייכעל געטאָן און איז
איילענדיג אראָפּגעגאנגען. אויף דעם נעקסטען טאָג האָט ער גענומען
אן עקיפּאזש. אויפ'ן וועג צו די גאלאָווסקי'ס האָט ער געקלערט וועגען
נירענבערגער'ן און בערמאַן'ען. זאָנדערבארע באציהונגען צווישען זיי!
געאָרג האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ בילד, וואָס, ווי איהם האָט זיך גע־
דוכט, ער האָט געזעהן אין חלום. זיי זיינען ביידע געזעסען איינער

אנגעזעגען דעם אנדערען; יעדערער האט געהאלטען פאר דעם אנדערען א שפיגעל, אין וועלכען יענער האט געזעהן זיך, און אין יענעם שפיגעל — ווידער דעם אנדערען מיט א שפיגעל אין דער האנט, און אזוי ווייטער אהן א סוף. האבען זיי געקענט זעהן איינער דעם אנדערען און זיך אליין? געארג'ן האט דער קאפ געגומען שווינדלען. דאן האט ער געקלערט וועגען אנא'ן. וועט נירענבערגער ווידער זיין גערעכט? איז דען ווירקליך אלץ געענדיגט? האט דאס בכלל געקענט ענדיגען זיך ווען עס איז?... דאס לעבען איז לאנג... אבער איז שוין דען געווען א געפאהר אין די נעקסטע מאנאטען? מיכאעלא אפשר... ניין. דאס וועט ערנסט ניט זיין, וואס עס זאל ניט ארויסקומען. און אויף פסח וועט ער ווידער זיין אין וויען, דאן וועט ער קומען צו פאהרען זומער; זיי וועלען דעם זומער פארברענגען צוזאמען. און דאן? יע, וואס דאן? הייראטען? זיין דער אידעם פון הערר און פרוי ראזנער און יאזעף'ס שוואגער? אך, וואס געהט איהם אן די פאמיליע! זיין פרוי וועט דאך זיין אנא, די גוטע, מילדע, קלוגע אנא.

דער עקיפאזש האט זיך אפגעשטעלט פאר א גאנץ נייעם, העסליכען, געל געפארבטען הויז אין א ברייטער, איינפארמיגער גאס. געארג האט געהייסען דעם קוטשער ווארטען און איז ארייגעגאנגען אין טויער. אינוועניג האט דאס הויז אויסגעוויזען אינגאנצען פארלאזען. פון די ווענט האבען שטיקלאך זיך אפגעברעקעלט אין א סך ערטער, און די שטיגען זיינען געווען שמוציג. פון קיך פענסטער האט זיך הערטראגען דער גערוך פון שלעכטען פעטס. אויף דער פלאטפארם פון ערשטען עטאזש האבען צוויי דיקע אידישע פרויען געפיהרט א געשפרעך אויף א זשארגאן, וואס איז פאר געארג'ן געווען אונערטרעגליך, און איינע פון זיי האט געזאגט צו א אינגעל, וואס זי האט געהאלטען ביי דער האנט: מאריץ, לאז דעם הערר פארביי...״ „צו וואס האט זי דאס געזאגט? — האט געקלערט געארג, — דא איז דאך פאראן גענוג ארט. מסתמא וויל זי מיך פארגיטיגען, אזוי ווי איך וואלט איהר געקענט שאדען אדער עפעס א טובה טאן“. און איהם איז ארויפגעקומען אויפ'ן זין א ווארט פון א געשפרעך, וואס ער האט געהאט מיט היינריכ'ן: „א פיינדליכער לאגער“...

די דיענסט האט איהם ארייגעפיהרט אין א צימער, וואס ער האט באלד דערקענט ווי לעא'ס. אויפ'ן שרייבטיש זיינען געלעגען

ביכער און פּאַפּירען, דאָס קלאַוויר איז געווען אָפען. אויפ'ן דיוואַן איז געלעגען א געעפענטער, נאָך ניט אינגאַנצען אויסגעפּאַקטער סאקוואיאזש. אין נעבנסטן ביבליאָטעק האָט זיך געעפענט די טיר; לעאָ איז אריינגעקומען, האָט ארומגענומען דעם גאַסט און איהם אזוי שנעל געקושט אויף ביידע באַקען, אז דער אַזוי הערצליך באגריסטער גערג האָט אפילו קיין צייט ניט געהאַט צו קומען אין פארלעגענהייט.

— ווי ליעבליך דאָס איז פון איך, — האָט געזאָגט לעאָ און האָט איהם געדריקט ביידע הענט.

— איהר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, ווי איך האָב זיך גע־פרעהט... — האָט געאָרג אָנגעהויבען.

— איך גלויב אייך... אבער איך בעט אייך, קומט מיט מיר וויי־טער, מיר עסען נאָך, אבער באלד ווען מיר זיין פארטיג.

ער האָט איהם אריינגעפיהרט אין נעקסטען צימער, וואו די גאנצע פאמיליע איז געווען פארזאמעלט ביים טיש.

— מיט מיין פאָטער זייט איהר נאָך, דוכט זיך, ניט באקאנט,— האָט געזאָגט לעאָ און האָט זיי פאָרגעשטעלט.

דער אלטער גאלאָווסקי איז אויפגעשטאנען, האָט אוועקגעלעגט די סערוועטקע, וואָס איז געווען ביי איהם פארבונדען ארום האלז, און האָט געגעבען געאָרג'ן די האנט.

געאָרג האָט זיך געוואונדערט, וואָס לעאָ'ס פאָטער איז גאָר ניט געווען אזא, ווי ער האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט: ניט פאטריארכא־ליש, גרויבאָרדיג און עהרווירדיג, נאָר גלאַט ראזירט און מיט א שלויער מינע, זעהר עהנליך צו א פראָווינציעלען קאָמיקער.

— מיך פרעהט זעהר, הערר באראָן, אייך צו קענען, — האָט ער געזאָגט, און אין זיינע שלויע אויגען האָט מען געקענט לעזען: „איך וויים דאָך אלץ“.

טערעזא האָט האסטיג געשטעלט געאָרג'ן א רייהע געוועהנליכע פראגען, האָט געפרעגט, ווען ער איז געקומען, ווי לאנג ער וועט דאָ בלייבען, וואָס ער מאכט. ער האָט געענטפערט געדולדיג און ליעבליך, און זי האָט ניידעריג און לעבהאפט געקוקט איהם אין געזיכט. דאן האָט ער געפרעגט לעאָ'ן וועגען זיינע אויסזיכטען פאר דער נעקסטער צוקונפט.

— פריהער פון אלץ וועל איך מוזען פלייסיג שפּיעלען קלאַוויר,

אום גיט צו ווערען פארשעמט פאר מיינע שילער. אלע זיינען דאך גע־ווען אזוי גוט צו מיר. ביכער האב איך געהאט, וויפיעל איך האב אליין געוואלט. אבער א קלאוויר האבען זיי מיר דארט ניט אוועק־געשטעלט.

ער האט זיך געווענדט צו טערעזא'ן:

— וועגען דעם דארפסטו אונבאדינגט דערמאנען אין איינער פון דיינע נעקסטע רעדען. אזא שלעכטע באהאנדלונג אין אונטערזוכונגס־געפענגנים מוז אויפהערען.

— נעכטען אין דער צייט, — האט געזאגט דער אלטער גאלאור־סקי, — וואלט ער זיך נאך ניט געוויצעלט.

— אויב דו מיינסט אפשר, — האט טערעזא געזאגט, — אז דער גליקליכער אייסגאנג פון דיין פראצעס וועט ענדערען מיינע אנזיכטען, האסטו א גרויסען טעות. פארקערט.

ווענדענדיג זיך צו געארג'ן, האט זי ווייטער געזאגט:

— טעארעטיש בין איך דורכאויס געגען דעם, וואס מען האט איהם ארויסגעלאזען.

זי האט זיך ווידער געווענדט צו לעא'ן:

— ווען דו וואלסט איינפאך גע'הרג'עט יענעם מענשען, ווי דו האסט געהאט א רעכט צו טאן, אזוי ווי דער העסליכער קאמעדיע פון א דועל, וואלט מען דיך פאר קיין פאל ניט ארויסגעלאזען, און דו וואלסט געזוכט אפגעזעסען פינף אדער צעהן יאהר. אבער ווייל דו האסט זיך אריינגעלאזען אין דעם העסליכען שפיעל איבער לעבען און טויט, וואס איז סאנקציאנירט פון שטאאט, און ווייל דו האסט מיט דעם אנער־קענט דעם מיליטאריזם, האט מען דיך באגנאדיגט. בין איך ניט גערעכט? — האט זי זיך ווידער געווענדט צו געארג'ן.

געארג האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ און האט געקלערט וועגען דעם אונגליקליכען יונגען מאן, וועמען לעא האט דערשאסען, און וואס האט גארנישט געהאט קעגען די אידען, אויסער וואס זיי זיינען איהם געווען צואווידער, ווי זיי זיינען פאר א סך מענשען; און זיין שולד איז באשטאנען נאר אין דעם, וואס ער האט געווענדט זיין אנטיפאטיע אויף איינעם, וואס דאס האט ניט פארדיענט. לעא האט געגלעט זיין שוועסטער איבער'ן קאפ און האט געזאגט:

— זעהסטו, ווען דו וועסט ארויסזאָגען עפּענטליך דאָס, וואָס דו האָסט געזאָגט דאָ אין די פיער ווענט, וועסטו מיר אימפּאָנירען.

— און דו וועסט מיר אימפּאָנירען, — האָט טערעזא געענטפערט, — ווען דו וועסט מאָרגען צוזאמען מיט דעם אלטען עהרענבערג'ן קויפען א בילעט אין ירושלים.

זי איז אויפגעשטאנען פון טיש. לעאָ האָט אריינגערופען געאָרג'ן צו זיך אין צימער.

— איך וועל אייך ניט שטערען? — האָט טערעזא געפרעגט.— איך וויל אויך זיין אביסעל מיט איהם.

זיי זיינען אלע דריי געזעסען אין לעאָ'ס צימער און גערעדט. לעאָ האָט זיך געפרעהט מיט דער ניי עראָבערטער פרייהייט אָהן שווערע געדאנקען און אָהן חרטה, און דאָס איז געאָרג'ן אויסגעקומען זאָנדערבאר. טערעזא איז געזעסען אויף'ן דיוואן אין א טונקעלען, גלאט ליגענדען קלייד און איז היינט צום ערשטען מאָל ווידער געווען עהנליך צו יענער דאמע, וואָס האָט געטרונקען אסטי אונטער די פלאטאנען אין לוגאנאָ, איז געווען די געליעבטע פון א קאוואלעריע אָפיציר און האָט געקושט אין דער פינסטער אן אנדערען. זי האָט געבעטען געאָרג'ן שפּיעלען אויפ'ן קלאוויר, זאָגענדיג, אז זי האָט איהם קיינמאָל ניט געהערט. ער האָט זיך געזעצט, האָט געשפּיעלט עפּעס פון „טריסטאן“ און האָט דאן פאנטאזירט זעהר געלונגען. לעאָ האָט געלויבט זיין שפּיעלען.

— א שאָד, וואָס ער בלייבט דאָ ניט, — האָט געזאָגט טערעזא און האָט זיך אָנגעשפּארט אָן וואנט און פארלעגט איהרע הענט אין א קרייץ איבער איהר הויכער פריזור.

— אויף פסח וועל איך ווידער קומען צו פאָהרען, — האָט געאָרג געענטפערט און א קוק געטאָן אויף איהר.

—יע, אבער דאן וועט איהר ווידער באלד פארשווינדען, — האָט געזאָגט טערעזא.

— יע, געוויס, — האָט געענטפערט געאָרג, און איהם איז פלוצלונג שווער געוואָרען ביים געדאנק, אז ער איז שוין אין וויען ניט אין דער היים און אז ער וועט בכלל נאָך לאנג ניט זיין אין ערגעץ אין דער היים.

— און וואָס, — האָט געזאָגט לעאָ, — ווען מיר זאָלען צוזאמען

פאר'ן ערגעץ וואו זומער, איהר, בערמאן און איך. איך זאג אייך צו, אז מיר וועלען אייך ניט דערעסען מיט טעאָרעטישע געשפרעכען, ווי פאָריגען הערבסט... איהר געדענקט?

— אך, — האָט געזאָגט טערעזא און האָט זיך א ציה געטאָן,— פון רעדען קומט סאי ווי גאָרנישט ארויס. טאטען, מיינע העררן!

— און וואָס קימט ארויס פון טאטען? — האָט געפרעגט געאָרג.

— זיי זיינען העכסטענס פריוואטע לעזונגען פאר דעם מאָמענט.

— יע, ווען עס האנדעלט זיך וועגען טאטען, וואָס מען באגעהט פאר זיך אליין, — האָט טערעזא געזאָגט. — איך רוף אן א טאט דאָס, וואָס ווערט געטאָן פאר אנדערע, אהן נקמה און, אויף ווי ווייט מעגליך, אהן פערזענליכען עהרגייץ.

געאָרג האָט געמוזט געהן. ער האָט נאָך געהאט אזוי פיעל זאכען צו באזאָרגען.

— איך וועל אייך אביסעל באגלייטען, — האָט געזאָגט טערעזא צו איהם.

לעאָ האָט איהם נאָכאמאָל ארומגענומען און געזאָגט:

— עס איז ווירקליך גוט, וואָס איהר זייט אריינגעקומען.

טערעזא איז אוועק נעמען איהר הוט אין זשאקעט. געאָרג איז ארויסגעגאנגען אין נעקסטען צימער; די אלטע פרוי גאלאווסקי האָט, ווייזט אויס, דארט אויף איהם געוואָרט. זי איז צוגעגאנגען צו איהם מיט א זאָנדערבאר אנגסטליכען געזיכט און האָט איהם געגעבען אין האנט א קאנווערט.

— וואָס איז דאָס?

— א מעטריישע צייגניס, הערר באראָן; איך האָב דאָס ניט גע־וואָלט אָפגעבען אנא'ן... דאָס וואָלט זי אפשר צופיעל אויפגערעגט.

— אך, יע... — ער האָט באהאלטען דעם קאָנווערט, און איהם האָט אויסגעוויזען, אז אָט דער קאָנווערט פיהלט זיך אין האנט גאָר אנדערש, ווי אנדערע קאָנווערטען.

טערעזא איז אָנגעקומען אין א שפאנישען הוט, גרייט אוועק־צוגעהן.

— אָט בין איך. אויף ווידערזעהן, מאמא. צום אָוועַנטברויט וועל איך ניט זיין.

זי איז מיט געאָרג׳ן אראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ און האָט פון דער זייט מיט פאַרגניגען געקוקט אויף איהם.

— וואוהין זאָל איך איך אָפּפיהרען! — האָט געאָרג געפרעגט.

— איהר נעמט מיך נאָר מיט; איך וועל ערגעץ וואו אראָפּגעהן.

זיי האָבען זיך אריינגעזעצט, און דער עקיפּאַזש איז אָפּגעפאָהרען. טערעזא האָט גענומען פרעגען געאָרג׳ן וועגען דעם, אויף וואָס ער האָט שוין געענטפערט אין איהר הייז, ווי זי וואָלט אָנגענומען, אז איצט, זייענדיג אַליין מיט איהר, וועט ער זיין אויפריכטיגער, ווי אין דער אנוועזענהייט פון אַנדערע. זי האָט אָבער גאָרנישט ערפאַהרען, אייסער דעם, אז ער פיהלט זיך זעהר גוט אין דער נייער אומגעבונג, און אז די ארבייט געפעלט איהם. איז זיין אָנקומען געווען א גרויסער סורפּריז פאַר אַנאַ׳ן? — האָט זי געפרעגט. — ניין, ער האָט דאָך איהר געלאָזט וויסען. — און איז אמת, אז אויף פּסח וועט ער ווידער קומען? — יע, אזוי האָט ער פעסט באַשלאָסען.

זי האָט געשיינט צו זיין פאַרוואונדערט.

— ווייסט איהר, אין וואָס איך בין געווען פעסט איבערצייגט?

— אין וואָס?

— אז איהר וועט מעהר ניט קומען צוריק.

ער איז געווען אביסעל ערשטוינט און האָט גאָרניט געענטפערט. דאַן איז איהם דורכגעלאָפען דער געדאַנק: „אפשר וואָלט דאָס געווען פאַרנינפטיג?“... ער איז געזעסען גאָר נאָהנט צו טערעזא׳ן, האָט גע־פיהלט די וואַרימקייט פון איהר קערפּער, ווי דאַן אין לוגאַנאָ. אין וועלכען פון איהרע טרוימען האָט זי איצט געשוועבט? אין דעם ווילד פאַרפלאָנטערטען טרוים צו רעטען די גאַנצע מענשהייט, אָדער אין דעם לייכטען טרוים וועגען א נייער ליעבעס אוואַנטור? זי האָט אַלץ געקוקט אין פענסטער. ער האָט אָנגענומען איהר האַנט, וועלכע זי האָט ניט אָפּגענומען, און האָט זי צוגעטראָגען צו די ליפּען. פּלוצלונג האָט זי זיך אומגעקערט צו איהם און האָט ווייך געזאָגט:

— נו, איצט הייסט אָפּשטעלען; איך וועל דאָ אראָפּגעהן.

ער האָט ארויסגעלאָזען איהר האַנט און א קוק געטאָן אויף איהר.

— יע, ליעבער געאָרג, צו וואָס מען וואָלט געקאָנט דערגעהן, ווען מען וואָלט ניט געדאַרפט, — זי האָט שפּאָטיש פאַרצייגען די ליפּען,— זיך אָפּפערען פאַר דער מענשהייט! ווייסט איהר, וואָס איך קלער

אמאָל?... אפשר איז דאָס אַלץ ביי מיר נאָר א מין אנטלויפן פון זיך אליין.

— פאַרוואָס... פאַרוואָס אנטלויפט איהר?

— אַדיע, גערג.

דער עקיפּאַזש האָט זיך אָפּגעשטעלט. טערעזא איז אראָפּגעגאַנגען, עפּעס א יונגערמאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען קוקען אויף איהר; זי איז פאַרשוואונדען אין דער מאַסע. „איך גלייב ניט, אַז זי וועט ענדיגען אויפ'ן עשאַפּאָט," — האָט געאָרג א קלער געטאָן. ער האָט זיך אומגעקערט אין האָטעל, האָט פאַררויכערט א ציגאַרעט, זיך איבערגעטאָן און איז אוועקגעגאַנגען צו די עהרענבערגס.

אין עסצימער, ביים שוואַרצען קאַווע, זיינען צוזאַמען מיט די הויז־ווירטינס געזעסען דזשיימס, זיסי, ווילי אייסלער און פרוי אָבערבערגער. געאָרג האָט זיך געזעצט צווישען עלזא'ן און זיסי'ן, האָט אויסגעטרונקען א גלעזעל בענעדיקטינער און האָט געדולדיג און מיט הומאָר געענטפערט אויף אַלע פראַגען וועגען זיין טעטיגקייט. באַלד איז מען איבערגעגאַנגען אין גאַסטצימער, און ער איז א ווייַלע געזעסען מיט פרוי אָבערבערגער, וואָס האָט דאָס מאָל ווידער אויסגעוויזען נאָר יונג און האָט פריהער פון אַלץ געוואָלט אויסגעפינען די איינצעלהייטען פון געאָרג'ס פערזענליכע איבערלעבונגען אין דעטמאָלד. זי האָט ניט געגלויבט, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין פאַרהעלטניסען מיט אַלע זינגערינס, ווייל דאָס טעאַטער לעבען האָט איהר בכלל אויסגעוויזען נאָר ווי אַן אויסרעד און א צודעק פאַר אַלערליי ליעבעס אוואַנטורען; יעדענפאַלס איז זי באַשטאַנען אויף דעם, אַז זי האָט זיך אָנגעהערט אַלערליי שרעקען וועגען דעם, וואָס געהט אָן הינטער די קוליסען, אין די גאַרדעראָבען און אין דעם דירעקטאָרס קאַנצעלאַריע. אין ווען געאָרג האָט זי געמוזט ענטוישען, דערצעהלענדיג איהר וועגען דער בירגערליך־אָנשטענדיגער, כמעט פיליסטערישער אַרט לעבען פון זיינע קאָלעגען אויף דער ביהנע און וועגען זיין אייגענער אַרבייטזאַמער עקזיסטענץ, האָט זי גענומען עלטער ווערען אין זיינע אויגען און האָט זיך באַלד פאַרוואַנדעלט אין די עלטערע פרוי, וואָס ער האָט פאַרינגען זומער געזעהן, צוערשט אין א לאַזשע פון דעם וויים־רויטען קליינעם טעאַטער און דאַן אין א כמעט פאַרגעסענעם חלום. דאַן איז ער געשטאַנען מיט זיסי'ן לעבען א מאַרמאָרנער איזים, אין

צווישען דעם רוהיגסטען געשפּרעך האָבען זיי געזוכט איינע ביים אנדערען אין די אויגען אָן עראינערונג וועגען א גליהענדער שעה אונטערדעם טיפען נאָכמיטאג שאטען פון א טונקעל־גרינעם פּארק. אבער יענע שעה האָט פארביידען געשיינט צו זיין פארזונקען אין אונצוגענגליכע טיפען. ענדליך איז ער געזעסען מיט עלזאן ביים קליינעם טישעל, אויף וועלכען פאָטאָגראפיען און ביכער זיינען געלעגען. אויך זי האָט צוערשט געשטעלט גלייכגילטיגע פראגען, ווי אלע אנדערע. פּלוצלונג אָבער, גאנץ אומגעריכט און אביסעל שטילער האָט זי געפרעגט:

— וואָס מאכט אייער קינד?

— מיין קינד?... — ער איז א ווײלע געווען אונענטשלאָסען.— זאָגט מיר, עלזא, פארוואָס פרעגט איהר מיך אייגענטליך?... דאָס איז דאָך נאָר נייגעריגקייט.

— איהר האָט א טעות, געאָרג, — האָט זי געענטפערט רוהיג און ערנסט, — ווי איהר האָט כמעט אלעמאָל אין מיר א טעות געהאַט. איהר האלט מיך פאר זעהר אויבערפלעכליך און בכלל פאר גאָט ווייס וואָס. נו, עס האָט קיין זין ניט צו רעדען ווייטער וועגען דעם. אָבער יעדענפאלס איז גאָר ניט אזוי זאָנדערבאר, וואָס איך פרעג וועגען קינד, איך וואָלט עס געוואָלט זעהן.

— איהר וואָלט עס געוואָלט זעהן? — ער איז געווען גערי־הרט.

— יע. איך האָב אפילו געהאט נאָך אַן אנדער אידעע, וואָס וועט אייך מסתמא אויסווייזען גאָר משוגע.

— זאָגט, עלזא.

— איך האָב גערעכענט, אז מיר וואָלטען עס געקענט נעמען מיט זיך.

— ווער — מיר?

— דזשיימס און איך.

— אין ענגלאנד?

— ווער האָט אייך געזאָגט, אז מיר פאָהרען אין ענגלאנד? מיר בלייבען דאָ. מיר האָבען שוין גענומען א וואוינונג אין א קאטעדזש הינטער'ן שטאָדט. קיינער דארף דאָך ניט וויסען, אז דאָס איז אייער קינד.

— וואָס פאַר א ראָמאַנטישער געדאַנק!

— פארוואָס ראָמאַנטיש? אַנאַ קען עס דאָך ניט האָבען מיט זיך, און איהר דאָך געוויס ניט. וואו וועט עס זיין אין צייט פון בראָבען? אין כופליאר קאסטען אפשר?

געאָרג האָט געשמייכעלט.

— איהר זייט זעהר גוט, עלזא.

— איך בין גאָר ניט גוט. איך קלער נאָר, פארוואָס זאָל אזא אונשולדיגע קליינע באַשעפעניש באַצאָהלען פאַר דעם... אָדער ליידען פאַר דעם... נו, איך וויל זאָגען, אז ער איז דאָך ניט שולדיג, וואָס... נו, אלץ איינס... איז דאָס א אינגעל?

— יע... געוועזן א אינגעל. — ער איז אנטשוויגען געוואָרען און האָט דאַן שטיל געזאָגט: — ער איז דאָך געשטאָרבען.

— וואָס? אך, יע, איהר ווילט זיך... באַשיצען פון מיין צו־דרינגליכקייט.

— עלזא, ווי קענט איהר דען... ניין, עלזא, אין אזעלכע זאכען זאָגט מען ניט קיין ליגען.

— איז דאָס אָן אמת? יע, ווי איז דען דאָס...

— ער איז געבאָרען געוואָרען א טויטער.

זי האָט אראָפּגעלאָזען די אויגען.

— ניין, ווי שרעקליך! — זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, — ווי שרעקליך! מיט אמאָל האָט זי איצט מעהר גאָרנישט.

געאָרג האָט לייכט א ציטער געטאָן, האָט גאָרניט געקענט ענט־פערען. ווי זיכער אַלע זיינען דאָס, אז די געשיכטע מיט אַנאַ'ן איז געענדיגט! איהם אליין האָט עלזא גאָר ניט באַרויערט. זי האָט גאָר אפילו ניט פארדעכטיגט, ווי שרעקליך דער טויט פון דעם קינד האָט אייף איהם געווירקט. און ווי אזוי האָט זי געקענט אריינקוקען אין זיין נשמה? וואָס האָט זי געוואוסט וועגען דער שעה, ווען דער גאָר־טען האָט פאַר איהם פארלאָרען זיינע פארבען, דער הימעל — זיין ליכט, ווייל זיין שעהן קינד איז געלעגען אין צימער טויט?

פרוי עהרענבערג איז צוגעקומען. זי האָט אויסגעדריקט געאָרג'ן איהר באַזונדערע פרייד מיט זיין ערפּאָלג. זי האָט איבריגענס קיינ־מאָל ניט געצווייפעלט אין דעם, אז ער וועט זיך ארויסווייזען, ווי נאָר ער וועט אריינפאַלען אין די פאַסיגע אומגעבונגג. זי איז געוועזן פעסט

איבער־צייגט, אז אין דריי אָדער פינף יאָהר ארום וועט ער זיין קאָ־פעלמייסטער אין וויען. נעאָרג האָט ניט געוואָלט הערען וועגען אזא מיגליכקייט. ער האָט פארלויפיג גאָרניט געקלערט וועגען אומקערען זיך אין וויען. ער האָט געפיהלט, אז אין דייטשלאנד ארבייט מען מעהר און ערנסטער. דאָ איז מען שטענדיג אין געפאהר זיך צו פער־לירען.

פרוי עהרענבערג האָט צוגעשטימט און האָט זיך בארופען אויף היינריך בערמאן, וואָס האָט אויפגעהערט שרייבען און באווייזט זיך איצט בכלל אין ערגעץ ניט.

געאָרג האָט איהם געגומען אונטער זיין שוץ און האָט זיך גע־פיהלט פארפליכטעט פעסטצושטעלען, אז היינריך ארבייט איצט פלייסיגער ווי ווען עס איז פריהער. אָבער פרוי עהרענבערג האָט געהאַט נאָך אנדערע ביישפיעלען פון דעם פארדאָרבענדען איינפלוס פון דער וויענער לופט. פריהער פון אלץ נירענבערגער, וואָס האָט איצט, ווייזט אויס, איננאנצען זיך אָפגעשלאָסען פון דער וועלט. און דאָס, וואָס איז געשעהן מיט אָסקאר'ן... האָט דאָס דען געקענט געשעהן אין אן אנ־דער שטאָדט, ניט אין וויען? וויים, אגב, געאָרג, אז אָסקאר פאָהרט ארום מיט דעם פרינץ פון גוואסטאלא? — זי האָט דאָס געזאָגט אין אזא טאָן, ווי דאָס וואָלט איהר אויסגעקומען ווי א גאנץ געוועהנליכע זאך, אָבער געאָרג האָט קלאָר געזעהן, אז זי איז שטאָלץ מיט דעם, און אז ביי איהר איז ערגעץ פארבאָרגען דער געדאנק, אז אין אָסקאר'ס לעבען האָט סוף כל סוף אלץ זיך דאך געענדערט צום בעסערען.

ווען געאָרג האָט גערעדט מיט פרוי עהרענבערג, האָט ער פון צייט צו צייט באמערקט אויף איהם געווענדעטע בליקען פון עלזא'ן, וואָס האָט זיך מיט רזשיימס'ן צוריקגעצויגען צום בויגען פענסטער; די דורכדרינגליכע, טרויעריגע בליקען האָבען אין איהם ארויסגערופען א שרעק. ער האָט זיך באלד געזעגנט, האָט געפיהלט דעם אומבאָ־גרייפליך קאלטען האנטדרוק פון עלזא'ן, דעם גלייכגילטיג־ליעבליכען פון די אנדערע און איז אוועקגעגאנגען.

„ווי זאָנדערבאר! — האָט ער געקלערט אין עקיפאזש אויפ'ן וועג צו היינריכ'ן. — אנדערע האָבען אלץ געוואוסט וועגען איהם פריהער פון איהם אליין. וועגען זיין פארבינדונג מיט אנא'ן האָט מען זיך דערוואוסט נאך איידער זי האָט זיך אָנגעהויבען, און איצט האָט מען

שוין געוואוסט פריהער פון איהם, אז אלץ איז געענדיגט. איהם האָט זיך זעהר געוואָלט ווייזען זיי אלעמען, אז זיי האָבען א טעות. נאטירליך, אין אזעלכע זאכען דארף מען זיך וועניגער פון אלץ לאָזען באאיינפלוסען פון איינגעשפּארטקייט. גוט, וואָס איצט וועלען קומען א פּאָר מאָנאטען, אין וועלכע ער וועט קענען וועגען אלץ זיך גוט איבערלעגען. פאר אנא'ן וועט דאָס אויך זיין גוט. איהם האָט זיך דערמאָנט דער נעכטיגער שפּאציר מיט איהר אין רעגען, איבער די פייכטע ברוינליכע גאסען, און איז איהם אויסגעקומען עפּעס אזוי אומאויסשפּרעכליך טרויעריג. אך, יענע שעה'ן אין דעם הייכען צימער, וואוהין די קלאנגען פון אן אָרגעל זיינען אריינגעקומען דורך דעם וועליגען שניי פאָרהאנג! וואו זיינען זיי! די און אזוי פיעל אנדערע וואונדערליכע שעה'ן, וואוהין זיינען זיי פארשוואונדען! ער האָט געזעהן אין פאָרשטעלונג זיך און אנא'ן, א יונגע פּאָר אויף דער האָכצייט רייזע, וואנדערענדיג דורך די גאסען, וואו עס וועהט דער וואונדערליכער אָטעם פון דער פרעמד; איהם האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט די באנאלע האָטעל צימערען, וואו ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט איהר נאָר אויף א קורצע צייט, און פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגען דער דופט פון עראינערונג... דאן האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט די געליעבטע אויף א ווייסער באנק, אונטער שווערע צווייגען, מיט'ן הויכען שטערן, וואָס איז געוועזען באלויכטען פון דעם פארפיהרערישען פאָרגעפיהל פון א מילדער מוטערשאפט. און ענדליך איז זי געשטאנען פאר איהם מיט א בלאט נאָטען אין דער האנט, און ווייסע פאָרהאנגען האָבען זיך שטיל באוועגט אין דעם ווינט. און ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אז דאָס איז געוועזען דערזעלביגער צימער, וואו זי האָט איצט געווארט אויף איהם, און אז ניט מעהר ווי א יאָהר איז אריבערגעגאנגען, זינט יענער שפּעטער שעה אין זומער, ווען זי האָט צום ערשטען מאָל אונטער זיין באגלייטונג געזונגען זיין ראָמאנס, האָט ער שווער און כמעט מיט אנגסט איינגעאָטעמט אין ווינקעל פון עקיפּאזש.

ווען געאָרג איז אין עטליכע מינוט ארום געשטאנען ביי היינריכ'ן אין צימער, האָט ער איהם געבעטען ניט אָנצונעמען דאָס פאר א וויזיט. ער האָט איהם נאָר געוואָלט דריקען די האנט, און מאָרגען פאר מיטאָג, אויב היינריך האָט גאָרנישט געגען דעם, וועט ער מיט פארגניגען אריינקומען איהם נעהמען אויף א שפּאציר... יע, דאָס איז איהם איצט

איינגעפאלען, אויף אן אפשידס שפאציר אין וואלד פון סאלמאנסדארף.
היינריך האט איינגעשטימט און האט איהם געבעטען זיצען ביי איהם נאך עטליכע מינוט.
געארג האט איהם אין שפאס געפרעגט, צי ער האט זיך אפגע־רוהט נאך זיין דורכפאל אין דער פריה.
היינריך האט איהם אנגעוויזען אויפ'ן שרייבטיש, וואו בלעטער זיינען געלעגען צוואווארפען, באדעקט מיט א גרויסער, אויפגערעגטער האנטשריפט.
— ווייכט איהר, וואס דאס איז? — האט ער געפרעגט. — איך האב זיך ווידער גענומען פאר מיין עגידים'ן. און גראד פאר אייער אנקומען איז מיר איינגעפאלען א מעגליכער סוף. אויב דאס אינטע־רעסירט אייך, וועל איך אייך מארגען דערצעהלען וועגען דעם אויס־פיהרליכער.
— נאטירליך, מיך אינטערעסירט דאס זעהר. ווי גוט דאס איז, וואס איהר האט זיך באלד גענומען פאר אן אנדער ארבייט.
— יע, מיין ליעבער געארג, איך האב ניט ליעב צו בלייבען איינ־זאם. באלד מוז איך מיר באשאפען א געזעלשאפט נאך מיין אויס־וואהל... אנדערש קען דאך אנקומען ווער עס וויל, און איך קען ניט רעדען מיט יעדען שאטען.
געארג האט דערצעהלט, אז ער האט באזוכט לעא'ן, און אז לעא איז געוועזען אזוי פרעהליך, ווי ער האט קוים ערווארט איהם צו גע־פינען.
היינריך האט זיך אנגעלעהנט אויפ'ן שרייבטיש, מיט די הענט אין די הויזען קעשענעס און דעם קאפ לייכט אראפגעלאזען; דער לאמפ אונטער'ן אבאזשור האט פון אונטען געצייכענט אונזיכערע שאטענס אויף זיין געזיכט.
— פארוואס האט איהר ניט ערווארט צו געפינען איהם א פרעה־ליכען? מיר... ווענינגסטענס, איך וואלט אויך געוועזען פרעהליך אויף זיין ארט.
געארג איז געזעסען אויף א לעהן זייט פון א שווארצען לעדערנעם פאטעל, פארווארפען א פוס אויף א פוס, מיט הוט און שטעקען אין האנט.
— אפשר זייט איהר גערעכט, — האט ער געזאגט, — אבער איך

מען ניט באַראַטעווען פון איך, אַז ווען איך האָב געזעהן זיין פרעהליך געזיכט, איז מיר אויסגעקומען זאָנדערבאַר צו דענקען, אַז ער האָט אַ מענשליך לעבען אויף זיין געוויסען.

— דאָס הייסט, — האָט היינריך געזאָגט און האָט גענומען געהן הין און צוריק איבער'ן צימער, — דאָס איז איינער פון יענע פאַלען, ווען דער צוזאַמענהאַנג צווישען אורזאַך און פאָלגע איז אַזוי אויגענשיינליך, אַז מען קען דאָ רוהיג זאָגען: „ער האָט ערמאָרדעט!" זעהט איהר דען אָבער ניט איין, געאָרג, אַז אַזאַ אורטייל איז אַביסעל איבערפלעכליך? דאַרף מען דען זעהן, ווי דער קינזשאַל האָט אַ בליץ געטאָן, הערען, ווי די קויל פייפט, צו פאַרשטעהן, אַז אַ מאָרד איז געשעהן. איינער, וואָס דערלאָזט, אַז אַ צווייטער זאָל שטאַרבען, אונטערשיידט זיך ניט פון דעם מערדער מיט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר מיט דעם, וואָס ער איז פויל און פייג...

— מאַכט איהר זיך פאָרוואורפען, היינריך? ווען איהר וואָלט געוואוסט, אַז אַזוי וועט זיך ענדיגען, וואָלט איהר דאָך ניט דערלאָזען, אַז זי זאָל שטאַרבען.

— אפשר. איך ווייס ניט. אָבער איינס קען איך אייך זאָגען, געאָרג, ווען זי וואָלט נאָר געלעבט... דאָס הייסט, ווען איך וואָלט איהר פאַרגעבען, ווי איהר האָט זיך עטליכע מאָל אויסגעדריקט, וואָלט איך מיר אויסגעקומען נאָך שולדיגער ווי איצט. יע, יע, אַזוי איז דאָס. איך וועל פון אייך ניט באַהאַלטען, געאָרג, עס איז געווען אַ נאַכט... אפילו עטליכע נעכט, און מיך האָט שרעקליך געמאַטערט פיין, פאַרצווייפלונג... נו, אַנדערע וואָלטען דאָס אָנגערופען חרפה. דאָס איז אָבער געווען ניט דאָס. ביי אַלע מיינע ליידען און פאַרצווייפלונג האָב איך געוואוסט, אַז אָט דער טויט איז עפּעס פאַרענדיגענדעס, עפּעס, וואָס מאַכט שלום און רייניגט. ווען איך וואָלט געווען שוואַך, אָדער ווען מיין אייגענליעבע וואָלט ניט געווען אַזוי גרויס... ווי איהר ווילט... ווען זי וואָלט ווידער געוואָרען מיין געליעבטע, וואָלט אַרויסגעקומען עפּעס ערגערס, ווי אָט דער טויט, אפילו פאַר איהר... עקעל און פיין, וואַהנזיניגער צאָרן און האַס וואָלטען געקראָכען אַרום אונזער בעט... אונזערע עראינערונגען וואָלטען איינע נאָך דער אַנדערער פאַרפוילט געוואָרען, און ביי אַ לעבעדיגען לייב וואָלט די ליעבע אויסגעלאָשען געוואָרען. דאָס האָט ניט געטאָרט זיין. אַ פאַרברעכען

וואָס דאָס געווען, ווייטער צו ציהען די קראַנקע פארהעלטניס, וואָס איז פאראורטיילט צום טויט, פונקט ווי עס איז אַ פארברעכען, — און אין דער צוקונפט וועט זיך דאָס אזוי רעכענען, — ווייטער צו ציהען דאָס לעבען פון אַ מענשען, פאר וועמען אַ פיינליכער טויט איז באשטימט. דאָס וועט אייך זאָגען יערע־ פארנינפטיגער ארצט. און דעריבער בין איך זעהר ווייט פון דעם געדאנק צו מאכען זיך פאר־וואורפען. איך וויל מיך אויך ניט פארענטפערען פאר אייך אָדער פאר וועמען ניט איז אויף דער וועלט, אָבער אזוי איז דאָס: איך ק ע ן זיך ניט פיהלען שולדיג. עס איז מיר אמאָל זעהר שווער, אָבער מיט דעם באוואוסטזיין פון שולד האָט דאָס גאָרנישט צו טאָן.

— איהר זייט אהין געפאָהרען? — האָט געאָרג געפרעגט.

— יע, איך בין געפאָהרען. איך בין אפילו געווען דערביי, ווען מען האָט דעם ארון אריינגעלעגט אין קבר. יע. מיט דער מוטער צוזאמען בין איך געפאָהרען.

ער איז געשטאנען ביים פענסטער, איינגאנצען אין שאָטען, און האָט אויפגעציטערט.

— ניין, איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פארגעסען. איבריגענס, דאָס איז אויך אַ ליגען, אז מענשען קומען זיך צונויף אין אַ געמיינ־שאפטליכען אומגליק. מענשען קומען זיך קיינמאָל ניט צוזאמען, ווען זיי געהערען ניט איינער דעם אנדערען. נאָך מעהר דערווייטערען זיי זיך אין שווערע שעה׳ן. די רייזע! ווען איך דערמאָן זיך נאָר! איך האָב, איבריגענס, כמעט די גאנצע צייט געלעזען. עס איז פאר מיר געווען אוממעגליך צו רעדען מיט דער נארישער אלטער פרוי. מען האָט דאָך קיינעם ניט מעהר, ווי אַ מענשען, צו וועמען מען איז גלייכ־גילטיג און וואָס פאָדערט צו זיך מיטלייד. מיר זיינען אויך געשטאנען צוזאמען ביי איהר קבר, די מוטער און איך. איך, די מוטער און אַ פאָר קאָמעדיאַנטען פון דעם קליינעם טעאַטער... און דאַן בין איך גע־זעסען מיט איהר אין אַ רעסטאָראַן נאָך דער לויה. כעודת אבלים זאלבעצווייט. אַ שרעקליכע זאך, זאָג איך אייך. און ווייסט איהר, וואו מען האָט זי באגראָבען? ביי אייער לאנדזעע, געאָרג. איך האָב אָפט זיך דערמאָנט אָן אייך. איהר ווייסט דאָך, וואו דער בית עולם איז? ביי אַ הונדערט טריט פון אוהאָף. פון דאָרטען עפענט זיך

אַ באַצויבערענדע אויסזיכט אויף דעם לאַנדזועע,געאָרג. דאָס איז אָבער נאָר וויכטיג פאַר לעבעדיגע.

געאָרג האָט דערפיהלט אַ לייכטען שרעק. ער איז אויפגעשטאַנען.

— ליידער מוז איך אייך פאַרלאָזען, היינריך. מען וואַרט אויף מיר. איהר וועט מיר ענטשולדיגען.

היינריך איז אַרויסגעקומען צו איהם פון דער טולקעלקייט ביים פענסטער.

— איך דאַנק אייך זעהר פאַר אייער באַזוך. איז מאָרגען, אָפּגעמאַכט? איהר געהט דאָך איצט צו אַנא'ן? בעט איך אייך, גריסט זי הערצליך. איך האָב געהערט, אַז זי פיהלט זיך זעהר גוט. טערעזאַ האָט מיר דערצעהלט.

— יע, זי קוקט אויס אויסגעצייכענט. זי איז פאָלשטענדיג אויסגערוהט.

— דאָס פרעהט מיך. איז מאָרגען, אָפּגעמאַכט? מיך פרעהט זעהר, וואָס איך וועל אייך נאָכאַמאָל קענען זעהן פאַר אייער אָפּפאָהרען. איהר דאַרפט מיר נאָך אַ סך זאַכען דערצעהלען. איך האָב דאָך ווידער גערעדט נאָר וועגען זיך.

געאָרג האָט אַ שמייכעל געטאָן. ער איז אַזוי געוועהנט געוועזען צו דעם אין די געשפּרעכען מיט היינריכ'ן.

— אויף ווידערזעהן! — האָט ער געזאָגט און איז אַרויסגעגאַנגען.

אַ סך פון דעם, וואָס היינריך האָט געזאָגט, האָט נאָך געקלונגען אין זיינע אויערען, ווען ער האָט זיך אריינגעזעצט אין עקיפּאַזש. „מיר דאַרפען זעהן, ווי אַ קינזשאַל האָט אַ בליץ געטאָן, צו באַגרייפען, אַז אַ מאָרד איז געשעהן.” געאָרג האָט געשפּירט, אַז פון דעם זין פון אָט די ווערטער האָט זיך געצויגען עפּעס אַ פאַרבאָרגענער, אָבער אַ לאַנג פאָראויסגעזעהענער צוזאַמענהאַנג מיט דער טעמפּער אומצופרידענהייט מיט זיך אַליין, וואָס ער האָט צייטענווייז געשפּירט אין זיין נשמה. ער האָט זיך דערמאָנט די שעה, ווען אידם האָט אויסגעוויזען, ווי אין הימעל וואָלט אָנגעגאַנגען אַ שפּיעל פאַר דאָס לעבען פון זיין נאָך ניט געבאָרענעם קינד, און איהם איז אויסגעקומען זאָנדערבאַר, וואָס אַנאַ האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגען דעם טויט פון קינד, וואָס אפילו אין די בריוו האָבען זיי אויסגעמידען יעדע אָנדייטונג ניט נאָר אויף דעם אומגליקליכען אויסגאַנג, נאָר אויף די גאַנצע צייט, וואָס זי האָט

געטראָגען דאָס קינד אונטער איהר הארצען. דער עקיפּאזיש האָט זיך דערנעהנטערט צום ציעל. „פּאַרוואָס קלאַפּט אַזוי מיין האַרץ? — האָט געאַרג געקלערט. — פון פרייד?... פון געוויסענסביסען?... פאַר וואָס זיינען זיי גראָד היינט אַנגעקומען? זי באַשולדיגט דאָך מיך ניט?... וואָס פאַר אַן אונזין! איך בין איינפאַך מיד און אויפגערעגט — דאָס אַלץ. איך האָב גאָר ניט געדאַרפט קומען אַהער. צו וואָס האָב איך געדאַרפט זעהן אָט די אַלע מענשען? איז מיר דען, ניט קוקענדיג אויף מיין גאַנצע בענקשאַפט, ניט געוועזען טויזענד מאָל בעסער אין דער קליינער שטאָדט, וואו אַ נייע לעבען האָט זיך אַנגעהויבען פאַר מיר?... איך וואָלט געקענט באַגעגנען זיך מיט אַנאַ'ן ערגעץ אויף אַן אַנדער אָרט. אפשר וועט זי פאַהרען מיט מיר?... דאַן קען סוף כל סוף נאָך אַלץ גוט ווערען. איז דען עפּעס שלעכט איצט?... זיינען אויך אונזערע באַציהונגען געוואָרען קראַנקהאַפט, און ווייטער זיי צו ציהען איז אַ פאַרברעכען?... דאָס וואָלט געקענט זיין אַ באַקוועמער אויסרייד".

ווען ער איז אריינגעקומען צו די ראָזנערס, איז די מוטער געזעסען אַליין ביים טיש; זי האָט אויפגעהויבען די אויגען פון אַ בוך און האָט עס פאַרמאַכט. איבער'ן טיש האָט דער שיין פון אַ הענגלאָמפּ, וואָס האָט זיך לייכט געוויגט הין און הער, גלייכמעסיג באַלויכטען אַלע זייטען. יאָזעף איז אויפגעשטאַנען פון אַ דיוואַן. אַנאַ איז באַלד ארויסגעקומען פון איהר צימער, האָט געפיהרט מיט ביידע הענט איבער איהרע הויך פאַרקעמטע, וועליגע האָר, האָט באַגריסט געאָרג'ן מיט אַ לייכטער פאַרנייגונג און האָט איהם אין דעם מאָמענט אויסגעוויזען גיכער ווי אַ שאָטען, איידער ווי אַ לעבעדיגע באַשעפעניש. געאָרג האָט אַלעמען געדריקט די האַנט און האָט נאָכגעפרעגט וועגען הערר ראָזנער'ס געזונט.

— איהם איז בעסער, אָבער אויפשטעהן איז איהם נאָך שווער,— האָט געזאָגט פרוי ראָזנער.

יאָזעף האָט זיך ענטשולדיגט, וואָס מען האָט איהם געפונען שלאָפענדיג אויפ'ן דיוואַן. ער האָט זיך געמיזט באַניצען מיט זונטאָג, אום זיך אויסצורוהען. זיין באַשעפטיגונג אין ציימונג איז אַזאַ, אַז איהם קומט אמאָל אוים צו זיצען ביז דריי אַזייגער ביינאַכט.

— ער איז איצט זעהר פלייסיג, — האָט אויך די מוטער באַשטעטיגט.

— יע, — האָט יאָזעף באַשיידען געזאָגט, — ווען מען האָט ביז אַ געוויסען גראַד אַ ווירקונגס קרייז...

ער האָט נאָך צוגעגעבען, אַז דער „קריסטליכער פאָלקס קוריער" פאַרכאַפּט אַלץ ברייטערע קרייזען און דרינגט אפילו אריין אין דייטשלאַנד. דאַן האָט ער זיך געווענדט צו געאָרג׳ן מיט פראַגען וועגען דער נייער שטאָדט, האָט מיט דעם נרעכטען אינטערעס נאָכגעפרעגט וועגען דער באַפעלקערונגס צאָהל, דעם צושטאַנד פון די גאַסען, דער פערשפּרייטונג פון וועלאָסיפּעד ספּאָרט און דער אומגעבונג פון שטאָדט.

פון איהר זייט האָט פרוי ראָזנער אָנגעפרעגט וועגען דעם רעפערטואַר. געאָרג האָט איבערגעגעבען די איינצעלהייטען, און באַלד האָט זיך פאַרבונדען אַן אַלגעמיינער געשפּרעך, אין וועלכען אַנאַ האָט זיך אויך באַטייליגט. געאָרג האָט זיך פלוצלונג דערפיהלט ווי אַ גאַסט אין אַ ליעבער בירגערליכער פאַמיליע, וואו די טאָכטער באַשעפטיגט זיך מיט מוזיק. דער געשפּרעך איז סוף כל סוף געקומען צו אַ פונקט, ווען געאָרג האָט געפונען פאַר נייטיג צו בעטען די טאָכטער זינגען, און האָט געמוזט מאַכען אַן אָנשטרענגונג, צו דערמאָנען זיך, אַז דאָס אַ[illegible] דאָך אַנאַ, און אַז איהם ווילט זיך ווירקליך זי הערען.

יאָזעף האָט זיך ענטשולדיגט: די מיטגלידער פון זיין קלוב [illegible]בען אויף איהם געוואַרט אין קאַפּע...

— איהר געדענקט אפשר, הערר באַראָן... די פרעהליכע קאָמפּאַניע אין די בערג?

— געוויס, — האָט געאָרג שמייכלענדיג געענטפערט. און ער האָט ציטירט די ווערטער פון אַ ליעד: „דער נאָט, וואָס האָט אונז באַשאַפען אייזען..."

— „האָט ניט געוואָלט קיין קנעכט", — האָט יאָזעף דערזאָגט.— איצט אָבער זינגען מיר דאָס שוין ניט. דאָס איז צו ענליך צו „וואכט אם רהיין", זאָל מען אונז ניט זאָגען, אַז מיר קוקען צו יענער זייט גרענעץ. אין קאָמיטעט ביי אונז זיינען וועגען דעם געוועזען הייסע דיספּוטען. איין הערר איז אפילו אַרויסגעטראָטען פון קאָ־

מיטעט. דאָס איז דער סעקרעטאַר אין דער קאַנצעלאַריע פון דאָקטאָר פוקס, דעם דייטש־נאַציאָנאַלען דעפוטאַט. יע, אַלץ איז פּאָליטיק.

ער האָט צוגעווינקט, ווי וועלענדיג ווייזען, אַז ער נעמט אַליין ניט ערנסט אָט די גאַנצע קאָמעדיע, זינט ער האָט זיך נעהנטער צו־געקוקט צום מעכאַניזם פון געזעלשאַפטליכען לעבען. ער איז ארויס־געגאַנגען מיט דער קיים מעהר איבערראַשענדער באַמערקונג, אַז ער וואָלט בכלל געקענט עפּעס דערצעהלען, ווען ער וויל נאָר. פרוי ראָזנער האָט געפונען פאַר נויטיג צו געהן זעהן, וואָס איהר מאַן מאַכט.

געאָרג איז געזעסען אַנטקעגען אַנאַ'ן, אַליין מיט איהר, ביים רונ־דען טיש, אויף וועלכען עס איז געפאַלען דאָס ליכט פון דעם הענג־לאָמפּ.

— איך דאַנק דיך פאַר די שעהנע רויזען, — האָט געזאָגט אַנאַ, — זיי זיינען דאָרט, אין מיין צימער.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, און געאָרג איז איהר נאָכגעגאַנגען. ער האָט נאָר פאַרגעסען, אַז ער האָט איהר געשיקט רויזען. זיי זיינען געשטאַנען אין אַ הויכער וואַזע פאַר אַ שפּיגעל, טונקעל־רויטע, און האָבען זיך פאַרבלאָזט און טונקעל אָפּגעשפּיגעלט אין גלאָז. דאָס פּיאַנינאָ איז געווען אָפען, די נאָטען צולעגט, צוויי ליכט האָבען גע־ברענט ביי די זייטען. אויסער דעם איז נאָר געווען דאָס ליכט, וואָס איז אריינגעקומען דורך די האַלב אָפענע טיר פון דערבייאיגען צימער.

— האָסט געשפּיעלט, אַנאַ? — ער איז צוגעקומען נעהנטער. — דער גרעפינ'ס אַריע? און האָסט געזונגען אויך?

— יע, איך האָב געפּרואווט.

— עס געהט?

— פאַר אַן אָנהויב... ניט שלעכט. מיר וועלען זעהן. אָבער פריהער פון אַלץ דערצעהל מיר, וואָס דו האָסט היינט אַ גאַנצען טאָג געטאָן.

— באַלד. מיר האָבען זיך נאָך אפילו ניט באַגריסט.

ער האָט זי אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן.

— דאָס איז שוין לאַנג ניט געווען, — האָט זי געזאָגט שמייכ־לענדיג און ניט קוקענדיג אויף איהם.

— נו, — האָט ער לעבהאַפטיג געפרעגט, — פאַהרסטו מיט מיר? אַנאַ איז געווען אומענטשלאָסען.

— אָבער ווי שטעלסטו זיך דאָס אייגענטליך פאָר?

— זעהר איינפאַך. מאָרגען נאָכמיטאָג וואָלטען מיר געקענט אוועקפאָהרען. אויסקלייבען אַן אָרט מיטנכמו אליין. רייכענאו, זע־מערינג, בריל, — וואוהין דו ווילסט... און איבערמאָרגען גאָר פריה וועל איך דיך אָפּפיהרען צוריק.

עפּעס האָט איהם געשטערט צו דערצעהלען וועגען דער דעפּעש, וואָס האָט איהם געגעבען גאַנצע דריי פרייע טעג.

אַנאַ האָט געקוקט פאַר זיך אין רוים.

— דאָס וואָלט געווען זעהר שעהן, — האָט זי געזאָגט שטיל, — אָבער דאָס איז כמעט אוממעגליך, געאָרג.

— צוליעב דעם פאָטער?

זי האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איהם איז דאָך אָבער בעסער?

— ניין, ער פיהלט זיך ניט גאָר גוט. ער איז אַזוי שוואַך. מען וועט מיר, נאַטירליך, ניט מאַכען קיין דירעקטען פאָרוואורף. אָבער איך... ק ע ן נ י ט איבערלאָזען איצט די מוטער אליין צוליעב אזא לוסטרייזע.

ער האָט אַ ציה געטאָן מיט די אַקסלען, ווי אביסעל באַליידיגט פון דעם עפּיטעט, וואָס זי האָט אויסגעקליבען.

— זאָג מיר אויפריכטיג, — האָט זי צוגעגעבען ווי אין שפּאַס,— איז דאָס פאַר דיר אַזוי וויכטיג?

ער האָט געשאָקעלט כמעט שמערצליך מיט'ן קאָפּ, האָט אָבער גע־פיהלט, אַז אפילו אָט דעם זשעסט האָט אויך געפעהלט אויפריכטיגקייט.

— איך פאַרשטעה דיך ניט, אַנאַ, — האָט ער דאַן געזאָגט שוואַכער, ווי ער האָט דאָס געוואָלט, — אַז עטליכע וואָכען פון צושיי־דונג, אַז... נו, איך ווייס ניט, ווי דאָס אָנצורופען... מיר זיינען דאָך געוואָרען ווי פרעמדע איינע דעם אַנדערען. דאָס בין א י ך דאָך, אַנאַ, א י ך בין דאָס דאָך... — האָט ער ווידערהאָלט העפטיג, אָבער מיד.

ער איז געזעסען אויפ'ן שטול ביים פּיאַנינאָ. אָננעמענדיג איהרע הענט, האָט ער זיי צוגעטראָגען צו די ליפּען צושטרייט און אביסעל אויפגערעגט.

— נו, ווי איז געווען „טריסטאַן“? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט איהר אויספיהרליך דערצעהלט וועגען דער פאַרשטעלונג, האָט ניט פאַרשוויגען זיין באַזוך אין דער לאָזשע פון די עהרענבערגס, האָט אויך דערצעהלט וועגען די אַלע אַנדערע מענשען, וועמען ער האָט געזעהן, און האָט איהר איבערגעגעבען הײנריך בערמאַנ׳ס גרוס. דאַן האָט ער זי צוגעצויגען צו זיך אויף די קניה און האָט זי אַ קוש געטאָן. ווען ער האָט אויפגעהויבען זיין געזיכט, האָט ער דערזעהן, ווי טרערען רינען איבער איהרע באַקען. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי ער וואָלט געווען ערשטוינט.

— וואָס איז מיט דיר, מײן טײערע?... פאַרוואָס... פאַרוואָס?...

זי איז אויפגעשטאַנען און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, אָפּקערענדיג פון איהם איהר געזיכט. ער איז אויך אויפגעשטאַנען, איז עטליכע מאָל אומגעגאַנגען הין און צוריק איבער׳ן צימער, איז דאַן צוגעגאַנגען צו איהר גאָר נאָהנט און האָט גענומען רײדען אײלענדיג און אויפגערעגט:

— אַנאַ! באַדענק דאָס נאָכאַמאָל, אפשר קענסטו דאָך פאָהרען מיט מיר! אַלץ וואָלט דאָך געווען גאָר אַנדערש, ווי דאָ. מיר וואָלטען זיך געקענט דורכרעדען. מיר דאַרפען דאָך אַרומרעדען אַזוי פיעל וויכטיגע זאַכען. אויסער דעם דאַרף איך האָבען דײן ראַט וועגען מײנע פּלענער פאַר׳ן נעקסטען יאָהר. איך האָב דאָך דיר געשריבען. עס איז זעהר וואַרשײנליך, אַז די טעג וועט מען צושיקען אונטערצושרײבען אַ קאָנטראַקט אויף דרײ יאָהר.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו ראַטען? — האָט זי געזאָגט. — דו וועסט אַלײן בעסער וויסען, צי דו וועסט זיך דאָרט פיהלען גוט, צי ניט.

ער האָט גענומען דערצעהלען וועגען דעם ליעבענסווירדיגען און באַגאַבטען אינטענדאַנט, וואָס האָט, ווײזט אויס, געוואָלט איהם צוציהען ווי זיין מיטאַרבײטער; וועגען דעם סימפּאַטישען אַלטען קאַפּעלמײסטער, וואָס איז אַמאָל געווען זעהר באַריהמט; וועגען עפּעס אַ זעהר קלײנעם אָפּעראַ אַרטיסט, וועמען מען האָט גערופען אַלעקסאַנדער דער גרויסער; וועגען דער יונגער זינגערין, מיט וועלכער ער האָט שטודירט די ראָל פון מיכאַעלאַ, און וואָס איז געווען פאַרלאָבט מיט אַ בערלינער אַרצט; וועגען אַ טענאָר, וואָס איז שוין זיבען און צוואַנציג יאָהר אָפּגעווען אויף דער ביהנע און האָט שרעקליך געהאַסט וואַגנער׳ן.

דאן האָט ער גענומען רעדען וועגען זיינע אייגענע אויסזיכטען אין הינסטלערישער און מאַטעריעלער הינזיכט. ער וואָלט אָהן צווייפעל געקענט, בלייבענדיג אין קליינעם הויף טעאטער, פאַרנעמען א גוטע געזיכערטע שטעל. פון דער אנדער זייט, מוז מען א קלער טאָן, ווי געפעהרליך דאָס איז צו פאַרבינדען זיך אויף א צו לאַנגע צייט; די קאַריערע פון דעם אַלטען קאַפּעלמייסטער, וועגען וועמען ער האָט איהר דערצעהלט, איז געווען ניט נאָך זיין געשמאַק. אָבער עס פאַרשטעהט זיך... די טעמפּעראַמענטען זיינען פאַרשידען, און ער האָט פון זיין זייט זיך געהאַלטען פאַר געזיכערט קעגען אזא שיקזאַל.

אַנא האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף איהם און האָט ענדליך געזאָגט אין א גוטמוטיג־שפּאָטיש׳ען טאָן, ווי זי וואָלט גערעדט צו א קינד:

— ניין, ווי ער שטרענגט זיך דאָס אָן.

ער איז געווען ערשטוינט.

— וואָס הייסט דאָס, איך שטרענג זיך אָן?

— דו ביזט דאָך ניט פאַרפליכטעט, געאָרג, מיר צו געבען וועלכע ניט איז ערקלערונגען.

— ערקלערונגען? דו ביזט אָבער ווירקליך... איך גיב דיר ניט קיין ערקלערונגען, אַנא. איך באַשרייב דיר נאָר, ווי איך לעב, און מיט וואָס פאַר מענשען איך האָב צו טאָן... ווייל איך ע־לויב זיך צו האָפען, אז דאָס אַלץ אינטערעסירט דיך; איך האָב דיר דאָס דערצעהלט, ווי איך האָב דיר דערצעהלט, וואו איך בין געווען נעכטען און היינט.

זי האָט געשוויגען. און געאָרג האָט ווידער דערפיהלט, אז זי גלויבט איהם ניט, אז זי האָט א רעכט איהם ניט צו גלייבען, אפילו ווען פון זיינע ליפּען רייסט זיך צופעליג אַראָפּ א וואָרט אמת. אַלערליי ווערטער האָבען זיך איהם געדרעהט אויפ׳ן צונג, ווערטער פון ער־גערניש, צאָרן, צערטליכקייט, אָבער יעדעס וואָרט האָט איהם אויס־געוויזען ווערטלאָז און לער. ער האָט גאָרנישט געענטפערט, האָט זיך געזעצט צום פּיאַנינאָ און האָט שטיל גענומען אַקאָרדען. איצט האָט איהם ווידער אויסגעוויזען, אז ער ליעבט זי, נאָר ער קען דאָס איהר ניט זאָגען, און אז אָט די שעה פון ווידערזעהן נאָך א צושיידונג איז גאָר ניט אזא, ווען זי וואָלט געווען אויף אַן אנדער אָרט. ניט אין אָט דעם צימער, ניט אין אָט דער שטאָדט; אָם בעסטען וואָלט געווען

אויף אַן אָרט, וואָס איז זיי ביידען איינבאַקאַנט, אין אַ פֿרעמדער. נייער אומגעבונג. יע, דאַן אפשר וואָלט אַלץ ווידער געווען ווי פֿריהער. דאַן וואָלטען זיי זיך אפשר ווידער געוואָרפֿען אין די אָרעמס, ווי אַמאָל, אין בענקשאַפֿט און ליידענשאַפֿט. אַ געדאַנק איז איהם דורכגעלאָפֿען: „ווען איך וואָלט איהר איצט געזאָגט: „אננאַ! דריי טעג און דריי נעכט געהערען אונז!" ווען איך וואָלט זי געבעטען... מיט די ריכטיגע ווערטער... אויף די קניה... ווען איך וואָלט זי געבעטען... „קום מיט מיר, קום!..." זי וואָלט לאַנג ניט געקענט ווידערשטעהן! זי וואָלט מיט מיר געגאַנגען"... ער האָט דאָס געוואוסט. פֿאַרוואָס זשע האָט ער ניט געזאָגט די ריכטיגע ווערטער? פֿאַרוואָס האָט ער זי ניט געבעטען? פֿאַרוואָס האָט ער געשוויגען, פֿאַרוואָס איז ער געזעסען אָפּגעקעהרט צום פּיאַנינאָ און האָט שטיל גענומען אַקאָרדען?... פֿאַרוואָס?... פּלוצלונג האָט ער דערפֿיהלט אויף זיין קאָפּ איהר ווייכע האַנט. זיינע פֿינגער האָבען זיך שווער געלעגט אויף די קלאַוויאַטור, עפּעס אַן אַקאָרד האָט נאָך אַלץ געקלונגען. ער האָט ניט געוואַגט זיך אומצוקערען און האָט געפֿיהלט, אַז זי ווייס דאָס... אָבער וואָס ווייס זי?... איז דאָס דען אמת?... יע... דאָס איז אמת. און ער האָט געקלערט וועגען יענער שעה, נאָך דער געבורט פֿון זיין טויטען קינד, ווען ער איז געזעסען אויף איהר בעט, און זי איז שווייגענדיג געלעגען, איהר בליק געווענדט אין דעם באַשאָטענטען גאָרטען... שוין אין יענער שעה האָט זי געוואוסט, פֿריהער פֿון איהם, אַז אַלץ איז געענדיגט. און ער האָט אויפֿגעהויבען די הענט פֿון פּיאַנינאָ, האָט אַנגענומען איהרע הענט, וואָס זיינען נאָך אַלץ געלעגען אויף זיין קאָפּ, האָט זיי צוגעטראָגען צו זיינע באַקען און האָט זי צוגעצויגען אַזוי, אַז זי איז געווען גאָר נאָהנט צו איהם און האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזען אויף זיינע קניה. און אין אַ שרעקעדיגען טאָן האָט ער ווידער גענומען רעדען:

— אננאַ... אפשר... וואָלסטו זיך דאָך געקענט ענטשליסען... אפשר וואָלט מיר געלונגען... ווען איך וואָלט טעלעגראַפֿירט, צו פֿאַרלענגערען דעם אורלויב נאָך אויף עטליכע טעג. הער, אננאַ... דאָס וואָלט דאָך געווען אַזוי גוט...

ערגעץ טיף אין זיין נשמה האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ נייער געדאַנק: עס וואָלט ווירקליך געווען גוט אָוועקצופֿאָהרען מיט איהר אויף עטליכע טעג און דאַן איהר עהרליך זאָגען: „אַלץ איז געענדיגט,

אנא! אָבער זאָל דער סוף פון אונזער ליעבע זיין שעהן, ווי איהר־אָנהויב איז געווען שעהן... ניט מאַט און טרויעריג, ווי איצט אין דעם הויז פון דיינע עלטערען"... „ווען איך וואָלט דאָס איהר עהרליך געזאָגט... ערגעץ אין דאָרף... וואָלט דאָס דען ניט געווען ווירדיגער אי פאַר איהר, אי פאַר מיר, אי פאַר אונזער פאַרגאַנגענעם גליק?" און קלערענדיג אַזוי, איז ער געוואָרען צודרינגליכער, וואגענדער, כמעט לייד ענשאַפטליך... זיינע ווערטער האָבען ווידער געקלונגען, ווי אַמאָל, לאַנג, לאַנג צוריק...

זיצענדיג אויף זיינע קניה און ארומנעמענדיג מיט די הענט זיין האַלז, האָט זי שטיל געענטפערט:

— נאָכאַמאָל, געאָרג, וועל איך דאָס ניט קענען איבערטראָגען.

ער וואָלט איהר געקענט זאָגען איין וואָרט, וואָס וואָלט באַלד פאַרטריבען איהר גאַנצען שרעק. אָבער ער האָט דאָס וואָרט צוריק־געהאַלטען. ווייל ארויסגעזאָגט וואָלט דאָס דאָך געמיינט, אַז ער וויל ווירקליך ווידער דורכלעבען מיט איהר עטליכע שעה'ן פון לוסט, אָבער ער איז ניט געניינגט צו נעמען אויף זיך אַ וועלכע עס איז פאַרפליכטונג. ער האָט געפיהלט, אַז עס איז פאַראַן איין מיטעל ניט צו באַליידיגען זי. דאָס איז זאָגען: „ביזט מיינע אויף אייביג! דו זאָלסט האָבען פון מיר אַ קינד. אויף ווייהנאַכטען, שפּעטסטענס אויף פסח וועל איך דיך נעמען צו זיך, און מיר וועלען זיך שוין קיינמאָל מעהר ניט צו־שיידען". ער האָט געפיהלט, ווי זי האָט מיט דעם לעצטען שטראַל פון האָפנונג געוואַרט אויף אָט די ווערטער, אַליין כמעט ניט גלויבענדיג, אַז ער וועט זיי ארויסברענגען. אָבער ער האָט געשוויגען. ווען ער וואָלט געזאָגט דאָס, וואָס זי האָט אַזוי ליידענשאַפטליך ערוואַרט, וואָלט ער זיך ווידער פאַרבונדען, און איצט האָט ער געוואוסט, און אַזוי טיף, ווי נאָך קיינמאָל ניט פריהער, אַז ער וויל זיין פריי.

זי איז נאָך אַ'ן געזעסען ביי איהם אויף די קניה, איהר באַק אויף זיין געזיכט; זיי האָבען לאַנג געשוויגען און געוואוסט, אַז דאָס איז געווען דער אָפּשיד...

ענדליך האָט געאָרג געזאָגט ענטשלאָסען:

— אויב דו ווילסט ניט פאָהרען מיט מיר, אנא, וועל איך אוועק־פאָהרען גלייך צוריק נאָך מאָרגען. און מיר וועלען זיך זעהן ווידער ערשט אין פריהלינג. ביז יענער צייט וועלען מיר ווידער מוזען זיך

צופרידענשטעלען מיט בריף. מעגליך אויף ווייהנאכטען, איינ ראט וועט זיין מעגליך...

זי איז אויפגעשטאנען און האט זיך אנגעשפארט אויפ׳ן פיאנינא.

— איז דען נאך אלעמען ניט בעסער, אז מיר וועלען זיך זעהן ערשט נאך פסח?

— פארוואס בעסער?

— ווייל צו יענער צייט וועט אלץ ווערען נאך קלערער.

ער האט זי ניט געוואלט פארשטעהן.

— דו רעדסט וועגען דעם קאנטראקט? אבער מען וועט דארפען ענטשיידען שוין נעקסטע וואך. זיי ווילען דאך וויסען באשטימט. פון דער אנדער זייט, ווען איך וועל אפילו אונטערשרייבען אויף דריי יאהר, און איך וועל באקומען נייע שאנסען, וועלען זיי דאך מיך ניט האלטען קעגען מיין ווילען. אבער ביז איצט האט מיר ווירקליך אויסגעוויזען, אז מיין זיין אין דער קליינער שטאדט איז פאר מיר זעהר וויכטיג. נאך קיינמאל האב איך ניט געקענט ארבייטען אזוי קאנצענטרירט, ווי דארט. האב איך דען דיר ניט געשריבען, אז איך פלעג אמאל אפזיצען אין טעאטער ביים שרייבטיש ביז דריי אזייגער ביינאכט. און אכט אזייגער פלעג איך שוין אויפשטעהן, אויסגעשלאפען און פריש!

זי האט נאך אלץ געקוקט אויף איהם מיט א בליק, וואס איז צו דערזעלבער צייט געווען אי טרויעריג, אי גוטמוטיג, און אין וועלכען ער האט געלעזען אומצוטרוי. אבער אמאל האט זי דאך אין איהם געגלויבט! ווי צוטרויליך און צארט זי האט איהם געזאגט אין דער האלב טונקעלקייט פון דער קירך: „איך וויל בעטען גאט, אז פון דיר זאל ארויסקומען א גרויסער קינסטלער“. ווידער האט איהם אויסגעוויזען, אז זי האט אויפגעהערט צו האלטען פון איהם אזוי פיעל ווי פריהער. ער האט זיך דערפיהלט באאונרוהיגט און האט זי געפרעגט:

— דו וועסט דאך ערלויבען צו שיקען דיר מיין וויאלין סאנאטא, ווי נאר זי וועט זיין פארטיג? דו ווייסט דאך, אויף קיינעמס אורטייל פארלאז איך זיך ניט אזוי פיעל, ווי אויף דיינעם.

און ער האט געקלערט: „ווען איך וואלט זי געקענט אנהאלטען

ווי א פריינדין... אָדער ווידער געווינען... ווי א פריינדין... איז דאָס מעגליך?"

זי האָט געזאָגט:

— דו האָסט מיר אויסערדעם געשריבען וועגען איינינע פאַנטאַזיען פאַר קלאַוויר.

— דאָס איז אמת. אָבער זיי זיינען נאָך ניט אינגאַנצען פאַרטיג. אָבער איך האָב אַן אַנדער זאַך, וואָס איך... וואָס איך... — איהם איז אַליין איינגעקומען נאַריש, וואָס ער האָט מורא דאָס ארויסצוזאָגען, — האָב קאָמפּאָנירט דעם זומער אויף דעם לאַנדזעע, וואו די אָרימע פרוי, היינריכ'ס געליעבטע, האָט זיך דערטרונקען. קען איך... איך וועל דאָס דיר פאָרשפּיעלען זעהר שטיל, ווילסט?

זי האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט פאַרמאַכט די טיר. און ווען ער האָט אָנגעהויבען, איז זי געשטאַנען הינטער איהם, ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט...

און ער האָט געשפּיעלט. ער האָט געשפּיעלט די קליינע, ליידענשאַפטליך־טרויעריגע זאַך, וואָס ער האָט קאָמפּאָנירט אויף זיין לאַנדזעע, ווען ער האָט אינגאַנצען פאַרגעסען אָן אַנאַ'ן און דאָס קינד. ער האָט זיך דערפילט זעהר ערלייכטערט, וואָס ער קען דאָס איהר פאָרשפּיעלען. זי מוז דאָך פאַרשטעהן, וואָס די טענער רעדען צו איהר. עס איז דאָך ניט מעגליך, אַז זי זאָל ניט פאַרשטעהן. ער האָט זיך אַליין געהערט אין די טענער. איהם האָט אפילו אויסגעוויזען, אַז ער האָט נאָך איצט פאַרשטאַנען זיך אַליין... „אַדיע, געליעבטע, אַדיע! שעהן איז דאָס געווען, און איצט איז דאָס געענדיגט... אַדיע, געליעבטע... וואָס איז אונז באַשערט געווען דורכצולעבען צוזאַמען, האָבען מיר דורכגעלעבט. און וואָס עס זאָל איצט ניט קומען, פאַר דיר און פאַר מיר, וועלען מיר איינער דעם אַנדערען ניט פאַרגעסען. איצט געהט מיין לעבען אויף אַן אַנדער וועג... און דיינס אויך. דאָס מוז זיין געענדיגט. איך האָב דיך געליעבט. איך קוש דיינע אויגען... איך דאַנק דיר, די גוטע, מילדע, שווייגענדע. אַדיע, געליעבטע.... אַדיע..." די טענער האָבען פאַרקלונגען. ער האָט ניט אויפגעהויבען זיין בליק פון דער קלאַוויאַטור, ווען ער האָט געשפּיעלט; איצט האָט ער זיך לאַנגזאַם אומגעקערט צו איהר. אַן ערנסטע, מיט לייכט צי־

טערענדע ליפּען, איז זי געשטאַנען הינטער איהם. ער האָט אָנגעכאַפּט איהרע הענט און זיי געקושט.

— אַנאַ... אַנאַ!... — האָט ער אויסגערופען. ער האָט געפיהלט, ווי זיין האַרץ וועט איהם באַלד פּלאַצען.

— פאַרגעס מיך ניט אינגאַנצען, — האָט זי שטיל געזאָגט.

— איך וועל דיר שרייבען באַלד נאָך מיין אָנקומען אַהין.

זי האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— און דו אויך, אַנאַ... און אַלץ... פאַרשטעהסט?

זי האָט ווידער צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— און... און... מאָרגען אין דער פריה וועל איך דיך ווידער זעהן.

זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין. ער האָט געוואָלט עפּעס ענטפערען, ווי פאַרוואונדערט, ווי עס וואָלט דאָך געווען זעלבסט פאַרשטענדליך, אַז ער מוז זי זעהן נאָך איין מאָל פאַר'ן אָפּפאָהרען. זי האָט לייכט אויפגעהויבען די האַנט, ווי בעטענדיג איהם, ער זאָל שווייגען. ער איז אויפגעשטאַנען, האָט זי צוגעדריקט צו זיך, א קוש געטאָן איהרע ליפּען, וואָס זיינען געבליבען קאַלט און האָבען ניט גע-ענטפערט אויף זיין קוש, און איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער. זי איז געבליבען שטעהן אויף איהר אָרט, מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט, צוגע-מאַכטע אויגען... ער איז האַסטיג אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ. אונטען אין גאַס האָט ער פּלוצלונג דערפיהלט, אַז ער מוז נאָכאַמאָל אַרויפגעהן און איהר זאָגען: „דאָס איז דאָך אַלץ ניט אמת! דאָס איז ניט דער אָפּשיד. איך ליעב דאָך דיך. איך בין דיינער. דאָס קען דאָך ניט זיין דער סוף!...“

אָבער ער האָט געפיהלט, אַז ער קען דאָס ניט טאָן. ניט איצט. אפשר מאָרגען. פון היינט אָוועגט ביז מאָרגען אין דער פריה וועט זי פון איהם ניט פאַרשווינדען... און ער האָט גענומען איילענדיג געהן אַהן א ציעל דורך די לערע גאַסען, ווי לייכט באַרוישט פון פיין און פון פרייהייט. איהם האָט געפרעהט, וואָס ער האָט מיט קיינעם ניט אָפּגערעדט צו טרעפען זיך און האָט געקענט בלייבען אַליין. ערגעץ הינטער דער שטאָדט, אין א נידריגען, אַלטען, פאַררויכערטען רעסטאָ-ראַן, וואו ביי די דערבייאיגע טישען זיינען געזעסען מענשען פון אַן אַנדער וועלט, האָט ער אין שטילען ווינקעל געגעסען זיין אָוועגט-ברויט, און איהם האָט אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט געווען אין א פרעמ-

דער שטאָדט: איינזאַם, אביסעל שטאָלץ מיט זיין איינזאַמקייט און אביסעל דערשראָקען פון זיין שטאָלץ...

אויף מאָרגען ארום מיטאָגצייט איז געאָרג געגאַנגען מיט היינ־ריכ'ן דורך די אַלעען פון דאָרנבאַכער פּארק. די לופט ארום זיי איז געוועזן שווער אָנגעפּילט מיט א דינעם נעבעל, די דורכגענעצטע בלע־טער האָבען גערוישט און געגליטשט אונטער די פיס, און פון צווישען די בוימער האָט דורכגעלויכטען דערזעלביגער וועג, אויף וועלכען זיי זיינען מיט א יאָהר צוריק געגאַנגען אַנטקעגען די רויטליך־געלע בערג־לאַך. די צווייגען האָבען זיך ניט געריהרט, ווי צוגעדריקט פון דער ווייטער היץ פון דער זון, וואָס איז געווען באַהאַלטען הינטער דעם גרויען פאָרהאַנג.

היינריך האָט געהאַלטען אין דערצעהלען דעם סוף פון זיין דראַמאַ, וואָס איז איהם נעכטען איינגעפאַלען. עגידיוס איז צוגעקומען צום אינזעל, גרייט נאָך א וואָך פּאָהרען אַנטקעגען דעם טויט זיך אונטער־צוגעבען זיין שיקזאַל, וואָס איז איהם פאָראויס אָנגעזאָגט געוואָרען. דער פירשט שענקט איהם דאָס לעבען; עגידיוס נעמט ניט אָן זיין געשאַנק און וואַרפט זיך אראָפּ פון א פעלז אין ים.

געאָרג איז ניט געווען צופרידען.

— פאַרוואָס מוז עגידיוס שטאַרבען?

איהם איז דאָס אויסגעקומען אומנאַטירליך.

היינריך האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס מען דאַרף דאָ נאָך ער־קלערען.

— ווי אַזוי קען ער דען בלייבען לעבען? — האָט ער אויסגע־רופען. — ער איז געווען פאַראורטיילט צום טויט. מיט דעם אייביגען געדאַנק וועגען דעם סוף איז ער געווען דער אומבאַגרענצטער הערשער אויפ'ן שיף, דער געליעבטער פון דער פּרינצעסין, דער פריינד פון די ווייזע, די זינגער, די אַסטראָלאָגען; מיט דערזעלביגער זיכערהייט אין דער נאָהנטקייט פון סוף האָט ער דורכגעלעבט די שעהנסטע טעג, וואָס זיינען ווען עס איז אויסגעפאַלען אויף א מענשענס שיקזאַל. אָט דאָס גאַנצע רייכטום וואָלט, אַזוי צו זאָגען, פאַרלאָרען יעדען זין, די הויכע און ווירדיגע ערוואַרטונג פון דעם לעצטען אויגענבליק וואָלט גע־מוזט זיך פאַרוואַנדלען אין עגידיוס'עס עראינערונג אין א לעבערליכען

שרעק פאר׳ן טויט, ווען די גאנצע רייזע אנטקעגען טויט זאל זיך ארויס־שטעלען ווי א בילינער וויץ. דעריבער מוז ער שטארבען.

— און איהר האלט דאס פאר ווארשיינליך? — האט נע־פרעגט נעארג מיט נאך א שטארקערען צווייפעל, ווי פריהער. — איך — ניט, איך קען מיר ניט העלפען.

—דאס מאכט ניט אויס, — האט היינריך געענטפערט. — ווען אייך וואלט דאס שוין איצט אויסגעוויזען ווי א וואר־שיינליכקייט, וואלט געוועזן צו לייכט צו שרייבען. אבער ווען די לעצטע זילבע פון מיין דראמא וועט אויפגעשריבען ווערען, וועט דאס שוין זיין ווארשיינליך. אדער...

ער האט מעהר גארנישט געזאגט. זיי האבען זיך אראפגעלאזען אויף א לאנקע, און באלד האט זיך ביי זייערע פיס אויסגעשפרייט א גוט בעקאנטער טאל. רעכטס, אויף דער זייט פון בערגעל, האט געשימערט דער וועג פון די זומערדיגע לאנקעס. אויף דער אנ־דערער זייט, הארט ביים וואלד, האט זיך געזעהן דער געל געפארב־טער גאסט־הויף מיט דער רויטער הילצערנער טעראסע, און ניט ווייט פון איהר — דאס קליינע הויז מיט דעם טונקעל־גרויען פראנ־טאן. אין דעם אונזיכערען נעבעל האט זיך געפיהלט די שטאדט, נאך ווייטער האט זיך דער טאל געהויבען ארויף, און גאר ווייט האבען געשימערט די בלייכע ליניען פון די בערג. איצט איז גע־בליבען דורכצוגעהן א ברייטען שאסע, און א פעלד האט געפיהרט פארביי לאנקעס און פעלדער אראב־צו. ווייט אפגערוקט צו ביידע זייטען איז געשטאנען דער וואלד.

געארג האט געהאט א פארגעפיהל פון דער בענקשאפט, וואס וועט ערוואכען אין איהם, אפשר איבער א יאהר, אפשר מארגען, נאך אט דעם פעיזאזש, וואס האט אויפגעהערט צו זיין זיין היימאט.

ענדליך האבען זיי זיך אפגעשטעלט ביים קליינעם הויז מיט דעם פראנטאן, אויף וועלכען געארג האט געוואלט א קוק טאן צום לעצטען מאל. טיר און פענסטער זיינען געוועזן פארשלאגען מיט ברעטער; באוויינטיגט און ווי אלט געווארען פאר דער צייט, איז עס געשטאנען און האט גארנישט געוואלט וויסען וועגען דער וועלט.

— נו, איצט דארף מען זיך זעגענען, — האט געארג געזאגט אין א לייכטען טאן.

זיין בליק איז געפאלן אויף די ליימענע פיגור צווישן די אפּ־געבליהטע בייטן.

— קאמיש, — האט ער געזאגט, — וואס איך האב אלעמאל אנגענומען אט דעם בלויען אינגעל פאר א מלאך. דאס הייסט, איך האב איהם, אייגענטליך, אזוי גערופען; ווייל איך האב אלעמאל גע־וואוסט, ווי ער זעהט אויס, האב געוואוסט, אז דאס איז א אינגעל מיט לאקען, א בארוויסער, אין א רעקעל און א גארטעל.

— און אין א יאהר ארום, — האט היינריך געזאגט, — וואלט איהר געקענט שווערען, אז דער בלויער אינגעל האט געהאט פליגלען.

געארג האט געווארפען א בליק ארויף צו דער מאנסארדע. איהם האט זיך געדוכט, אז אט־אט וועט ווער עס איז ארויסקומען אויף'ן באלקאן. אפשר לאבינסקי, וואס האט זיך שוין מעהר ניט געוויזען פון יענעם חלום אן? אדער ער אליין, געארג ווערגענטין פון אמאל, געארג פון דער זומערדינגער צייט, וואס האט דארט אויבען געוואוינט? נארישע געדאנקען! אן ענטטוישטער האט געארג זיך אפּגערוקט.

— קומט, — האט ער געזאגט צו היינריכ'ן. זיי זיינען געגאנגען אויף דער גאס צום וועג פון די זומערדינגע לאנקעס.

— ווי ווארים דאס איז געווארען! — האט געזאגט היינריך, האט אראפּגענומען דעם מאנטעל און פון געוואוינהייט איהם אריבער־געווארפען איבער'ן אקסעל.

אין געארג'ס נשמה איז נאר געווען עפּעס א לערע, אביסעל טרו־קענע עראינערונג. ער האט זיך אומגעקערט צו היינריך'ן:

— איך וועל דאס אייך בעסער איצט זאגען. ביי מיר מיט אנא'ן איז אליץ געענדיגט.

היינריך האט שנעל א קוק געטאן אויף איהם פון דער זייט. ער איז ניט געווען באזונדערס שטארק איבערראשט.

— אבער, — האט אין א שוואכען פארזוך צו שפּאסען צוגע־געבען געארג, — איך בעט אייך זעהר ניט קלערען דערביי וועגען דעם אינגעל, וואס איז עהנליך צו א מלאך.

היינריך האט ערנסט געשאקעלט מיט'ן קאפּ.

— א דאנק. די פאבעל וועגען דעם בלויען מלאך קענט איהר ווידמען נירענבערגער'ן.

— ער איז דאך ווידער גערעכט, — האט געזאגט געארג.

— ער איז אַלעמאָל נערעכט, ליעבער געאָרג. מען קען זיך דאָך קיינמאָל ניט אָפּנאַרען, ווען מען גלייבט ניט קיין זאַך אויף דער וועלט, אַפּילו ניט דעם אייגענעם אונצוטרוי. אפילו ווען איהר וואָלט געהייראַט מיט אַנאַ'ן, וואָלט ער אויך געווען גערעכט... אָדער, ווענינגסטענס, אַזוי וואָלט אייך אויסגעוויזען. יעדענפאַלס גלייב איך... איהר וועט מיר דאָס ערלויבען אַרויסצוזאָגען?... גוט, וואָס דאָס האָט זיך געענדיגט.

— גוט? פאַר מיר געוויס, — האָט געענטפערט געאָרג מיט אַבּויכטליכער שאַרפקייט, ווי ניט האָבענדיג דעם מינדסטען פאַרלאַנג שעהנער אַרויסצושטעלען זיין האַנדלונג. — אין אייער זין, הייגריך, איז דאָס אפשר געווען מיין פליכט צו זיך אליין צו מאַכען אַ סוף.

— אויסערדעם איז דאָס נאָך געווען אייער פליכט צו אַנאַ'ן.

— נו, דאָס בלייבט נאָך צו זעהן. ווער ווייס, צי איך האָב זי ניט אַראָפּגעפיהרט פון איהר וועג.

— פון איהר וועג?

— איהר געדענקט, לעאָ גאַלאַווסקי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אַנאַ'ן איז בעשערט צו ענדיגען אין בירגערליכקייט.

— איהר מיינט, געאָרג, אַז איהר הייראַט מיט אייך וואָלט געווען עפּעס בירגערליכם? אַנאַ איז אפשר באַשאַפען געוואָרען צו ווערען אייער געליעבטע, ניט אייער פרוי. ווער ווייס, אפשר וועט דער, וואָס וועט ווען עס איז הייראַטען מיט איהר, האָבען אַלע גרונדען צו זיין אייך דאַנקבאַר, ווען די מענער וואָלטען נאָר ניט געווען אַזוי שרעקליך נאַריש. ריינע עראינערונגען בלייבען ביי מענשען נאָר דאַן, ווען זיי האָבען עפּעס איבערגעלעבט. ביי פרויען, פונקט ווי ביי אונז.

זיי זיינען ווייטער געגאַנגען אויפ'ן וועג פון די זומערדינגע לאַנ־קעס אין דער ריכטונג פון שטאָדט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם גרויען נעבעל, און האָבען זיך דערנעהנטערט צום בית עולם.

— איז פאַראַן עפּעס אַ זין, — האָט געאָרג אונטערשלאָסען געפרעגט, — צו געהן אויפ'ן קבר פון אַ באַשעפעניש, וואָס האָט קיינמאָל ניט געלעבט?

— דאָרט ליגט אייער קינד?

געאָרג האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. זיין קינד! ווי זאָנדערבאַר דאָס וואָרט האָט אַלעמאָל געקלונגען!

זיי זיינען געגאנגען אין דער לענג פון דעם ברוינעם היל־צערנעם פלויט, פון איבער וועלכען עס האבען זיך געזעהן דענקמאלען און צלמים, צום אריינגאנג ביי דער נידריגער ציגעלנער וואנט. א וועכ־טער, וועמען זיי האבען אנגעפרעגט, האט זיי געוויזען אויפ'ן מי־טעלסטען וועג, וואס איז געווען באפלאנצט מיט ווערבעס. אויף א לאנקע, הארט ביים פארקאן, אויף נידריגע, ווי צום שפיעל אויפגע־ווארפענע בערגלאך, האבען אין א רייה געשטעקט אין דער ערד אוואלע ברעטלאך, יעדעס מיט צוויי קורצע פיסלאך. דאס בערגעל, וואס געאָרג האט געזוכט, איז געווען אינמיטען לאנקע. טונקעל רויטע רויזען זיינען אויף איהם געלעגען. געאָרג האט זיי דערקענט. זיין הארץ האט אויפגעהערט קלאפען.

„ווי גוט דאס איז, האט ער געקלערט, וואס מיר האבען זיך דא ניט באגעגענט. האט זי אפשר אויף דעם געהאפט?“

— דארט, וואו די רויזען ליגען? — האט היינריך געפרעגט.

געאָרג האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

זיי זיינען א ווײלע געשטאנען און געשוויגען.

— ניט אמת, — האט היינריך דאן געפרעגט, — וועגען דער מעגליכקייט פון אזא אויסגאנג האט איהר פאר דער גאנצער צייט קיינמאל ניט געקלערט?

— קיינמאל ניט? איך וויים ניט. אלערליי מעגליכקייטען קומען דאך אויפ'ן זין. אבער ערנסט האב איך, נאטירליך, קיינמאל וועגען דעם ניט געקלערט. און צוליעב וואס װאלט איך דאס גע־קלערט?

ער האט איצט שוין ניט צום ערשטען מאל דערצעהלט היינריך'ן, ווי דער פראפעסאר האט ערקלערט דעם טויט פון דעם קינד. דאס איז געווען אן אונגליקספאל, פון וועלכען עס קומען אום פון איינעם ביז צוויי פראצענט פון די נייגעבארענע. פארוואס אזא פאל האט גראד דא געמוזט זיין, דאס, פארשטעהט זיך, האט דער פראפעסאר ניט געקענט זאגען. אבער איז דען ניט צופאל נאר א ווארט? האט דען דער צופאל אויך ניט זיינע אורזאכען?...

היינריך האט געצווינגען מיט די אקסלען.

— נאטירליך... איין אורזאך קומט נאך דער אנדערער, און דער לעצטער גרונד איז אין דער ערשטער אורזאך. מיר װאלטען, נא־

טירליך, געקענט שטערן די אזוי גערופענע ציפאלען, ווען מיר וואלטען געוועז מעהר ווייטזיכטיג, וויסענד און מעכטיג. ווער ווייס, צי מען וואלט אין א געוויסען מאמענט ניט געקענט אפווענדען דעם טויט פון אייער קינד?

— און דאס איז אפשר געווען אין מיין מאכט? — האט געארג לאנגזאם געזאגט.

— דאס פערשטעה איך ניט. זיינען דען געווען עפעס ציי־כענס, אדער...

געארג איז געשטאנען, קוקענדיג מיט א שטארען בליק אויף דאס קליינע בערגעל.

— איך האב איך געוואלט עפעס פרעגען, היינריך, אבער לאכט מיך ניט אויס. האלט איהר דאס פאר מעגליך, אז א ניט געבארען קינד זאל שטארבען פון דעם, וואס מען וויל עס ניט האבען אזוי ליידענשאפטליך, ווי מען וואלט געדארפט, דאס הייסט, פון וועניג ליעבע?

היינריך האט איהם ארויפגעלייגט די האנט אויפ׳ן אקסעל.

— געארג, ווי זייט איהר, אזא פארנינפטיגער מענש, דערגאנגען צו אזעלכע מעטאפיזישע פאנטאזיען?

— רופט דאס אן ווי איהר ווילט, מעטאפיזישע פאנטאזיען אדער איינפאך נארישקייטען, אבער פון א געוויסער צייט אן קען איך זיך ניט באפרייען פון דעם געדאנק, אז טיילווייז בין איך אליין שולדיג אין אט דעם אויסגאנג.

— איהר?

— ווען איך האב פריהער געזאגט, אז איך האב ניט גענוג ליידענשאפטליך געוואלט האבען דאס קינד, האב איך זיך אויסגע־דריקט ניט ריכטיג. דער אמת איז, אז איך האב די לעצטע צייט פאר זיין געבורט גאר אן איהם פארגעסען. אנדערש קען איך דאס ניט אנרופען. איך האב, פארשטעהט זיך, געוואוסט, וואס מיר איז פארגעשטאנען, אבער דאס האט, אזוי צו זאגען, מיך ניט אנגעריהרט. נאר אפט, און באזונדערס זומער, אויפ׳ן לאנדזיץ, אויף מיין לאנד־זעע, ווי איהר רופט עס... דארט בין איך ווי... איך האב דארט איינ־פאך פארגעסען, אז ביי מיר דארף געבארען ווערען א קינד.

— מען האט מיר עפעס דערצעהלט, — האט געזאגט היינריך.

גנעארג האט א קוק געטאן אויף איהם.

— נו, ווייסט איהר, וואס איך מיין. איך בין געווען עפעס אזוי אונהיימליך ווייט ניט נאר פון מיין קינד, וואס איז נאך ניט געבא־רען געווארען, נאר אויך פון דער מוטער. ביים בעסטען ווילען וואלט איך אייך אפילו ניט געקענט ערקלערען דאס זאנדערבארע געפיהל פון פרעמדקייט. איך קען דאס איצט אליין ניט בעגרייפען. און עס זיינען פאראן מאמענטען, ווען איך קען זיך ניט באפרייען פון דעם געדאנק, אז צווישען יענעם פערגעסען און דעם טויט פון מיין קינד איז פאראן עפעס א צוזאמענהאנג. און איהר האלט דאס פאר גאר אוממעגליך?

אויף היינריך'ס שטערן האבען זיך באוויזען טיפע קנייטשען.

— גאר אוממעגליך, דאס קען מען ניט זאגען. די ווארצלען פון אלץ געהען אזוי טיף, אז אפטמאל קען מען צו זיי ניט דערגעהן. יע, אפשר איז אזא צוזאמענהאנג מעגליך. אבער יעדענפאלס... ניט פאר אייך, גנעארג! פאר אייך האבען אזעלכע צוזאמענהאנגען קיין באדיי־טונג ניט, אפילו ווען זיי עקזיסטירען.

— פארוואס?

דער גאנצער איינפאל, וואס איהר האט דא ארויסגעזאגט, פאסט ניט צו אייך. ער קומט ניט פון אייער נשמה. קיינמאל אין לעבען וואלט אייך אזא זאך ניט געקומען אייפ'ן זין, ווען איהר וואלט זיך ניט געזעהן אפט מיט אזא מענשען, ווי איך, און ווען איהר וואלט אמאל ניט געהאט די געוואוינהייט צו דענקען ניט אייערע געדאנקען, נאר די געדאנקען פון מענשען, וואס זיינען שטארקער, אדער אפילו שוואכער פון אייך. און איך פארזיכער אייך: וואס איהר זאלט ־ארט ניט האבען דורכגעלעבט אויפ'ן לאנדזועע, אויף אייער... לאנד־יעע... האט איהר מיט דעם אויף זיך קיין אזוי גערופענע שולד ניט גענומען. ביי אן אנדער מענשען וואלט דאס אפשר געווען א שולד. אבער ביי אייך, א מענשען, וואס איז פון דער נאטור, — איהר וועט מיר מוזען מוחל זיין, — געניג לייכטזיניג און אביסעל געוויסענלאז, איז דאס קיין שולד, נאטירליך, ניט געווען. ווייסט איהר וואס? איהר פיהלט זיך, אייגענטליך, גאר ניט שולדיג; דאס אומאנגענעמע געפיהל, וואס איהר האט איצט, קומט נאר פון דעם, וואס איהר האלט פאר אייער פליכט צו פיהלען זיך שולדיג. זעהט איהר, ווען איך

וואָלט איבערגעלעבט עפּעס עהנליכס צו אייער אוואַנטור, וואָלט איך אפשר געווען שולדיג, ווייל איך וואָלט זיך אפשר ווירקליך געפיהלט שולדיג.

— איז וואָלט איהר, היינריך, זיך געפיהלט שולדיג אויף מיין אָרט?

— און אפשר ניט. ווער ווייס? איהר קלערט מסתמא וועגען דעם, וואָס איך האָב דאָ ניט לאַנג דירעקט געטריבען אַ מענשען צום טויט און דאָך פיהל איך זיך, אזוי צו זאָגען, ניט שולדיג?

— יע, וועגען דעם האָב איך געקלערט. און דעריבער פאַרשטעה איך ניט...

היינריך האָט אַ ציה געטאָן מיט די אַקסלען.

„— יע, איך האָב זיך געפיהלט ניט שולדיג. ערגעץ דאָרט אין דער נשמה האָב איך זיך געפיהלט שולדיג... און דאַן נאָך טיפער — אונשולדיג; אַלעמאָל הענגט אַלץ אָפּ פון דעם, ווי טיף מיר קוקען אין זיך אריין. און ווען ליכט זאָל אָנגעצונדען ווערען מיט אמאָל אין אַלע עטאַזשען, זיינען מיר דאָך אַלץ מיט אמאָל: שולדיג און אומשולדיג, פייגלינגען און העלדען, נאַרען און חכמים... „מיר" — דאָס איז שוין אפשר אַ צו אַלגעמיינער אויסדרוק. ביי אייך, צום ביישפּיעל, געאָרג, קומט דאָס אַלץ פאַר אַ סך איינפאַכער, וועניגסטענס דאַן, ווען אויף אייך ווירקט ניט די אַטמאָספער, מיט וועלכער איך רינגעל אייך ציימענוועיז ארום. און דעריבער לעבט זיך אייך בעסער ווי מיר. אַ סך בעסער. אין מיין נשמה איז דאָך שרעקליך. האָט איהר דאָס נאָך ניט באַמערקט? וואָס קומט מיר, נאָך אַלעמען, ארויס פון דעם, וואָס אַלע עטאַזשען ביי מיר זיינען באַלויכטען? וואָס קען מיר העלפען מיין וויסען און פאַרשטעהן די מענשען, מיין שאַרפע דורכדרינגליכקייט? גאָרנישט... וועניגער ווי גאָרנישט. אייגענטליך וואָלט איך נאָר איין זאַך געוואָלט, געאָרג, — אַז דער גאַנצער שרעק פון דער לעצטער צייט זאָל זיך ארויסשטעלען ווי אַ בייזער חלום. איך שווער אייך, געאָרג, איך וואָלט פאַר דעם אָפּגעגעבען מיין גאַנצע צוקונפט און אַלץ, וואָס איהר ווילט, ווען דאָס געשעהענע זאָל קענען ווערען דאָס ניט געשעהענע. אָבער ווען דאָס אַלץ וואָלט אפילו ניט געשעהן, וואָלט איך אַלץ וואַרשיינליך געווען פונקט אזוי עלענד, ווי איצט.

זיין געזיכט האָט זיך אַזוי צוקרימט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַ געשריי טאָן. באַלד אָבער איז ער ווידער געוואָרען אומבאַוועגליך, שטאַר, גרוי, ווי אויסגעלאָשען. און ער האָט געזאָגט:

— גלויבט מיר, געאָרג, עס זיינען פאַראַן מינוטען, ווען איך בין מקנא די מענשען, וואָס האָבען די אַזוי גערופענע „וועלטאַנשוי־אונג". און איך, ווען איך וויל האָבען אַ וואַויל איינגעאָרדענטע וועלט, מוז איך זי ערשט אַליין באַשאַפען. דאָס איז זעהר אָנשטרענגענד פאַר וועמען ניט איז, וואָס איז ניט דער ליעבער גאָט אַליין.

ער האָט שווער אָפּגעזיפצט. געאָרג האָט איהם ניט געענטפערט. ער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט איהם אונטער די ווערבעס צום אַרויס־גאַנג. ער האָט געוואוסט, אַז אָט דעם מענשען קען מען מיט קיין זאַך ניט העלפען. ווען עס איז איהם שוין בעשערט צו פאַלען פון דעם הויכען טורעם, אויף וועלכען ער וועט זיך אַרויפדרעהען אויף זיינע ספּיראַלען, אַראָפּ אין אָפּגרונט; און דאָס וועט זיין זיין סוף. געאָרג אָבער האָט זיך געפיהלט גוט און פריי. ער האָט בעשלאָסען אויסצונוצען די דריי טעג, וואָס זיינען איהם געבליבען, אַזוי פאַר־נינפטיג, ווי נאָר מעגליך. דאָס בעסטע, פאַרשטעהט זיך, וואָלט געווען צו זיין אַליין ערגעץ־וואו אין אַ שעהנעם, שטילען ווינקעל אויפ'ן לאַנד, וואו ער וואָלט געקענט זיך אויסרוהען און צוגרייטען צו נייער אַרבייט. דעם מאַנוסקריפּט פון דער וויאָלין סאָנאַטע האָט ער מיטגענומען אין וויען. דאָס האָט ער געוואָלט ענדיגען פריהער פון אַלץ.

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון טויער און האָבען זיך אָפּגעשטעלט אייפ'ן וועג. געאָרג האָט זיך אומגעקוקט, אָבער די וואַנט פון דעם בית עולם האָט אָפּגעשטעלט זיין בליק. ערשט עטליכע טריט ווייטער האָט זיך געעפענט אַן אויסזיכט טיף אין טאָל. אָבער איצט האָט ער שוין נעקענט נאָר טרעפען, וואו דאָס קליינע הויז מיט דעם גרויען פראָנטאָן געפינט זיך. פון דאַנען האָט מען שוין ניט געזעהן. איבער די רויט־געלע בערגלאַך, וואָס האָבען אָפּגעשלאָסען דעם טאָל, איז אַראָפּגעזונקען דער הימעל אין מאַטען הערבסט־שיין. אין געאָרג'ס נשמה האָט געציטערט אַ מילדער אָבשיד מיט דעם גליק און די ליי־דען, וואָס זיינען פאַר איהם פאַרגאַנגען אין אָט דעם טאָל, וועלכען

ער פארלאָזט איצט אויף א לאנגע צייט; און צו דערזעלבער צייט האָבען איהם נעקלונגען גרוסען פון די אומבאקאנטע טעג, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון דער ווייט אנטקעגען זיין יוגענד.

סוף.

